

מאשע פעלדמאן

# דער מאמעס ליכטער

זכרונות פון טאַלנע

אַרויסגעגעבן פון אַ קאָמיטעט

בוענאָס איירעס 1960

# אינהאַלט:


אַ פּאָר ווערטער פון די אַרויסגעבער — — — — — — — — — — 7

לאָמיר באַהאַלטן אונדזערע זכרונות פון אַמאָל! — — — — — — — 9

1) שבתדיקע לייכטער — — — — — — — — — — — — — 13

2) מיין שוועסטער ריסל — — — — — — — — — — — — — 34

3) דער טאַטע דערציילט — — — — — — — — — — — — — 61

4) מיט דעם לערער גערב — — — — — — — — — — — — — 85

5) לייבל דעם טרעגערס טויט — — — — — — — — — — — 130

6) אָרעמע לייט — — — — — — — — — — — — — — — 144

7) ווען דער פראָסט ברענט — — — — — — — — — — — — 171

8) דער איבערפאַל — — — — — — — — — — — — — — 201

9) חלומות... — — — — — — — — — — — — — — — — 232

# אַ פּאָר ווערטער פון די אַרויסגעבער

„דער מאַמעס לייכטער" איז אַ בוך נישט פון קיין פּראָפעסיאָנעלע שרייבערין און האָט דעריבער נישט קיין פּרעטענזיעס צו זיין קיין ליטע־ראַריש קונסטווערק. עס אָטעמט אָבער דערפון מיט טאַלאַנט און פאַר־מאָגט אַ לייכטן דינעם הומאָר און פאַרדינט אַרויסגעגעבן און געלייענט צו ווערן.

מיר גיבן דאָס אַרויס צוליב דעם, אַז אַ געוויסער פּעריאָד פון דער נאָענטער פאַרגאַנגענהייט פון ייִדישן לעבן זאָל פאַראייביקט ווערן און צוגעטראָגן ווערן צום ייִדישן לייענער.

הגם די הויפּט-העלדן פון דעם בוך זענען די פאַמיליען-מענטשן פון דער שרייבערין, שטערט דאָס אַבסאָלוט נישט צום איבערגעבן די שילדע־רונגען פון דעם גאַנצן אַרום. פאַראַן אין דעם בוך אַ גרויסע קאָלעקציע פּערסאָנאַזשן פון ייִדן און נישט-ייִדן, וואָס קומען דאָ אַרויס זייער לעבע־דיק געשילדערט.

דער טייל פון דעם בוך, וואָס גייט אָן ווי אַ דיאַלאָג צווישן ר׳ שמאי שוחט מיט דעם העברעיִשן לערער גערב, איז אויסערגעוויינלעך אינטע־רעסאַנט, צוליב דעם אופן פון איבערגעבן דאָס לעבן און טעטיקייט פון אַלע שיכטן פון שטאָט.

און נישט קוקנדיק אויף דעם וואָס די האַנדלונג און די מענטשן זע־נען פון דער שטאָט טאַלנע, האָבן זיי אין זיך אַ סך ענלעכקייט און קאָנען אָנגעווענדט ווערן אויך אויף אַנדערע שטעט און שטעטלעך, וווּ ייִדן האָבן אַמאָל געלעבט זייער אייגנאַרטיק ייִדיש לעבן.

דער נאָמען פון דעם בוך איז זיכער דער שרייבערינס אַ סענטימענט, צו דעם אָנדענק פון דער מאַמען, וואָס איז געווען אָן עכט פרומע ייִדישע פאָלקס-פרוי. אָבער דאָס אַלגעמיינע וויקלט זיך אויס נישט מיט קיין רע־ליגיעזן אינהאַלט. דער טאַטע ר׳ שמאי שוחט איז רעליגיעז אָבער נישט פאַנאַטיש. אין בוך קומט אויך צום אויסדרוק און שפּילט אַ גאַר וויכטיקע ראָל די יוגנט וואָס רייסט זיך אַרויס פון רעליגיעזן גדר צו בילדונג און צו וויסן און צום קאַמף קעגן דעם צאַרישן ווילקיר-סיסטעם.

מיטן אַרויסגעבן דאָס דאָזיקע בוך, מיינען מיר, אַז מיר האָבן צוזאַ-
מען מיט דער שרייבערין דערפילט אַ טייל פון אונדזער חוב, צו אַלע אונ-
דזערע נאָענטע און טייערע, וואָס זענען שוין מער נישטאָ און זייער אָנ-
דענק דאַרף איבערגעגעבן ווערן צו די ווייטערדיקע דורות, זאָל דאָס אַפילו
זיין בלויז אין דער פאָרם פון געשיכטע.

די אַרויסגעבער

# לאָמיר באַהאַלטן אונדזערע זכרונות פון אַמאָל!

## אַ פאָר ווערטער אָנשטאָט אַן הקדמה

איך קום דאָ נישט מיט קיין ליטעראַריש ווערק. איך בין נישט קיין פּראָפעסיאָנעלע שרייבערין. איך באַטראַכט מיר אָבער פאַר אַ גוטע לייענערין און ווי אַזעלכע ווייס איך גוט, אַז אין דעם צוגעטראָגענעם בוך פעלט דאָס וואָס מען רופט אָן פּראָפּאָרץ און האַרמאָניע; אַז עס זענען פאַראַן טיילן, וואָס זענען שוואַך פאַרבונדן צווישן זיך און כאַאָטיש אָנגעוואָרפן. עס זענען זיכער אויך פאַראַן אַ סך כראָנאָלאָגישע נישט פּינקטלעכקייטן און געוויסע אָנגענומענע כללים ווערן דאָ נישט גענומען אין אַכט. דאָס זענען שוועריקייטן, וואָס איך בין נישט געווען בכוח ביייצוקומען און האַלט דאָס אויך אפשר פאַר נישט זייער וויכטיק אין מיין פאַל.

מיין ציל, מיטן אָנשרייבן דאָס בוך, איז געווען אָפּצוראַטעווען פון פאַרגעסנהייט אַ וויכטיקן טייל פון אונדזער פאַרגאַנגען לעבן, פון אונדזער אַמאָליקער באַלעבאַטישקייט און דאָס פאַרצייכענען און פאַרפיקסירן ווי אַ וויכטיקן אָנדענק.

אין דעם בוך רעדט זיך פון אַ צייט־אָפּשניט פון כמעט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק, אַ סך פריִער פאַר אונדזער היינט, מיט די גרויסע איבערקערענישן און שטורמישע וועלט־פּראָבלעמען.

דער מאַטעריאַל פון דעם בוך איז די ירושה, איז מיין משפּחה־כראָניק.

— פאַרוואָס האָב איך גראָד זיך גענומען צו דער דאָזיקער מיסיע? — פשוט דערפאַר, ווייל איך האַלט דאָס פאַר אַ חוב און איך ווייס, אַז אויב נישט איך, וואָס האָב דעם דאָזיקן מאַטעריאַל פאַרהאַלטן ביי מיר אין זכרון, איז נישטאָ ווער עס זאָל דאָס טאָן.

אין דעם בוך באַהאַנדלט זיך אַן עפּיזאָד מיט אַ פּאָר שבת־לייכטער. עס ווערט דאָ אויך דערציילט פון פּשוטע שטוב־זאַכן, פון געשפּרעכן וועגן קליינִיקייטן, וועגן וואָכעדיקע ענינים, אָבער גלייכצייטיק אויך וועגן וויכטיקע און דערהויבענע זאַכן און וויכטיקע געשעענישן.

איך ברענג אַרויס אין די ווייטערדיקע שילדערונגען מיין משפּחה, מיט איר אַנדערשקייט און ספּעציפישקייט, אָבער פון דעסטוועגן איז דאָס אָנגעמאָסטן און כאַראַקטעריסטיש פאַר דער מערהייט פון יידישע משפּחות פון יענער צייט.

אויף דער פראַגע, פאַרוואָס איך האָב גענומען אַזאַ ווייטע עפּאָכע פאַר מיר, קומט דער ענטפער, וואָס אויב איך וועל דאָס נישט טאָן איצט, וועט די דאָזיקע ירושה פאַרלוירן ווערן. און צווייטנס האָב איך געהאַנדלט ווי עס האַנדלען אין גרעסטן טייל מענטשן אין ענלעכע פאַלן.

ווען איינער כאַפּט אַרויס זאַכן פון אַ ברענענדיקער שטוב, אָדער פון אַ פאַרפלייצונג, כאַפּט ער אַרויס נישט דווקא דאָס ווערטפולסטע, דאָס טייערסטע און דאָס וויכטיקסטע, נאָר אין גרעסטן טייל כאַפּט ער אַרויס אַ מינדערוויכטיקע זאַך, אַ קלייניקייט, אָפטמאָל אין גאַנצן אַן אומנוצלעכע זאַך. מען פרוווט געבן אויף דעם אַ תירוץ, אַז ווייל מען איז דערשראָקן און צעטומלט, דעריבער פאַרגעסט מען זיך. איך מיין פונקט פאַרקערט, אַז דאָס איז דערפאַר, ווייל מיר גערענקען שוין צופיל. איך מיין אַז מיר ווערן שטענדיק געפירט פון אַן אינסטינקט פון זעלבסט־דערהאַלטונג, וואָס היט אונדז שטענדיק אָפּ בעת אַ געפאַר. ווייל אין אַזאַ מאָמענט האָבן מיר מורא, אַז עס זאָל אויף אונדז נישט אַרויספאַלן די סטעליע פון דער ברענענדיקער שטוב, אָדער אַז דאָס וואַסער פון דער פאַרפלייצונג זאָל אונדז נישט שעדיקן און דעריבער כאַפּן מיר אַרויס דאָס וואָס עס איז גרינג אַרויסצובאַקומען, דאָס וואָס עס ליגט אונדז הינטער דער האַנט.

אַן ענלעך געפיל האָט מען היינטיקע צייטן, ווען מען נעמט זיך צו זכרונות, פון דעם וואָס עס איז געווען און וועט שוין מער קיינמאָל נישט זיין.

איך האָב בכיוון פאַרשטעלט די אויגן און בין אַוועק אין דער פאַנטאַזיע אויף אַ שטיק צייט צוריק, בכדי נישט צו זען אונדזערע שאַפעס צעהאַקטע, די ספרים מיט די ביכער צעריסענע און צעפּיצלטע און נישט זען די צעבראָכענע כלים און אַוודאי נישט די הריגים, די רעשטלעך מיט די דערהרגעטע אויפן גאַס.

— זוך איך דען, אָדער צי קאָן איך זיך דערמאָנען אין די פּאָגראָמען, וואָס איך האָב אין מיינע גאָר יונגע יאָרן געזען, מיט מיינע כמעט קינדערשע אויגן? און וואָס האָבן זיך מיר אויף אייביק איינגעקריצט אין מיין מוח און געוואָרן אַ טייל פון מיר?

פאַרקערט, איך וואָלט אַוועקגעגעבן יאָרן פון מיין לעבן, כדי פּטור צו ווערן און נישט זען דאָס שטענדיק פאַר מיינע אויגן. אָבער די שוידערלעך־קאָשמאַרע בילדער פון אונדזער גרויסן חורבן פון דער לעצטער

צייט, מיט די גהינומדיקע גאַז־קאַמערן, מיט די ריזיקע פאַבריקן פון טויט, פאַרניכטונג און פאַרקריפּלונג, מיט די קאָנצענטראַציע־לאַגערן, וואָס איז מיר נישט אויסגעקומען צו זען אין דער ווירקלעכקייט, און דאָך האַלטן זיי מיר געפאַנגען אין מיינע שלאָפלאָזע נעכט.

אַזוי ווי עס איז אָבער פאַראַן אַ גרענעץ פאַרן מענטשלעכן טראַכטן, שטעלט זיך פאַר מיר די פראַגע: וואָס פאַר אַ פּנים האָבן אין פאַרגלייך מיט די בעסטיעס פון דער היטלער־עפּאָכע, אַזעלכע משטיינס געזאָגט טרויעריק־באַרימטע העלדן ווי פּעטליוראַ, דעניקין און אַנדערע פון יענער צייט?

איך האָב דעריבער געזוכט אַ פראַגמענט פון דער ווייטער פאַרגאַנגענהייט, זכרונות וואָס איך האָב זיך באַמיט צונויפצושטעלן פון דעם וואָס איך האָב געהערט דערציילן מיינע עלטערן, וואָס זענען שוין אַוועק אין דער אייביקייט.

איך האָב טאַקע אין איילעניש אָנגעוואָרפן, אָפטמאָל נישט לויט דער כראָנאָלאָגישער ריי, אָן אַ סדר און אָן אָרדענונג, אַרויסגעכאַפּטע זאַכן פון אַמאָל. פון אַן אַנדער צייט, וואָס איז שוין פאַרשווונדן צוזאַמען מיט יענע מענטשן און זייערע אידייען, פּרינציפּן, באַגריפן, געוווינהייטן, טראַדיציעס און שטייגער לעבן.

דאָס איז אַ כראָניק פון אַ צייט, וואָס איז אַוועק פון אונדז, נישט אויף קיין נאַטירלעכן אופן ווי אַנדערע עפּאָכעס. נאָר איז מיטאַמאָל צעשטערט און פאַרניכטעט געוואָרן, ברוטאַל און אכזריותדיק אַוועקגעריסן געוואָרן, צוזאַמען מיט אירע פאַרצייטיקע איבערבלייבענישן און צוזאַמען מיט אירע אָנזאָגן אויף אַ שענערע צוקונפט.

איך האָב געמאַכט אַ פּרווו אַרויסצונעמען עפּעס אויף אַן אָנדענק און איך לייג דאָס אַוועק פאַר אייך מיט ציטערניש, ווייל איך טראַכט, אַז אפשר באַדאַרפט איר דאָס נישט. צי זענט איר אָבער זיכער, אַז איר וועט דאָס שוין קיינמאָל נישט באַדאַרפן?

אפשר, פאָרט וועט דאָס אייך אַמאָל צונוץ קומען? — אַרויסוואַרפן איז דאָך שטענדיק פאַראַן צייט.

איך, ווי אַ פּשוטע אַרבעטער־פרוי פון מיין דור, האַלט נישט פון סתם פאַרניכטן, צעשטערן און צעפּטרן פאַרמעגנס. איך בין געוווינט פון שטענדיק אָן צו באַהאַלטן זאַכן פון פריִער אויף שפּעטער...

מ. פּ.

## קאַפּיטל איינס

# שבתדיקע לייכטער

פון דעם פאַרדרייטן און פאַרפּלאָנטערטן קנויל קינדער־זכרונות, טיילן זיך פלוצלינג אַרויס אונדזערע לייכטער. זיי שטעלן זיך מיר אַוועק פאַר די אויגן און דערינערן מיר אין עפּעס טרויעריקס, זייער טרויעריקס. כאָטש, וואָס דאָס איז אַזוינס, איז מיר שווער זיך אין דעם מאָמענט צו דערקלערן.

— האַנדלט זיך דאָס בלויז פון אַ קינדערשע שרעק, אָדער קינדערשע אי־בערלעבונג? אָדער איז דערמיט טאַקע פאַרבונדן אַ וויכטיקע געשעעניש?

אָט דאָס קלאָר צו מאַכן און פאַרשטיין, וועט מיר אפשר אויסקומען איבער־צוּוויקלען און פאַנאַנדערפּלאָנטערן דעם גאַנצן „קנויל”. דאָס וואָלט אָבער געווען זייער אַ שווערע אַרבעט. ווייל מיינע זכרונות זענען משונה־ווילד און כאַאָטיש פאַרפּלאָנטערט: ווייטע פאַסירונגען, פון דער סאַמע פריסטער קינדהייט זענען פאַר מיר אָפּטמאָל קלאָר און דייטלעך און אין קעגנזאַץ, זענען אַ סך שפּעטער־דיקע זאַכן אומקלאָר און פאַרנעפּלט. באַזונדערס, איז אין פאַרלויף פון דער צייט אַלצדינג צוזאַמענגעמישט געוואָרן: טרויער מיט פרייד, שרעק מיט טרוי־מען, חלומות אוןווירקלעכקייט, טעג און יאָרן, געשטאַלטן, פּערזאָנען און זאַכן, מעבל, געשיר, מלבושים און חפצים.

אין דעם אַלעמען זיך פאַנאַנדערקלייבן מיט אַ סדר — צו וואָס? לוינט זיך בכלל אַזאַ אַרבעט?

וועמען למשל קאָן היינט צו טאָג אינטערעסירן אונדזער אַלטער, שווערער צעפּאַרענער טיש? אָדער די בייזע, שטרענגע מרה־שחורהדיקע ספרים־שאַפע, וועלכע פלעגט מיט אירע גלאַנציקע טירן, שרעקן מיינע קינדערשע נעכט? צי גאָר די שוואַרצע קיך־שאַפע, וואָס איז תחילת געווען אַ ספרים־שאַפע און דורך אַ טראַגעדיע איז זי פאַרשוועכט געוואָרן און זיך פאַרוואַנדלט אין אַ פּשוטער קיך־שאַפע?

אָדער וועמען גאָר קאָן אינטערעסירן די אַלטע צערונצלטע סאָפקע, אויף וועלכער איך האָב מיר אַזוי פיל וווּנדערלעכע מעשיות אָנגעהערט?

און אָט רוקן זיך אַרויס אונדזערע בענקלעך, מיט די עטוואָס קרומע פיס

און עס ווייזט זיך מיר אויס ווי זיי ווינקען צו דעם אַלטן האַלב־פּאַרסמאַליעטן קיך־טאַפּטשאַן, לאַכן און חוזקן פון מיר און זיי פרעגן מיר:

— זאָג אונדז נאַר, זינט ווען ביסטו דאָס געוואָרן אַזאַ פּראַקטישער מענטש? אַז בסך־הכל, זינט מיר געדענקען דיר, האָסטו גאָר קיינמאָל נישט פאַרשטאַנען צו טאָן דאָס וואָס עס לוינט...

און מערקווירדיק: יאָרן לאַנג בין איך געווען זיכער, אַז דער דאַזיקער „קנויל", איז פאַר מיר אויף אייביק פאַרשווונדן, ווייל שפּעטערדיקע, אַ סך שטאַרקערע איבערלעבונגען האָבן פאַרטונקלט און אָפּגעווישט די קינדהייט, וווּיבּיקסטענס זיי אָפּגערוקט אין אַ זייט און מיט אַמאָל, גאָר אומדערוואַרטעט, האָט פון סאַמע אָפּגרונט פון זכרון, פון עפּעס אַ קעמערל אין מוח, האָבן פלוצלינג אַרויסגעטויכט די לייכטער, אַרויסגערוקט זיך אין פאָדערגרונט און מיטגעשלעפּט מיט זיך דעם גאַנצן קנויל.

* * *

איז אָט די לייכטער.

זייער שטענדיקער פּלאַץ איז אויף אַ האַלב־קיילעכדיק טישל מיט דיקע פיס. דאָס טישל איז פאַרשפּרייט מיט אַ ווייס טישטעכל, וואָס האָט אויסגענייט אַ רויט קענטל מיט צלם־שטאָך. אַלע טעג פון דער וואָך, שטייען די לייכטער פוןביידע זייטן טישל און צווישן זיי אַ לאָמפּ מיט אַ גרינעם אַבאַזשור, וועלכן מען האָט אויך גענוצט בלויז פון שבת צו שבת.

אַ גאַנצע וואָך האָבן די לייכטער זיך געלאַנגווייליקט ליידיקגייעריש און קיינער האָט אויף זיי קיין אַכט נישט געלייגט. סיידן אין אַ זונטיק, ווען זיי זענען געווען פאַרחלבט, פלעגט מיין שוועסטער יהודית אָנגיסן די טריפה שיסל מיט קאָכעדיקע וואַסער, אַריינלייגן אַהין די לייכטער, לאָזן דער חלב זאָל צעגיין און דערנאָך פלעגט זי זיי אָפּזייפן, אָפּשווענקען און אָפּטריקענען. מאַכן אַ גלאַנץ מיט קרייד און זיי צוריק אַוועקשטעלן אויפן טישל, ווו זיי זענען געבליבן געדולדיק וואַרטן ביז פרייטיק פאַרנאַכט.

נאָר איינמאָל, ווען מיר האָט שטאַרק דערעסן, צו קוקן כסדר דורך די דאָפּלטע פענצטער אויף דעם ווינטערדיקן דרויסן, אויף דער זעלביקער שמוציקער קופּע שניי, האָב איך מיט גרויס מי צוגעשלעפּט אַ בענקל צו דעם טישל, וואָס איז געשטאַנען ביי דער מאַמען אין אַלקער צווישן ביידע בעטן, זיך דערנענטערט צו די לייכטער און געוואָלט זיין אַ פּאָר מינוט אַ גרויסע, אַ מאַמע... איך האָב מיט די הענט פאַרשטעלט די אויגן און עטלעכע מאָל נאָכאַנאַנד געזאָגט: „ברוך הוא וברוך שמו", דערנאָך בין איך אָפּגעטראָטן אַ שפּאַן אויף צוריק און שוין גע־

האַלטן ביים אויסשרייען פֿייערלעך „אַ גוט שבת!...״ האָט זיך מעשה שטן דאָס בענקל איבערגעקערט צוזאַמען מיט מיר...

אַ פּאָר מינוט שפּעטער, ליג איך שוין ביי דער מאַמען אויפֿן שויס און שריי מיט באַנומענע קולות. די מאַמע האַלט אַ גרויסן קיך־מעסער און קוועטשט מיר מיט אים דעם שטערן. מיין שוועסטער לייגט מיר קאַלטע קאָמפּרעסן צו דער צעקלאַפּטער קני; און איך בלייב ליגן שטיל, ווייל איך האָב שוין נישט קיין כוח צו שרייען. נעמט מיר די מאַמע זאָגן מוסר אויף אַזאַ אופֿן:

— איצט זעסטו שוין, קינד מיינס, אַז גאָט האָט דיר געשטראָפֿט? לייכטער זענען נישט קיין שפּילעכל. ווען דו וועסט מירצעשעם זיין אַ גרויסע, אַ מאַמע, וועסטו לכּבֿוד שבת און יום־טובֿ זיכער בענטשן ליכט. אָבער אין מיטן דער וואָך, ווער האָט דאָס צו טאָן מיט לייכטער? — חס ושלום. זאָל גאָט היטן... זאָלסט מיר די לייכטער מער נישט אָנרירן, דו הערסט? — דראָט זי מיט אַ פֿינגער.

דערפֿאַר אָבער פֿרייטיק, שוין באַלד נאָך מיטיק, ווען די מאַמע האָט מיר געצוואָגן דעם קאָפּ און געפֿלאָכטן די פֿיר שטייפֿע צעפּלעך, פֿלעגט זי זיך ביי מיר בעטן, צום ערשטן מיט גוטן:

— איך בעט דיר, שטיי רויק, ביז ליכט־בענטשן האָב איך נאָך טויזנט אַרבעטן.

אַביסל שפּעטער, פֿלעגט די מאַמע שוין רעדן מיט אַ דראָענדיקן בייזן קול:

— איך וויל וויסן, ביז ווען וועסטו מיר דאָ האַלטן, ביז ליכט בענטשן?

די מאַמע פֿלעגט אויך אָפּטמאָל אויף אַ בייזן אופֿן טענהן צו מיין שוועסטער יהודית, אַז:

— דערמיט האָב איך צייט ביז אַ שעה פֿאַר ליכט בענטשן.

אָדער גאָר פֿלוצלינג, פֿלעגט די שטענדיק גוטמוטיקע און שטילע מאַמע, זיך ווילד צעשרייען אויף יהודיתן:

— ביסט ביי די געדאַנקען, טאָכטער? איך פֿרעג דיר, איז דאָס אַן אַרבעט אַצינד, ווען עס פֿעלט אפשר אַ האַלבע שעה צו ליכט בענטשן

„פֿאַר ליכט־בענטשן״, „צו ליכט־בענטשן״, „נאָך ליכט־בענטשן״, „חלילה נישט פֿאַרשפּעטיקן ליכט־בענטשן״. מער האָט מען נישט געהערט. איז, ווי זאָל זיך דאָס ליכט־בענטשן און די לייכטער, נישט איינקריצן אין מיין קינדערשן זכּרון, אויף לאַנג, אָדער אויף אייביק, ווי עפּעס אויסערגעוויינלעך וויכטיקס?

* * *

פֿרייטיק־צו־נאַכט האָבן פֿון יעדער שטוב אין אונדזער געסל, אַרויסגעקוקט דורך די פֿענצטער די פֿייערלעך פֿון די שבתדיקע ליכט, אָבער פּונקט, ווי עס

זענען פאַרשידן די מענטשן, וואָס וווינען אין די הייזער, אַזוי זענען אויך פאַר־שידן די לייכטער פון די ברענענדיקע שבת־ליכט.

ביי אונדז אין שטוב שטייען די צוויי ווייס־גלאַנציקע לייכטער אין סאַמע מיטן פון ברעג טיש, באַגלייט פון לייכטער און לייכטערלעך פון אַ קלענערער קאַטעגאָריע. די מאַמע האָט געבענטשט זיבן ליכט, האָבן די צוויי הויפּט־לייכ־טער געקוקט אויף די איבעריקע מיט אַ סך גדלות, גלייך ווי זיי וואָלטן זיך באַרימט: „זעסט, עס איז געקומען אונדזער צייט!״ שטאָלץ האָבן זיי זיך אויס־געטיילט פון די אַנדערע לייכטער, מיט זייערע גרעסערע סטעאַרינען־ליכט, וועל־כע האָבן געברענט כמעט ביז נאָכן עסן.

ביי חיים דעם שוחט אויפן טיש שטייט איין לייכטער, אַ לייכטער מיט זיבן ליכט אין די רערן. גנעסיע, חיים דעם שוחטס ווייב, שמעלצט איין אין לייכטער פינף קלייניקע ליכטלעך און נאָר צוויי גרויסע סטעאַרינען־ליכט.

— עס וואָלט אוודאי, געוועז שיין, אַז עס זאָלן ברענען אין אַלע רערן גרויסע ליכט, ווי עס פּאַסט פאַר אַ מנורה. אָבער ווער קאָן זיך דאָס פאַרגינען — זאָגט גנעסיע און זיפצט טיף אָפּ.

גנעסיעס זיפץ איז נישט אויפריכטיק. ווייל גנעסיע האָט פיינט צו זיפצן און האָט ליב צו לאַכן. און לאַכן הויך, אויף אַ קול און זיך פאַרגיין מיט אַ לאַנגן קלינגענדיקן געלעכטער. אַליין איז זי אַ בידעריקע, אַ דיקע, מיט גרויסע שטיפערישע אויגן. די קאָפּטלעך אירע טראָגט זי אָן אַ קאָלנער, מיט אַן אַנט־בלויזטן האַלדז, ווייל אַ קאָלנער — זאָגט זי — וואַרגט. זי טראָגט אויך קורצע אַרבל, גאָרנישט ווי עס פּאַסט פאַר אַ שוחטקע. די שכנות אונדזערע געפעלט דאָס נישט, קומט דעריבער אויס מיין מאַמען איר צו פאַרענטפערן פאַר די דאָ־זיקע ווייבער. טוט זי דאָס געוויינלעך מיט אַזעלכע ווערטער:

— עס איז טאַקע אמת, אַז איך בין די עלטסטע פון די שוחטקעס און עס קאָן זיין, אַז איך בין מחויב איר צו וואָרענען, אַז נישט אַזוי דאַרף זיך אויפ־פירן אַ שוחטקע. נאָר צי איז דען גנעסיע אַ פּיצל קינד, וואָס איך באַדאַרף זי לערנען? זי האָט דאָך שוין, אָן עין־הרע, אַליין קינדער באַלד חתונה צו מאַכן און צי בין איך דען גאָטס סטראַפּטשע? וועל איך דען אויף יענער וועלט אָפּ־קומען פאַר גנעסיעס עבירות? און נאָך אַלעמען איז גנעסיע חלילה נישט קיין אויסגעלאַסענע. זי איז אַן ערלעכע, אַ פרומע און גאָטספאָרכטיקע יידישע טאָכ־טער, ווי מיר אַלע. זי איז נאָר אַ פריילעכע, זי האָט ליב צו לאַכן. שוין ביי איר אַזאַ כאַראַקטיר, אַזאַ נאַטיר, — גיט מיין מאַמע צו מיט אַ זיפץ. געוויינטלעך, ווען די מאַמע וויל באַצייכענען אַן אומגעוויינלעכע דער־שיינונג זאָגט זי „כאַראַקטיר״, „נאַטיר״, אנשטאָט כאַראַקטער אָדער נאַטור.

— וואָס דאַרפט איר מערער? — פאַרענטפערט ווייטער די מאַמע גנעסיען — ווען זי קומט אַריין זיך באַקלאָגן אויף אירע „מזיקים", די יינגלעך אירע, וואָס טוען איר כל השאדוינעס, נו, מיינט איר אַז זי איז עפּעס אַנדערש? ניין, עס הייבט זיך נישט אָן. אַזוי איז זי שוין און גיי טו איר עפּעס.

און דאָ הייבט אָן די מאַמע צו דערציילן פּרטימדיק, וויפל גנעסיע ליידט זיך אָן פון אירע יינגלעך.

— גנעסיע שטייט דאָך אויס פון אירע בנים געברענטע צרות! זיי נאַשן אויף און פרעסן אויף אַלצדינג און לאָזן גאָרנישט איבער פאַר קיינעם. ווען מען זעצט זיך צום טיש, האָבן זיי נישט קיין געדולד ביז מען וועט זיי צוטיילן זייער חלק. זיי צעכאַפּן אַלצדינג נאָך איידער זי צעטיילט. און ווען זי באַהאַלט יאָ עפּעס אַמאָל אויף שפּעטער, טאַקע פאַר זיי (זי וועט דאָס חלילה נישט טראָגן צו פאַרקויפן), געפינען זיי דאָס אויס פון אונטער דער ערד, אַזעלכע פייערדיקע גנבים און זיי פאַרשלינגען ווי אַ שטיקל געבעקס, איינגעמאַכטס, געקעכטס... אַזעלכע משומדים, שקצים, מזיקים, וואָס די וועלט האָט נאָך נישט געזען! און דאָ האַלט זי אַליין נישט אויס קיין יידישקייט, זי פאַלט אויף אַ בענקל און פאַרגייט זיך אין אַזאַ געשמאַקן געלעכטער, גלייך עס וואָלט איר געטראָפן דאָס גרעסטע גליק...

— נו, וואָס קאָן מען האָבן צו איר — פאַרענדיקט מיין מאַמע און שאָקלט דערביי מיטן קאָפּ און ציט מיט די אַקסלען, ווי זי זאָל וועלן זאָגן: — פאַרפאַלן! אַזאַ נאַטיר, אַזאַ כאַראַקטיר!...

מיר געפעלט דווקא יאָ גנעסיע און ווען זי פרעגט מיר, צי עס געפעלט מיר איר „מנורה", ווייזט זיך מיר אויס, אַז זי גלעט מיר מיט איר וואַרעמען בליק און דער לייכטער זעט מיר אויס, ווי ער שמייכלט שטיפעריש, מיט זיין איינציקן פוס, מיט די זיבן רערן.

איך באַדויער שטאַרק וואָס די קליינטשיקע ליכטלעך וועלן אויסברענען, נאָך איידער היים מיט די „בנים" וועלן קומען פון דאַווענען.

* * *

גאַנץ אַנדערש זעען אויס די לייכטער פון פייגעלע דער שוחטקע, דוד דעם שוחטס ווייבל.

דוד דער שוחט, איז נאָך גאָר אַ יונגער. ער האָט זייער יונג חתונה געהאַט און איבערגענומען די „חזקה" אויף שחיטות און דעם שווערן יאָך פון מפרנס זיין זיינע יונגערע ברידער און שוועסטער און חתונה מאַכן זיינע עלטערע שוועסטער אָדער גאָר זיי אַרויספּראַווען קיין אַמעריקע.

פייגעלע איז נאָך יונגער. זי איז געבליבן קינדווייז אַ יתומה און איז דערצ־ויגן געוואָרן ביי איר פעטער. ...

פייגעלע איז נאָך יונגער. זי איז געבליבן קינדווייז אַ יתומה און איז דערי־בער באַשטאַנען צו העלפן דודן צו טראָגן דעם שווערן יאָך. אַליין איז זי אַ קליי־נינקע און האָט שוואַרצע, גרויסע פייכטע אויגן. זי טראָגט שיך מיט הויכע אָפּצאַסן און אַ הויך פאַרקעמעכץ, כדי זי זאָל אויסזען העכער און געשטרעק־טער, אין דער שטוביקער סביבה פון גרויסע און מאַסיווע זאַכן.

בשעתן ליכט־בענטשן, קומט איר אויס זיך צו שטעלן אויף די שפּיץ־פינ־גער און פאַרדרייסן הויך די הענט, ווייל דער טיש — ווי אַלצדינג אין שטוב — איז אַ מאַסיווער און אַ הויכער.

דאָס גאַנצע מעבל אין שטוב איז, אין פאַרגלייך מיט איר, אומגעלומפּערט גרויס און הויך און פייגעלע דרייט זיך אַרום נישט דרייסט אין שטוב, ווו אַלץ איז איר פרעמד, אַלץ אין שטוב, אַריינרעכענענדיק די לייכטער, איר ירושה פון דודס עלטערן, אָדער זיידעס.

— זאָל זיין, אַז דערפאַר זעען מיר אויס די לייכטער אַזוי טרויעריק, ערנסט און שטרענג?

* * *

נאָך מאָדנער זעט מיר אויס לאה דער מנקרקעס לייכטער.

לאה איז ביי שלמה יאָסל דעם מנקר דאָס צווייטע ווייב. ער האָט שוין מיט איר פיר קינדער און פיר קינדער האָט ער פון ערשטן ווייב.

לאה טראָגט דאָס קאָפּטיכל אַראָפּגערוקט איבער די גרויסע אויגן. זי איז אַ חנוודיקע און אַ שטאַלטנע, נאָר זייער אַ בייזע. זי בענטשט פינף ליכט, צוויי גרויסע און דריי קליינע. פיר אין די גרויסע לייכטער און איין ליכטל אין אַ קליין בלעכן לייכטערל.

אין קיין אַנדער שטוב האָב איך נישט געזען קיין צוויי פּאָר גרויסע לייכ־טער. אין איין פּאָר האָט זי אַנגעשמאָלצן גרויסע ליכט און אין די איבעריקע, קליינע ליכטלעך. אָפטמאָל פלעגט זי אָנשמעלצן, אין איין פּאָר לייכטער אַ גרויס ליכט און אין דער צווייטער פּאָר אַ קליין ליכטל און אויפן טיש זענען די גאַנצע צייט געבליבן שטיין אַלע לייכטער. מען האָט זיי פון דאָרטן קיינמאָל נישט אַראָפּגענומען. אפשר בלויז ווען מען האָט געדאַרפט בייטן דעם טישטוך.

אַ צעריסן געמיט, די דאָזיקע לאה. איין פּאָר לייכטער זענען אירע, לאהס, און די צווייטע פּאָר, פון דער פאַרשטאָרבענער ערשטער פרוי, שלמה יאָסלס. פון שרהס מאַמע. און שרה פלעגט שטענדיק זאָגן, אַז ווען זי וועט פאָרן קיין אַמעריקע, וועט זי מיטנעמען איר מאַמעס לייכטער. לאה פלעגט אויף דעם ענט־פערן בייז מיטן דרייען מיטן פּיסקל, וואָס דאָס האָט געמיינט צו זאָגן אַז זי וועט די לייכטער נישט געבן און אויב אַפילו יאָ — וועט דאָס שווער אָנקומען...

לאה מיט שרהן האָבן זיך שטענדיק געקריגט און עס פֿלעגט אָפֿט קומען צו גרויסע סקאַנדאַלן און עס איז קענטיק אויף די לײכטער, אַז אין שטוב פֿעלט שלום־בית.

* * *

מײַן שוועסטער יהודית, האָט אַ חברטע וואָס הײסט באָבל, אָדער אויף רײן יידיש — באָבע. מען האָט איר אַזוי גערופֿן, ווײַל זי איז געווען זײער אַ ציטער־דיקע און גאָר חשוב, ווען זי איז געבוירן געוואָרן.

איר מאַמע האָט קײן מזל נישט געהאַט צו קײן קינדער. זײ זענען בײַ איר אויסגעשטאָרבן נאָך קלײנערהײט און ווען עס האָט זיך איר אײַנגעגעבן אויפֿ־צוציִען צווײ קינדער, אַ ייִנגל מיט אַ מײדל, באָבלען און איר ברודער ליאָווען, איז די מוטער געשטאָרבן און איבערגעלאָזט צווײ פּיצלעך יתומימלעך. אָבער גראָד זענען די בײדע קינדער יאָ אויסגעוואָקסן געזונטע און גוט דערצויגענע, כאָטש עס האָט זײ געהאָדעוועט אַ שטיפֿמאַמע.

אויף רוסיש איז איר נאָמען געווען נאַדיאַ. זי האָט געגעבן „אוראָקן" (לעק־ציעס) פֿון דער רוסישער שפּראַך (מיט וועלכע זי האָט זיך קוים אַן עצה געגעבן). אָט די נאַדיאַ, אָדער באָבל, האָט דווקא יאָ געלעבט גוט מיט איר שטיף־מאַמע בתיה, אַ גרויסע, דיקע ייִדענע, מיט אַ לאַנגער נאָז און ברוגזן פּנים.

דער פֿאָטער באָבלס, איז קײנמאָל אין דער הײם נישט געווען. ערגעץ ווײט האָט ער געהאַט אַ „קנעלינג" און זײַער קנאַפּ פּרנסה און זײַער זעלטן פֿלעגט ער צושיקן אַ פּאָר רובל און באָבל מיט אירע „אוראָקן", בתיהס ערשטע טאָכטער אסתר, מיט איר אַרבעט בײַ אַ שנײַדער און בתיה גופֿא מיט איר שטריקן זאָגן האָבן ווי עס איז אויסגעהאַלטן די שטוב. באָבלס ברודער, ליאָווע, האָט געאַר־בעט אין אַ גרויסער שטאָט אין אַן אַפּטײק און האָט זיך קוים אַלײן געקאָנט מפרנס זײַן.

בתיה פֿלעגט זיך באַרימען, אַז בײַ איר איז קײן חילוק נישט פֿון ז ײ נ ע קינדער ביז א י ר ע. אדרבא, זי אנערקענט — כאָטש זי איז אַן אײגענע מאַמע, — אַז באָבל איז מער אַנטיק פֿון איר אסתרן. באָבל איז שענער און געבילדע־טער א. א. וו. אין טאַלנע האָט מען אָבער געשמועסט, אַז דעם שלום־בית האָט מען צו פֿאַרדאַנקען אויסשליסלעך באָבלען. צוליב איר גוטסקײט און אײדלקײט.

געוווינט האָבן זײ קעגנאיבער אונדזער שטוב, אין זײער אַ קלײן הינטער־שטיבל. אָבער אין די פּיצעלעך צימערלעך, איז געווען זײער זויבער. עס האָט געפּערלט אין אַלע ווינקעלעך. יהודית פֿלעגט מיר אָפֿטמאָל מיטנעמען צו איר חברטע. דאָרטן האָט באַזונדערס געצויגן מײַן אויפֿמערקזאַמקײט דאָס גלאַנציק אויסגעפּוצטע מעש, וואָס איז געשטאַנען אויף דער קלײדער־שאַפֿע: מעשענע

גרויסע טאַזעס, קופּערנע קוואָרטן, טאַצן, אַ חנוכה־לעמפּל און אויך גרויסע מע־שענע בייכיקע לייכטער, וועגן וועלכע איך האָב געוווּסט אַ סוד, אַז אַמאָל, ווען באַבלס ברודער ליאָווע, איז געקומען פון דער גרויסער שטאָט, קיין טאַלנע, כּדי זיך צו שטעלן צום פּריזיוו, האָבן זיך אין אַ פּריייטיק צו נאַכטס דאָרטן פאַר־זאַמלט אַ היפּשע צאָל בחורים און מיידלעך, צווישן זיי אויך מיין שוועסטער יהודית, וואָס האָט מיר מיטגענומען מיט זיך.

ווי שטענדיק, ווען יהודית האָט זיך געפינען צווישן יוגנטלעכע, האָט מען איר אויך דאָס מאָל געבעטן אַז זי זאָל זינגען. יהודית האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט און באַדויערט, וואָס זי קאָן נישט אויספילן זייער בקשה, ווייל זינגען שטיל, האָט זי נישט ליב און לאָזן איר שטימע אין גאַנג, וועלן זיך די שכנים צונויפ־לויפן און דערנאָך וועלן זיין טענות און באַרעדערייען, הלמאַי זי, אַ שוחטס אַ טאָכטער, זינגט אין דער געזעלשאַפט פון מענער. זי זינגט יאָ אַמאָל, אָבער ווייט פון שטוב, כּדי נישט אָנצוטאָן קיין עגמת־נפש דער טאַטע־מאַמען.

און פּונקט אין מיטן הייסן טענהן וועגן פאַנאַטיזם און ווילדקייט, וואָס שטעלט זיך אַפילו נישט אָפּ פון אַזעלכע פאַרברעכנס, ווי באַגראָבן אַזאַ טאַ־לאַנט ווי יהודיתעס, אין דעם מאָמענט איז ליאָווען פּלוצלינג געוואָרן ענג אויפן טיש און ער האָט אַ כאַפּ געטאָן די לייכטער און אָן שום צערעמאָניע זיי אַוועק־געשטעלט אויף דער שאַפע, אויפן וואָכעדיקן פּלאַץ זייערן, צו דעם איבעריקן אויסגעפּוצטן מעש.

איך האָב קוים געקאָנט גלויבן מיינע אייגענע אויגן. דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן ווי איך האָב געזען אַזאַ מין עבירה. בתיה האָט זיך האַסטיק אויפן געשטעלט און מחמת איר האָט פאַרפעלט אָטעם און ווערטער, האָט זי גאָרנישט געזאָגט, נאָר זי איז אַוועק אין קיך, אָפּגעשניטן אַ שטיקל ווייסן קוילעטש און דאָס דערלאַנגט ליאָווען.

— נאַ — האָט זי צו אים געזאָגט — דאָס האָסטו פאַרן אַראָפּנעמען די לייכטער אום שבת, עס, גוי גמור דו!

ליאָווע האָט פאַרזיכטיק, מיט איבערגעטריבענער זשעדנעקייט, גענומען דאָס שטיקל קוילעטש. ער האָט דאָס געגלעט אַזוי צערטלעך, גלייך ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן דער טייערסטער נאַשעריי. ער האָט זיך נאָך דעם נידעריק פאַר־נייגט פאַר זיין שטיפמאַמע, געזאָגט „ספּאַסיבאָ" (אַ דאַנק) מיט אַזאַ געריהרט קול, אַז אַפילו בתיה האָט נישט אויסגעהאַלטן דעם רוגז און געשמייכלט. די מיידלעך האָבן געקייכט פאַר געלעכטער.

די סצענע איז ווירקלעך געווען קאָמיש. נאָר איך בין געשטאַנען שעמעוודיק

און געציטערט. מיט אויסגעשטאַרצטע אויגן און אַ דערשראָקן פּנים געקוקט אַרויף צו די לייכטער אויף דער שאַפע.

— אַ שיין פּנים וועל איך האָבן, ווען די „קליינע״ וועט דערציילן אין דער היים, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען — האָט זיך בתיה באַקלאָגט.

— זאָל גאָט היטן! — האָט מיר יהודית פאַרטיידיקט. — זי דערציילט קיינמאָל גאָרנישט. אַנדערש וואָלט איך זי נישט מיטגענומען.

— וועסט דערציילן? — האָבן מיר געפרעגט עטלעכע שטימעס אויף אַמאָל.

איך האָב ענערגיש געשאָקלט מיטן קאָפּ:

— ניין!

* * *

קלייבינקע און גלאַנציקע ווי שפּילעכלעך האָבן אויסגעזען בתיה דער שניט־קרעמערנס לייכטער.

בתיה איז ניסל ג—ס צווייטע ווייב. מיט דער ערשטער האָט ער זיך געט, ווען זיי האָבן שוין געהאַט צוויי קינדער. נאָכן צעגייען זיך מיטן ווייב, זענען די קינדער געבליבן מיט דער מוטער און ניסל איז געוואָרן אַ פרייער מענטש.

ניסל איז מיט מיינע עלטערן פון איין שטאָט — כמעט אַן אייגענער. דע־ריבער כאַפּט די מאַמע זיך אַריין אַהין גאָר אָפט.

איינמאָל האָט די מאַמע זיך אַריינגעכאַפּט צו בתיהן אויף אַ ווייל באַלד נאָך ליכט בענטשן. ווען בתיה האָט דערזען דער מאַמען שוין אַ שבתדיק אויס־געפּוצטע, האָט זי אויף גיך אָפּגעבענטשט די ליכט. נאָך דעם, האָט איר געראָ־טענע און געבילדעטע טאָכטער, וואָס זי האָט פון איר ערשטן מאַן (אַ מיידל מיט אַלע מעלות), זיי אַראָפּגענומען פון טיש און מיט אַן איראָנישן שמייכל, אָוועקגעשטעלט די צאַצקעדיקע לייכטערלעך אויף אַ זייטיק טישעלע, ווו זיי זענען אַזוי זיך אויף קאַטאָוועס, פון קיינעם נישט געשטערט, פאַוואָליע אויס־געגאַנגען.

* * *

קומענדיק אַהיים האָט זיך די מאַמע באַקלאָגט, אַז זי ווייס שוין פון לאַנג, אַז צו איר נאָענטסטער שכנה פראַדל לאָזערס, איז פרייטיק צו נאַכטס נישט כדאַי אַריינצוקומען. ווייל אַלע ווייסן, אַז די בחורים קומען אַהיים שפּעט פון דער קלייט און נעמען זיך ערשט באָדן, וואַשן, גאָלן און במחילה דער מאַן אירער לאָזער אַליין קומט גאָר שפּעט צום דאַווענען.

פראַדל גופא געפינט נישט קיין אַנדער צייט צו צוואָגן די קינדער ווי פריי־טיק שפּעט פאַרנאַכט.

— מען זאָל נישט זינדיקן מיט די רייד — האָט די מאַמע מיינע זיך געקלאָגט — דער שבת הייבט זיך אָן פאַר זיי, ערשט דאַן, ווען אַלע ייִדן עסן שוין די פיש...

דעריבער קאָן איך וועגן פראַדלס לייכטער גאָרנישט זאָגן. זיי זענען פאַרבליבן ביי מיר אין זכרון געזיכטסלאָז און פאָרעמלאָז, טאַקע ווי פראַדל גופא האָט זיי ביי אַ געלעגנהייט באַצייכנט „שטיקער זילבער".

שפּילנדיק זיך מיטן בונט שליסלען, וואָס זי האָט געוויינלעך געטראָגן אַרייַנגעשטעקט אין גאַרטל, האָט זי זיך באַרימט, אַז ביי איר איז אַלצדינג פאַרשלאָסן, כאָטש איר שיקסע איז אַזאַ ערלעכע, אַז מען מעג אַפילו לייגן גאָלד פאַר איר, וועט זי דאָס אויך נישט נעמען. פונדעסטוועגן שטעלט זי נישט איין, ווייל זי פאַרמאָגט קיין עין־הרע, אַריינרעכענענדיק די לייכטער, גאַנצע פערצן שטיק זילבער.

* * *

דערפאַר איז ביי ליבע דער האָרבאַטער, מיר אויסגעקומען צו זען גאָר אויסערגעוויינלעכע לייכטער.

צו ליבען פלעגט מען קומען נאָך קערלעך, „שאַבישניק" (זון־קערלעך) און קאַבאַק־קערלעך. זי, ליבע, איז געווען אַ גרויסע קינסטלערין צו פראַזשען קערלעך און חוץ דעם איז אַ מצווה איר צו געבן צו פאַרדינען. זי איז אַן אָרעמע און זייער אַן ערלעכע. זי וועט קיינמאָל נישט צורעכענען קיין גראָשן. שבת באָרגט זי און געדענקט אויפן קאָפּ ביז זונטיק און אויב עמעצער ברענגט געלט אום שבת, הייסט זי דאָס אַוועקלייגן אויפן פענצטער, ווייל זי, ליבע, רירט דאָס נישט אָן.

ביי ליבען אין דעם אָרעמען שטיבעלע מיט דער אָפּגעטינקעוועטער ערד, וואָס איז תמיד באַשיט מיט רויטער זאַמד, האָב איך געזען צוויי פּיציבקעלעך ליכטעלעך, אָנגעשמאָלצענע אין צוויי שאַכטעלעך פון סאַרדעלן.

איך האָב מיר מיט זיי פאַראינטערעסירט, אָבער אויף אַלע מיינע פראַגעס, האָט מיר מיין מאַמע געענטפערט, אַז זי גלייבט, אַז ליבעס ליכט־בענטשן, איז מערער אָנגענומען ביי גאָט, ווי אַנדערע וואָס בענטשן אין זילבערנע לייכטער, מיט רייך־געדעקטע טישן.

ליבעס מאַן, לייבל דער טרעגער, איז אַ שיינער העלדישער יונגאַטש, נאָר אַ שטומער. שטומע, זאָגט מען, זענען שלעכטע, אָבער ליבען האָלט ער דווקא בכבוד, נישט קוקנדיק אויף דעם וואָס זי איז אַ קאַליקע און זיי לעבן זיך בכבוד און זיי האָבן צוויי טייערע שיינע קינדער. ביי דעם שטומען זענען די קינדער

דאָס לעבן מיט דער נשמה און ביי ליבען אין שטיבעלע איז זויבער. דער דלות איז פאַרדעקט — עס רוט דאָרטן ממש די שכינה.

קוים מיט צרות בין איך געוווּיר געוואָרן אַז די בלעכענע סאַרדעלן־שאַכט־לעך, האָט ליבע געבראַכט פון די גבירישע הייזער, ווו זי העלפט מאַכן שבת.

* * *

כמעט אַלע שכנות אונדזערע פלעגן אַריינקוקן אין אונדזערע פענצטער, צו זען צי בענטשט שוין מיין מאַמע ליכט.

אונדזערע לייכטער האָבן געדולדיק געוואַרט, ביז עס איז געקומען די צייט, ווען דער טאַטע האָט אָנגעטאָן זיין שוואַרצע אַטלאַסענע קאַפּאָטע, גענומען ביים הענטל מיין ברודערל, אַ שבתדיק אָנגעטאָנענעם און אַוועק מיט אים אין בית־מדרש דאַוונען.

די מאַמע, מיט אַ ווייס זיידן טיכל אויפן קאָפּ, אין שבתדיק קלייד בענטשט דעמאָלט די ליכט און זאָגט אונדז אַ „גוט שבת!" מיין שוועסטער און מיר.

יהודית, מיט אַ שניי־ווייס בלוזקעלע מיט שווערע נאָסע צעפּ פאַרלייגטע אויפן קאָפּ, ווי אַ קרוין, זיצט און לייענט אַ רוסישן ראָמאַן. זי רייסט איבער אויף אַ מאָמענט דאָס לייענען און נעמט צו צום וואַש־בענקל אין קיך די קלע־נערע לייכטער. איך בעט מיר ביי איר, אַז זי זאָל מיר אויך לאָזן טראָגן אַ לייכ־טערל, וועלכן איך טראָג זייער פאָרזיכטיק און אויפן טיש בלייבן נאָר די גרויסע לייכטער אויף וועלכע איך קוק מיט אַסך ליבשאַפט.

נאָר איינמאָל געדענק איך, ווי אונדזער טיש האָט אויסגעזען מיאוס און געוועז איז דאָס דערפאַר, וואָס לעבן די שיינע לייכטער, איז אויף אַ גראָבן פּאַפּיר געשטאַנען אַ ליימל, געמאַכט פון גרויען ליים געמישט מיט פערדישן באַליק, אויף דעם ליימל זענען געווען אָנגעשמאָלצן פינף ליכט.

און פּאַסירט האָט דאָס אויף אַזאַ אופן:

איינמאָל אין אַ דינסטיק, איז פון צווייטן באַן־צוג צוגעפאָרן צו אונדזער הויז אַ דראָזשקע און מאַטל דער בעל־עגלה האָט מיט דעם הענטל פון דער בייטש אָנגעקלאַפּט אין פענצטער און אַריינגעשריגן:

— איך האָב אייך געבראַכט אַ גאַסט.

אין שטוב איז אַריין אַ שיינע עלטערע פרוי, מיט אַ גרויסן פאַרוק און האָט כמעט ווי אויסגעזונגען:

— אַ גאָט־העלף אייך, ר׳ שמאי! אַ גאָט־העלף אייך שוחטקע!

זי האָט דערלאַנגט דעם טאַטן אַ בריוו, אין וועלכן זיינער אַ באַקאַנטער רב האָט איר רעקאָמענדירט, אַז נעמלעך די אויבנדערמאָנטע פרוי איז זייער אַ

פרומע און האָט זיך אונטערגענומען אַ גרויסע מצווה, צו חתונה מאַכן און געבן נדן אַ יתומה פון גאָר געהויבענעם יחוס. דעריבער האָט זי זיך געלאָזט איבער דער וועלט און האָפּט, אַז זי וועט מצליח זיין און אין דעם זכות פון דער מצווה וועט איר שוואַכער בן־יחיד באַקומען אַ רפואה.

די ייִדענע האָט זיך זייער געוווּנדערט, וואָס ביי אונדז אין שטוב זענען נאָך פאַראַן אַזעלכע קליינע קינדער, ווי איך און מיין ברודערל. זי האָט באַדויערט, וואָס זי האָט נישט געבראַכט קיין צוקערלעך פאַר אונדז. דערפאַר האָט זי אונדז צוגעזאָגט „נאַדיזנע״ ביים אָפּפאָרן.

דערווייל האָט זי מיר געבעטן איך זאָל איר ווייזן, ווו עס געפינט זיך דאָס „מקום״ און איך בין מיט איר אַרויס אויף דער גאַס.

קומענדיק צוריק, האָב איך געטראָפן דעם טאַטן אַן אויפגערעגטן און ער האָט געשריגן צו דער מאַמען:

— וואָס רעדסטו, פייגל? — דו ווייסט גוט ווי איך האָב זיי פיינט, די אַלע ליידיקגייער, די „אייניקלעך״, די פוסטע־פּאַסניקעס, די פּאַנסקע צאַפּקעלעך. איך מיין די אַלע וואָס זוכן מצוות, זיי זענען ווי פּיאַווקעס, וואָס זייגן דאָס בלוט פון אָרעמעלייט. זיי אַליין לעבן אַ גוטן טאָג. עסן גוט, האָבן נישט פיינט קיין ביסל משקה און טוען נישט אַריין קיין האַנט אין קאַלטן וואַסער. אַז טפו זאָלן זיי ווערן! — שפּייט אויס דער טאַטע. — היינט, בפרט, ווער שמועסט נאָך אַ ייִדענע, אַ גבאַיטע. דאָס איז דאָס ערגסטע און דאָס מיאוסטע אין דער וועלט.

דאָ פאַרהוסט זיך דער טאַטע און יהודית נוצט אויס דעם מאָמענט און זאָגט צו אים מיט כעס:

— וואָס שרייסטו אויף דער מאַמען? זי איז דען שולדיק אין דער ייִדענעס קומען? האָב טענות צום רב, וואָס האָט זי אַהערגעשיקט.

פאַרשעמט זיך דער טאַטע און ענטפערט אַביסל פאַרוווּנדערט:

— ווער, איך שריי אויף דיין מאַמען?

אָבער באַלד האָט ער, ווייזט אויס, חרטה און כאַפּט צוריק:

— נישקשה, איך קען גוט דיין מאַמען, זי מיט איר גוטסקייט, וועט זיך באַלד אָנהייבן דרייען און טאַנצן אַרום דער דאַזיקער. זי וועט רק זוכן איר צו מאַכן באַקוועם און אנגענעם, איר אונטערטראָגן און דערלאַנגען. נו, נו, זיי דאַרפן נישט מער, די דאָזיקע גבאיטעס. זי וועט דאָ מירטשעשעם זיצן, אָבי געזונט. ווי זאָגט מען אויף גויִיש „די שטוב אַ וואַרעמע און די מענטשן טייערע״. איך קען שוין גוט דעם סאָרט ווייבער.

קוקט די מאַמע אַ פאַרוווּנדערטע אויפן טאַטע און זאָגט שטיל צו יהודיתן:

— ער איז גערעכט, דער טאַטע דיינער, כאָטש פון וואַנען ער קען דאָס אַזוי גוט די ווייבער ווייס איך נישט. איך האָב טאַקע געשריבן צו דער ייִדענע אַ בריוול, אַז זי זאָל למען־השם קומען צו אונדז, ווייל זי פעלט מיר אויס צו מיינע צרות אַ רעשטל.

אויף דער מאַמעס ווערטער צעלאַכט זיך יהודית קלינגענדיק און פריילעך און זאָגט:

— ניין, מאַמע, דו האָסט פאַרגעסן. מיר האָבן צו איר געקלאַפּט אַ טעלע־גראַמע: „פּריִעזשאַי ניעמעדלענאָ״! קומט למען־השם וואָס שנעלער!...

די מאַמע לאַכט און יהודית פאַרגייט זיך אַזש פאַר געלעכטער און דער טאַטע מאַכט זיך כלומרשט הוסטנדיק, כדי מען זאָל נישט באַמערקן אַז ער לאַכט אויך...

דערווייל קומט אַריין די ייִדענע מיט נאַסע הענט, מיט אַ פרום פנים און זוכט עפּעס מיט די אויגן. איך פאַרשטיי וואָס און לויף און דערלאַנג איר אַ האַנטוך. בעתן ווישן די הענט, פרעגט זי מיט אַ מאָדנע פרעמד לשון און אַ זינגענדיק קול:

— וואָס לאַכן זיי אַזוי?

ענטפערט די מאַמע:

— איך לאַך נישט. איך קוועל אָן פון מיין מאַן.

גיט די ייִדענע אַ זיפץ, פאַרגלאָצט מיט די אויגן און ווינטשעוועט דער מאַמען, אַז איר מאַן זאָל לעבן און געזונט זיין.

— אָמן! — ענטפערט די מאַמע.

יהודית קאָן שוין מער נישט אויסהאַלטן, לויפט אַרויס און שטיקט זיך דער־ביי פון געלעכטער.

זאָגט די ייִדענע:

— קיין בייז אויג זאָל איר נישט שאַטן. אַ היפּש מיידל ביי אייך.

באַליידיקט זיך די מאַמע:

— וואָס רעדט איר? היינטיקע צייטן איז פּופּצן יאָר ביי אייך אַ היפּש מיידל?

לאַכט שוין אויך דער טאַטע און זאָגט:

— אַ „היפּשע״ מיינט מען אַ שיינע, אויף זייער דייטשמעריש לשון.

שמייכלט די מאַמע אַ צופרידענע און ענטפערט מיט אַ זיפץ:

— זאָל בעסער איר מזל זיין שיין!

יאָ, דער טאַטע האָט טאַקע געטראָפן. די ייִדענע איז ביי אונדז געזעסן אויף קעסט גאַנצע צוויי לאַנגע וואָכן. אָבער איצטער צו דער מעשה מיטן ליימל.

אין דעם ערשטן פרייטיק פאַרנאַכט, האָט זי אַרויסגענומען פינף ליכט פון דעם רענצל. אַזוי ווי די מאַמע האָט נישט געהאַט פאַר איר קיין לייכטער, איז זי אַראָפּ אין הינטערשטיבל, אַרויסגענומען פון דאָרטן אַ שטיקל פּאַרקנייטע ליים און אַזוי, נאָסערהייט דאָס אַוועקגעשטעלט אויפן טיש. עס איז געווען אַן איינ־שטעלעניש, אַז דאָס ליימל זאָל זיך צעפאַלן און חלילה אויסלעשן דאָס ליכט.

דער טאַטע האָט געקוקט קרום דערויף און האָט געשטיקט אין זיך דעם כעס און דעם ריח פון באַליק.

דערפאַר איז דאָס אויפן צווייטן שבת שוין געווען פאַראַרטעוועט און אויס־געזען כמעט ווי אַ לייכטער און איך האָב אַפילו געהאָפט, אַז ווען די ייִדענע וועט אַוועקפאָרן, וועט אָט דער אָריגינעלער לייכטער ווערן מיין „אייגנטום״. יהודית אָבער, מיט איר שטענדיקער שנעלקייט, האָט באַלד, נאָך דער ייִדענעס אַוועקפאָרן, געכאַפּט דאָס פאַרטריקנטע ליימל און זאָגנדיק „ברוך שפּטרנו״ האָט זי דערלאַנגט אַזאַ שליידער די „כלי״ אויף דער גאַס, אַז עס איז צעפאַלן געוואָרן אויף אַ בערגל ליים און ביי מיר איז פאַרשוווּנדן דער חלום פון אַן אייגענעם לייכטער...

* * *

געוויינלעך האָבן פרייטיק צו נאַכטס די גלאַנציקע לייכטער מיט חשיבות באַלויכטן אונדזער שבתדיקן טיש, וואָס איז געווען באַדעקט מיט אַ ווייסן טיש־טוך אויף וועלכן עס זענען געלעגן צוויי חלות פאַרדעקטע מיט אַ ווייס סערוועטל.

איך שטיי מיט אַ זויבער קליידעלע, מיט פיר פאַרשטייפטע צעפּעלעך און בלעטער אַ דיקן בוך, פון אַ סך איינגעבונדענע זשורנאַלן „ניוואַ״ און די מאַמע לייענט דעם טייטש־חומש.

די זשורנאַלן האָבן געהאַט זייער שיינע בילדער און איך און מיין ברודערל, האָבן זייער ליב געהאַט צו קוקן אויף די „מענטשעלעך״.

די זשורנאַלן האָט נאָך אַמאָל אויסגעשריבן מיין עלטסטער ברודער מאָטל, ווען ער, צוזאַמען מיט מאָטל דעם רבס, האָבן צוזאַמען געלערנט רוסיש. נאָך מאָטלען, וואָס געפינט זיך איצט אין אַרגענטינע, זענען די זשורנאַלן איבערגע־גאַנגען צו מיין צווייטן ברודער דוד, וואָס האָט זיי איינגעבונדן מיט זיינע „גאָל־דענע הענט״ און היינט, ווען מיין צווייטער ברודער איז שוין לאַנג רב אין לייפּ־ציג און יהודית מיט אירע חברטעס האָבן שוין פון לאַנג דורכגעלייענט אַלע זשורנאַלן, זענען זיי נאָך אַלץ טייער ביי דער מאַמען, וואָס בעט זיך ביי אונדז:

— צערייסט נישט די זשורנאַלן, עס איז ביי מיר אַן אָנדענק פון די קינדער.

און וועלנדיק דאָס צוגעבן אַ גאָר גרויסע וויכטיקייט, זאָגט זי דאָס ווי שטענדיק אין אַזאַ פאַל, אויף רוסיש: „דאָס איז ביי מיר אַ „זנאַק פּאָמיאַט״.

דעריבער שטײ איך אויף די שפּיץ־פינגער און בלעטער זײער פּאַמעלעך, די שוין פיל מאָל געזעענע בילדער און כאַפּ בשעת מעשה אַ קוק אויף דער מאַמען און יהודיתן, וואָס זענען בײדע פּאַרטיפט אין זײער לײענען.

פּלוצלינג שרײ איך אויס אַ דערשראָקענע:

— מאַמע קוק! — די מאַמע קוקט פאַרזאָרגט אויף די ליכט. אײן ליכט פון די גרויסע שמעלצט זיך און עס קאָן זיך חלילה פאַרלעשן. זי כאַפּט אַרויס פון אונטער דעם סערוועטל אַ קוילעטש און לײגט אים אַוועק פאַר די ליכט, כדי די ליכט זאָל זיך פאַרשעמען פאַר דער גראָטענער חלה און ברענען לײטיש, ווי עס פּאַסט פאַר אַ שבתדיקער ליכט.

באַלד גיט זיך די מאַמע נערוועז אַ צי בײם עק פון טיכל און כאַפּט זיך בײם קאָפּ:

— אָוואַ! — איך האָב גאָר פאַרגעסן פאַרפּראַווען דעם כרײן. אַ קאָפּ בײ מיר געוואָרן! — זיפצט זי און לויפט אַוועק אין קיך אַרײן.

נעמט דעמאָלט יהודית אַרויס אַ האָרנאָדל פון די צעפּ און גלײכט אויס פאַר־זיכטיק דאָס קנײטל פון דער ליכט. זי וואַרפט אָבער אַ דערשראָקענעם בליק אויף מיר.

„פײן!״ — טראַכט איך בײז און בלאָז מיך אָן און לאָז אַראָפּ דעם קאָפּ פאַר פאַרדראָס — אפנים זי טראַכט, אַז איך בין נאָך אַ פּיצל קינד, אָדער גלאַט אָן אָפּגעריסענער נאַר, אויב זי איז מיר חושד, אַז איך וועל איר פאַרמסרן פאַר טאַטע־מאַמע פאַר אָנרירן דאָס ליכט אום שבת.

ווען איך הײב אויף דעם קאָפּ, זע איך, אַז מײן שוועסטער קוקט מיר אין די אויגן אַרײן און שמײכלט צו מיר. ווער איך רויט פאַר פרײד און ענטפער נישט ווילנדיק מיט אַ גליקלעכן שמײכל און דערפיל זיך דערבײ וויכטיק און שטאָלץ, דערפאַר וואָס איך, מיט מײן גרויסער גראָטענער שוועסטער האָבן זיך פאַרשטאַנען און פון הײנט אָן אויף ווײטער פאַרבינדט אונדז אַ בשותפות־דיקער סוד.

* * *

דער טאַטע מיט משהלען קומען פון דאַווענען און זאָגן אונדז אַ „גוט שבת!״

דער טאַטע נעמט פּאַמעלעך, מיט צווײ פינגער, מײנס אַ קלײן לעקעלע, וואָס האָט זיך באַפרײט פון די שטײפע צעפּלעך, און פרעגט מיר צערטלעך:

— וואָס מאַכסטו עפּעס, שמענדריק מיט די גלעקעלעך?

ווערט מיר דערפון גוט און וואַרעם אין אַלע אברים.

משהלע קלעטערט אַרויף אויף יהודיתס בענקל, נעמט זי אַרום מיט בײדע הענטלעך און רוימט איר אײן אַ סוד. באַלד נעמט זי אַרויס פון די שוין טרו־

קענע צעפּ אַ שוואַרצע סטענגע און דערלאַנגט אים. משהלע קוקט זיך צו, ווי דער טאַטע בינדט זיך אַרום מיטן גאַרטל און טוט דאָס זעלביקע מיט דער סטענגע. נאָך דעם, גייט ער נאָך דעם טאַטן איבערן שטוב און מאַכט זיך ווי ער וואָלט מיטגעזאָגט מיטן טאַטן „שלום עליכם".

ווען דער טאַטע שטעלט זיך אָפּ ביים טיש און גיסט אָן דעם בעכער מיט ראָזשינקע־ווײַן, גיט די מאַמע אַ בייזן קוק אויף יהודיתן, וואָס זיצט און לייענט שטאַרק פאַרטיפט. דער טאַטע צעלאַכט זיך און פרעגט איראָניש:

— וואָס, טאָכטער, מען טאָר נישט מפסיק זיין?

הייבט יהודית אויף, אַ פאַרשולדיקטע, אירע גרויסע גלאַנציקע אויגן און פאַרמאַכט שנעל דאָס בוך.

דער טאַטע מאַכט קידוש, טרינקט אָפּ אַ ביסעלע ווײַן. און דערלאַנגט דעם בעכער דער מאַמען. די מאַמע טוט אַ זופּ און גיט איבער דעם בעכער יהודיתן און יהודית — מיר.

משהלע שטייט קוים איין פאַר אומגעדולד. ענדלעך גיסט דער טאַטע אַריין דעם ווײַן אין אַ קליין בעכערל און משהלע נעמט דעם כוס און זאָגט אויף אויסנווייניק דעם גאַנצן קידוש. די מאַמע קוקט אויף אים מיט אַ גליקלעך, שטאָלץ פנים. בכלל געפעלט איר אַלצדינג וואָס איר זונעלע טוט, נאָר מער פון אַלץ געפעלט איר ווי ער עסט. קיין עין־הרע, קיין בייז־אויג, זאָל אים נישט שאַדטן!

— דערפאַר איז ער קיילעכדיק ווי אַ באַנקעלע, לויטער ווי בורשטין און שיין ווי אַ קיסר — נישט אַזוי גרין, דאַר און קוואַר ווי זי — זאָגט די מאַמע און ווייזט אָן אויף מיר מיט אַ זיפץ.

געוויינלעך בין איך טאַקע אַ גרויסע איבערקלייבערין אויפן עסן. אָבער פרייטיק צו נאַכטס עס איך אַלצדינג. איך טינק קוילעטש אין דער געשמאַקער פיש־יויך. איך עס אַ שטיקל געפילטע פיש, נאָך דעם, ווי עס גייט אדורך דעם טאַטנס קאָנטראָל, צי עס איז נישט פאַרבליבן אַ ביינדעלע, אַ חוץ דעם, עס איך אויך די יויך מיט מאַנדעלעך. אַ שטיקעלע עוף, אַביסל קאָמפּאָט און די מאַמע קוקט אויף מיר און שאָקלט צופרידן מיטן קאָפּ.

ווונדערט זיך יהודית:

— ביזט אַ מבין ווי זי עסט? — ווען זי זאָל אַזוי עסן יעדן טאָג, וואָלט זי נישט געווען אַזוי אויסגעדאַרט.

— שוטה וואָס דו ביזט — זאָגט איר דער טאַטע צערטלעך — פאַרשטייסט נישט, אַז דאָס איז די נשמה יתרה?

האַלט אונטער די מאַמע:

— אַ קלייניקייט, לכבוד שבת!

מישט זיך אַריין משהלע און פאַרהיקעט זיך אַזש מיט די רייד:

— אַזוי זאָגסטו? לכבוד שבת?... דו וועסט זען, אַז מאָרגן וועט זי גאָר־בּישט עסן.

— טאַקע אמת! — גיט צו יהודית און ביידע צוזאַמען נעמען אויסרעכע־נען די שבתדיקע מאכלים, וואָס איך עס נישט, ווי טשאָלנט, פּעטשאַ און אַנ־דערע זאַכן וואָס איך האָב פיינט.

הייבט דאָס מיר שוין אָן צו פאַרדריסן און איך רוק מיר אָפּ אויף צוריק, כּדי מיטן פוס צו דערלאַנגען משהלען אַ קלאַפּ. קומט אָבער אונטער די מאַמע און שלאָגט זיי איבער:

— אויף מאָרגן, זאָל גאָט זאָרגן. גוט איז אַ חיה־שעה.

— מאָרגן — זאָגט דער טאַטע — וועט שוין זיין ווער עס זאָל עסן איר חלק. איך וועל אם ירצה השם, ברענגען אַן אורח.

די מאַמע גיט שעמעוודיק אַ צי דאָס קאָפּ־טיכל און זאָגט:

— איך האָב טאַקע אין זינען געהאַט דיר צו פרעגן: ווי קומט דאָס וואָס דו האָסט היינט קיינעם נישט געבראַכט?

— הערסט, דער סוף איז גוט! — טוט דער טאַטע אַ מאַך בייז מיט דער האַנט — איך דערצייל דאָך דיר...

צעלאַכט זיך די מאַמע שבתדיק, זאָרגלאָז.

— דערווייל האָסטו נאָך גאָרנישט דערציילט, שמאי. אפשר האָסטו גע־טראַכט צו דערציילן.

— גערעכט — לאַכט אויך דער טאַטע — טאַקע נאָך נישט דערציילט.

יהודית לאַכט אויפן קול:

— וואָס מיינסטו, די מאַמע איז מחויב צו טרעפן אַלץ וואָס מען רעדט אין בית־מדרש?

— אוודאי! — ענטפערט ער מיט אַ שמייכל. אָבער באַלד ווערט זיין פּנים שטרענג, ער גיט אַ בייזן ווייז צום פענצטער, אין דער ריכטונג פון חיים שוחט־שטוב.

— ער מיט זיינע הוועיות, מיט זיינע ווילדע תנועות בשעתן דאַוונען, ברענגט מיר אַרויס פון געדולד.

קוקט די מאַמע אויף אים שטרענג און פרעגט:

— אַנטקעגן וואָס איז דאָס צו רייד געקומען? און נאָך אום שבת?

— פאַרשטייסט פייגל!... ער שאָקלט זיך אין דער לענג און אין דער ברייט משוגענערווייז, פונקט ווי ער וואָלט חלילה געוועזן דער איינציקער ייִד וואָס דאַוונט און מיר אַלע זענען בלאָטע, גאָרנישט ווערט. פאַרדריסט דאָס יעדן איי־

נעם. איך קאָן דאָס ממש נישט איבערטראָגן. ווייל איך קען אים גוט דעם פּאַר־שוין. איך ווייס אַז ער איז אַ לעמעשקע, אַ גאַרנישט שעבעגאַרנישט. די שטאָט לאַכט פון אים. די קצבים האָבן אים פיינט. אַפילו ביי אים אין שטוב הערט מען אים ווי די קאַץ. סיי די ווייב און סיי די קינדער האָבן פאַר אים נישט דעם מינדסטן דרך־ארץ. דעריבער קוק איך אַפילו נישט אין זיין ווינקל, צו זיין שטענ־דער, גלייך ווי ער וואָלט גאָר אויף דער וועלט נישט געווען.

היינט, ווען מען האָט געענדיקט דאָס דאַווענען און ווי געוויינלעך הייבט דער עולם אָן זיך צו שטופּן צו דער טיר. ווייסט דאָך, די אָרעמע לייט, די שטענדיקע, האָבן שוין אַ חזקה אַריינצופאַלן צו די רייכע באַלעבאַטים, כאַפּן אַ בעסערן ביסן לכבוד שבת. מהיכי־תיתי! זאָל זיי וווּיל באַקומען. איך האָב גע־וואַרפן אַן אויג אויף אַ פרעמדן ייִדן וואָס דרייט זיך דאָ נעבעך אַרום די גאַנצע וואָך. נאָך זיינע זיפצן, האָב איך שוין פאַרשטאַנען, די גאָלדענע געשעפטן, וואָס ער האָט דאָ געמאַכט. ער שטייט איין ביי נחום וועלוולען אין דער אכסניא. אַנומעלטן האָט זיך דער אַלטער נחום וועלוול געקלאָגט פאַר מיר אויף זיין מזל. פון זינט זיין אַלטע עליה־השלום איז נישטאָ, איז ביי אים דער שבת קיין שבת נישט.

— זי זאָל זיך מיַען, האָט ליב געהאַט אַ מצווה — שלאָגט די מאַמע איבער די רייד.

— אָט דאָס זאָגט ער דאָך טאַקע — גלעט זיך דער טאַטע די באָרד — די אַלטע זיינע, פלעגט אויף שבת צונויפרופן אַלע אורחים צום גרויסן טיש און מען פלעגט עסן צוזאַמען. זאָל אַ פרעמדער מענטש פאַרגעסן, אַז ער איז נע־ונד. די איצטיקע באַלעבאָסטע אָבער, די שנור זיינע, איז באַפאַלן מיט קליינע קינ־דער. זי האָרעוועט שווער אין איינפאַר־הויז. קומט דער אָוונט, פאַלט זי אַוועק ווי אַ דערהרגעטע פון מידקייט. זי באַווייזט קוים אָפּצוגעבן דאָס עסן איר איי־גענע משפחה.

פאַרברעכט די מאַמע מיט פאַרצווייפלונג די הענט:

— וויי, ווייִ! וואָס רעדסטו, שמאי? ווי איז דאָס מעגלעך — פרעגט זי דערשראָקן — איז ביי איר רעכט, אַז שבת זאָל אַ ייִד זיך לייגן שלאָפן אַ הונ־געריקער?

— פרעגסט שאלות — קרעכצט דער טאַטע — נאָר זי איז נעבעך נישט שולדיק, האָרעוועט צו פיל... נאָר דער ייִד וואָס איך זאָג דיר. זע איך שטייט שטיל, וויל זיך נישט וואַרפן אין די אויגן, שעמט זיך אפנים. גיי איך צו און פאַרבעט אים, אַז ער זאָל גיין מיט מיר, שפּרינגט אַריין חיים מיט אַ טענה, אַז

איך נעם צו בײַ אים די מצווה. ער זאָגט, אַז ער האָט פֿריִער געמאַכט אַ צייכן דעם ייִדן, אַז ער זאָל וואַרטן אויף אים.

דער ייִד שטייט דערווייל, ווי נישט אים מיינט מען. איך זע אָבער, אַז קיין געזונט קומט אים נישט צו פֿון דעם דינגען זיך. בין איך מיר מיישב און זאָג צו חיימען:

— דו ביזט גערעכט. די נעכט זענען פֿינצטערע. גלייכער ער זאָל גיין צו דיר. בײַ דיר איז אַ גרויסע שטוב, וועט טאָקע דער אורח אויך קאָנען איבער־נעכטיקן און פֿאַרשפּאָרן צו קריכן בײַנאַכט אין דער פֿינצטערניש אין דער אכסניא אַריין! „אם ירצה השם מאָרגן״ — זאָג איך שוין צום ייִדן, זאָלט איר וויסן, אַז איר זענט פֿאַרבעטן צו עסן בײַ מיר שבת״. חיים האָט שוין געמוזט באַשטיין אויף מיין פּלאַן — לאַכט דער טאַטע מיט נצחון — צי זיין גנעסיען וועט דאָס זיין צום האַרצן, ווייס איך נישט...

די מאַמע ווישט אָפּ די ליפּן מיטן פֿינגער און זאָגט:

— איך ווייס נישט, ווען גנעסיע האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון אַ מצווה? — דאָס וואָס טאַלנע באַרעדט איר, איז בײַ מיר אַ קליינער סימן.

— אויב דו ווילסט וויסן — מישט זיך אַריין יהודית — ווערט גנעסיע אַממערסטן באַרעדט פֿון דעם אָרעמאַן, וואָס עסט בײַ איר יעדן דאָנערשטיק. אָט דער מאָטל שלמהס איז דער ערגסטער באַרעדער. יעדן פֿרייטיק, ווען ער עסט בײַ אונדז, האַלט ער אין איין באַרעדן גנעסיען. און דאָס היט ער זיך נאָך בײַ אונדז. אין אַנדערע הייזער רעדט ער נאָך מערער. איך ווייס נישט וואָס פֿאַר אַ שלעכטס זי האָט אים געטאָן.

דער טאַטע שטעלט אָן אויף יהודיתן אויגן פֿול מיט שפּאָט און חוזק.

— אַזאַ חכמת ביזטו? — מען ווייס דאָך אַז ער, דער מאָטל שלמהס, איז אַ פֿריקרער ייִד, אַן איינגעגעסענע בריאה. איז וואָס איז דערפֿון געדרונגען? אַז ער באַדאַרף נישט עסן? אַז ער האָט נישט קיין מאָגן?

— אַוודאי — זיפֿצט פֿרום די מאַמע — אַזאַ צדיק, אַזאַ לייטישער און פֿרומער ייִד ווי דער אַלטער ר׳ אברהם עליו־השלום, איז זעלטן צו געפֿינען הייב־טיקע צייטן, מען זאָל אַפֿילו זוכן מיט ליכט. ער האָט בײַ אונדז געגעסן מאָנ־טיקן אַ קימאַ־לן פֿון כמעט אַכט יאָר און קיינמאָל האָט מען נישט געהערט פֿון אים קיין שלעכט וואָרט אויסרעדן אויף קיינעם — פֿאַרענדיקט די מאַמע באַ־גייסטערט, וואָס זי האָט אַ געלעגנהייט צו רעדן וועגן איינעם גוטס.

עס איז קענטיק אַז יהודיתן האָט דערעסן דער שמועס. זי וואַרפֿט שוין פֿאַר־בענקטע בליקן אויף איר ראָמאַן, וואָס זי וועט לייענען ביז דער לאָמפּ וועט אויסגיין.

מיר אינטערעסירט איבערהויפּט נישט דער שמועס. איך קוק אויף די ליכט פון וועלכע עס זענען געבליבן בלויז קליינע שטיקעלעך. איין לייכטער איז ריין און דער צווייטער פאַרחלבט. אין דעם ריינעם לייכטער שפּיגלט זיך אָפּ מיין פּנים, מיט אַלע פיר צעפּלעך. הייב איך אויף דעם קאָפּ, פאַרשווינדט ערגעץ מיין פּנים און עס פאַלט מיר איין אַ משונהדיקער געדאַנק: אַז ערגעץ אין אַ ווינקל פון לייכטער איז פאַרבליבן אַ פּינטעלע פון מיין קעפּל, און נישט נאָר פון מיר, נאָר פון אַלע מיינע ברידער און שוועסטער, וועלכע האָבן אַמאָל זיכער זיך געשפּיגלט אין זיי, ווי איך איצט. ווייל אויב נישט, פאַרוואָס זעען די לייכטער אויס אַזוי שטאַרק אונדזערע?

וואָס מערער איך קוק אין די לייכטער, אַלץ שטאַרקער איז מיין פאַרלאַנג זיך צו דערוויסן, ווי אַזוי עס האָט אויסגעזען דער ייִד, וואָס האָט געמאַכט אונדזערע לייכטער. איך בין זיך משער, אַז דאָס מוז זיין אַ ייִד מיט אַ לאַנגער, זילבערנער באָרד, מיט בלויע מילדע אויגן. איך קאָן אָבער נישט פאַרשטיין, ווי אַזוי עס האָט זיך אים איינגעגעבן, צו מאַכןביידע לייכטער פּינקטלעך, מיט די זעלביקע רינגעלעך, רעדעלעך און צאַצקעלעך.

עס רייסט זיך ביי מיר נישט ווילנדיק אַרויס אַ זיפץ, ווען איך דערמאָן זיך, אַז נישט געקוקט אויף אַלע מיינע אָנשטרענגונגען, אויף אויסצוגעפינען ווי אַזוי די לייכטער זענען געמאַכט געוואָרן, האָט זיך מיר נישט איינגעגעבן זיך עפּעס צו דערוויסן וועגן דעם. מיין זיפץ, רופט אָבער אַרויס ליצנות.

— ער זאָל נאָר פאַלן אין ים אַריין — זאָגט כלומרשט טרויעריק די מאַמע.

— גלייך אין פאַמוּניצע — כאַפּט אונטער יהודית.

און דער טאַטע פרעגט מיר זייער ערנסט:

— וואָס, טאַכטער מיינע, דיינע געשעפטן גייען שלעכט? צי דיינע שיפן זענען דיר חס־ושלום אונטערגעגאַנגען?

איך לייג נישט קיין אַכט אויף זייערע רייד און מיט אַ פאַרקנייטשטן שטערן דערמאָן איך זיך דעם פּרייטיק־צונאַכטס, ווען איך בין אַזוי געשטאַנען פאַרן טיש אַ טרויעריקע, דערפאַר ווייל יהודית האָט מיר נישט געוואָלט מיטנעמען אויף אַ קורצן שפּאַציר מיט איר חברטע.

פאַרגלייכנדיק אונדזערע לייכטער, מיט די געלע, בייכיקע לייכטער, וואָס איך האָב געזען ביי דער שטיפמוטער פון יהודיתעס חברטע באַבל, רייסט זיך ביי מיר אַרויס אַ פראַגע:

— מאַמע, ווו האָסטו געקויפט די לייכטער?

— געקויפט די לייכטער? — פרעגט איבער די מאַמע פאַרוווּנדערט — איך האָב זיי נישט געקויפט. זיי זענען מיר אַריינגעפאַלן דרשה־געשאַנק.

— וואָס הייסט דאָס? — פרעג איך פאַרוווּנדערט.

רעדט צו מיר די מאַמע צוגעלאָזט:

— היינט, מיין קינד, איז דאָס שוין אויס מאָדע. אַמאָל אָבער, ווען איך מיט דיין טאַטן זאָלן געזונט זיין, האָבן חתונה געהאַט, האָט ער געזאָגט אַ דרשה — אַלץ הייסט אַ דרשה! הייבט אויף די מאַמע שטאָלץ דעם קאָפּ. מען איז אויף די קעפּ געשטאַנען, ממש פּערל האָבן זיך אים פון מויל געשאָטן... ווען ער האָט געענדיקט, האָט דעם טאַטנס באָבע יהודית (אונדזערע אויף לאַנגע יאָר!) מיר געשענקט אַ מתנה די לייכטער.

איך שטיי אָבער נישט אָפּ פון מיינס.

— און זי, די באָבע, ווו האָט זי געקויפט די לייכטער?

די מאַמע ציט מיט די אַקסלען.

— וואָס ווייס איך?

— איך מיין, מאַמע, ווער מאַכט לייכטער און ווי אַזוי?

— ווער עס מאַכט לייכטער? לייכטער מאַכט מען נישט, מען גיסט זיי אויס — ענטפערט זי נישט זיכער.

— מען גיסט זיי אויס? — שפּרינג איך אויף — וואָס הייסט, ווי אַזוי? ווי אַרום גיסט מען זיי אויס?

— רבונו של עולם! — ווענדט זיך די מאַמע מיט אַ טענה צו דער סטעליע — מיט וואָס האָב איך זיך פאַרזינדיקט? פאַרוואָס קומט מיר אַזאַ איינגעגעסן קינד? אַז מער הערט מען נישט פון איר ווי נאָר, „וואָס?", „ווער?", „ווען", „פאַרוואָס?", „ווי אַזוי?", „ווי אַרום?", „פאַר ווען?" — עס איז ממש נישט איבערצוטראָגן פון איר.

איך בויער מיר כסדר דעם קאָפּ, וועגן דעם וואָס אַזוינס עס מיינט אויסגיסן. ביז איצט האָב איך געוווּסט, אַז מען גיסט אויס פּאָמוּיניצעס און מען פאַרענטפערט זיך, אַז דאָס איז געווען ריין וואַסער און אָפּטמאָל קומט צו קריגערייען צווישן די שכנים און אַפילו צו געשלעגן צוליב דעם אויסגיסן...

— צעטראָגענער מלאך! — שלעפּט מיר די מאַמע פאַרן אַרבל — שוין ווידער פאַרחלומט, נאַ, עס בעסער אַ פלוימעלע — רוקט זי מיר אין מויל אַריין אַביסל קאָמפּאָט.

* * *

קאַפּיטל צוויי

# מיין שוועסטער ריסל

— זאָל דאָס אפשר זיין די געשיכטע פון די לייכטער? — ניין! בשום אופן נישט.

באַשיינען און באַפּוצן אַ שבתדיקן טיש, מיט מערער אָדער ווייניקער ליכט — דאָס איז די מיסיע פון אַלע לייכטער און אויך פון אונדזערע.

אונדזערע לייכטער פאַרבאַהאַלטן הינטער זיך אַ געשיכטע ספּעציעל פון אונדזער שטוב און צו דער געשיכטע דאַרף איך זיך ערשט דערקלייבן.

און אָט בין איך ווידער פאַר דעם קנויל פון קינדער־זכרונות. איך אַליין בין אַריינגעפּלאָנטערט און פאַרדרייט אין אים. איין נישט דרייסטער צי, איין אומגעלונגענער שלעפּ און עס פאַלט גאַר אַרויס אַ פּראָסטער, אַ פּשוטער מיטוואָך.

— „אַ פּראָסטער, אַ פּשוטער מיטוואָך" — האָב איך געזאָגט?

— ניין, שוין ווייט נישט קיין פּראָסטער און פּשוטער מיטוואָכדיקער אָוונט איז דאָס געווען. וויבאַלד ריסל, מיין חתונה־געהאַטע שוועסטער, איז בייגעווען, וויל ווען זי, מיין עלטסטע שוועסטער, פלעגט קומען צו אונדז צו גאַסט פון איר ווייט שטעטל, איז דאָס אַליין פאַר אונדז אַלעמען געווען דער גרעסטער יום־טוב און די גרעסטע פרייד.

שוין דאָס ערשטע פּאָסט־קאַרטל, וואָס פלעגט מעלדן, אַז זי קומט, האָט מיטאַמאָל איבערגעהאַקט די גרויע מאָנאָטאָנקייט פון די לאַנגווייליקע וואָכע־דיקע טעג.

ווען דער טאַטע האָט, ביים לייענען עס, זיך געקוויקט מיטן דראָבנעם כתב, פון מיין שוואָגער שלמהס לשון־קודש, פלעגט די מאַמע אומגעדולדיק, פול מיט פריידיקער דערוואַרטונג קוקן אויף אים. און ווען דער טאַטע פלעגט ענדיקן לייענען פאַרהוסט ער זיך אַביסל און זאָגט צו דער מאַמען:

— ווידער די אייגענע מעשה, פונקט ווי פאַראַיאָרן. דיין טאָכטער האָט במחילה קיין שכל נישט. זי איז אַ שוטה, אַ גרויסער נאַר. שלמה פאָרט אויף עטלעכע וואָכן קיין וואַרשע, האָט ער איר פאָרגעלייגט אַז זי זאָל מיטפאָרן מיט

אים, וועט זי פאַרשפּאָרן בענקען און נודיען זיך אַליין אין דער היים און וועט טאַקע זיין אין אַ גרויסער שטאָט און זען אַ וועלט. ווייסטו, וואָס זי ענטפערט אים? זי זאָגט, אַז זי איז אים מוחל אַלע גליקן, אויף וואַרשע מיט אירע אַנטיקן. די צייט, וואָס ער וועט נישט זיין אין דער היים, וויל זי בעסער פאָרן צו טאַטע־מאַמע.

— האָסטו געהערט אַ נאַר? — פאַרענדיקט דער טאַטע מיט אַ געלעכטער און עס איז קענטיק, אַז דער טאַטע איז זייער צופרידן דערפון, וואָס זיין טאָכטער איז אַזאַ נאַר..

די מאַמע ציטערט אַזש פאַר פרייד. זי צעבינדט און פאַרבינדט די עקן פון דער פאַטשיילע.

— הערסט שמאי — רעדט זי אָן אויפגערעגטע — איך פאַרהאָף צו גאָט, אַז פאַר איר אָפּהיטן כיבוד־אָב און כיבוד־אם, וועט אונדזער ריסל נאָך האָבן אַ סך קינדער.

— כאָטש איינס, זאָל השם יתברך העלפן! — זיפצט טרויעריק דער טאַטע.

יהודית כאַפּט אויף זיך אַרויף דער מאַמעס שאַל און לויפט צו אַ חברטע, זיך טיילן מיט דער פרייד פון ריסלס קומען.

איך מיט משהלען, נעמען זיך יאָגן ווילד איבער דער שטוב און אָט אַ וווּנדער: קיינער שטערט אונדז נישט, מען זאָגט אונדז נישט דאָס מאָל, ווי שטענדיק אין אַזאַ פאַל:

— וואָס איז די שמחה אויף אייך? — איר האָט געמאַכט דאָס גרויסע געווינס? אָדער משיח איז געקומען און דער גלות מיט די צרות און גזרות האָט זיך געענדיקט?

אָדער:

— ווי איז דאָס געהערט געוואָרן, אַז קינדער זאָלן זיין אַזוי ווילד און צעלאָזן? וואָס, אַלע צייטן זענען גלייך? אַפילו קליינע קינדער דאַרפן פאַרשטיין, אַז מיר לעבן אין אַ צייט פון שרעק און אומגליק. מען האַלט די נשמה אין דער האַנט און ביי זיי איז חי־געלעבט! שמחת־תורה אויף זיי!

ניין, דאָס מאָל לייגן טאַטע־מאַמע נישט קיין אַכט אויף אונדז. זיי רעדן צווישן זיך שטיל און חשבונען עפּעס.

און דאָס אַלץ איז נאָך פריער, איידער ריסל קומט. היינט ווען זי, ריסל, איז שוין אין שטוב? דעמאָלט זעט אַפילו די שטוב אויס אַנדערש, נישט ווי געוויינלעך, נאָר מאָדנע יום־טובדיק. אומעטום איז זויבער און פריש, די ווענט אָרומגעשמירט. די ווייסע פאָרהאַנגען, מיט די טשעכאָלן אויף די סאָפקעס, זענען ווייס ווי שניי און שטייף אָנגעקראָכמאַליעט. די פּאָלן גלאַנצן. אַחוץ דעם אַלעמען, באַ־

קומט נאָך די שטוב אַ מאָדנעם אויסזען מיט ריסלס זאַכן. דער שטרויענער קאָרב — די „קאָרזינע״, שטייט שוין אַ צעפּאַקטע צווישן דעם צוקאָפּנס פון דער מאַ־מעס בעט און דער רויטער ספרים־שאַפע. דעריבער זעט מיר אויס דער אַלקער אַביסל פרעמד. אין עסצימער אויף דער סאָפקע, ליגט ריסלס אַ נייער געקעסטל־טער שאַל. די געלע קליידער־שאַפע שטייט מיט פעסט־פאַרמאַכטע טירן, מיט אַ מינע, ווי איר גייט ווינציק וואָס אָן, דאָס וואָס יהודית האָט אין איר צעהאָנגען ריסלס אַלע טייערע קליידער. עס איז אָבער געווען צו עפענען אַ טירל און מען זעט גלייך ריסלס פוטערנעם מאַנטל, געדעקט מיט קאָטיקאָווע פליוש. חוץ דעם ווערט אַנדערש דער צימער מיט דעם געלן, קיילעכדיקן, הילצערנעם, גלאַנציקן קעסטל וואָס שטייט אויף דער שאַפע און אין וועלכן עס געפינען זיך ריסלס שליאַפּעס און צווישן זיי דער שבתדיקער הוט מיט דער שטרויספעדער, וואָס קאָסט אפשר גאַנצע 25 רובל. דעם פעדער האָבן שוין אַלע אין שטוב און אַפילו אייניקע שכנות באַוווּנדערט און אַרויסגעזאָגט פאַרשידענע מיינונגען, ווי למשל:

דער טאַטע:

— מעגסט מיר גלייבן, אַז פאַר דעם געלט וואָלט איך דיר געבראַכט פון בית־השחיטה אַ גאַנצן זאַק מיט פעדערן.

די מאַמע:

— טראָג דאָס געזונטערהייט, מיין קינד. מאַך דיר פיל גוטס און עס זאָל דיר ווויל באַקומען. און גאָט זאָל דיר נאָך היינטיקס יאָר אויפריכטן מיט אַ גע־זונט קינד. נאָר הלמאַי זאָל איך דיר זאָגן — איך פאַרשטיי נישט — ווי האָט דאָס דיין שלמה געהאַט אַ האַרץ אַוועקצוגעבן אַ גאַנצן פינף־און־צוואַנציקער, פאַר אַזאַ „שמאָכטע״?

און פייגעלע די שוחטקע זאָגט:

— אַז מען וויל רעדן צוריק, איז דאָס גאָרנישט אַזוי סטראַשנע. ווייל אַזאַ פעדער טראָגט מען סיי זומער, סיי ווינטער, צו אַלע הוטן, אַזוי אַז עס קומט שוין באַלד אויס „סכאָדנע״.

אויך אונדזער קליין טישל, וואָס שטייט אין זאַל און איז פאַרשפּרייט מיט גרינעם קלעק־פּאַפּיר. דאָס טישל וואָס געהער צו יהודיתן און עס ליגן אויף אים סימעטריש אויסגעלייגט צוויי רייען רוסישע ביכער און איבער וועלכן עס הענ־גען אויף דער וואַנט צוויי בילדער: איינס פון טאָלסטאָיען און דאָס צווייטע פון גאָרקין און צווישן די בילדער דער אויסגענייטער בריוונטאַש, וואָס יהודית האָט אים אַליין געמאַכט מיט אירע אייגענע הענט — אויך דאָס טישל באַקומט אַן אַנדער אויסזען: סאַמע אויבן־אָן שטייט דאָרט אַ פּירקאַנטיק שיין שאַכטעלע מיט פּודער, אויף וועלכן די מאַמע קוקט בפירוש קרום. לעבן דעם שאַכטעלע, אַ שיין

פלעשעלע פּאַרפום, פון וועלכן ריסל האָט שוין באַוויזן צו „באַשמעקן״ סיי מיר און סיי משהלען.

מיט איין וואָרט: אַלץ אין שטוב איז נישט געוויינלעך און פאַרענדערט. אַפי־לו דער גראָבער שטריק, מיט וועלכן ריסלס קאָרזינע איז געקומען אַרומגעבונדן פון באַגאַזש און איצט ליגט ער צונויפגעוויקלט אויף דער אונטערשטער פּאָליצע פון דער שוואַרצער שאַפע — אויך ער רופט ביי מיר אַרויס אַן אינטערעס, וואָס איז געמישט מיט מורא און דרך־ארץ, צוליב די סימנים פון רויטן טריוואָקס פון די אומצאָליקע שטעמפּלען — אַ קליינינקייט, אַ „קאַזיאָנער פּעטשאַט!״...

דער עיקר: די גאַנצע שטוב איז פול מיט ריסלען און נישט נאָר די שטוב, נאָר אַפילו דער אינדרויסן איז אין יענעם מיטוואָכדיקן אָוונט געווען נישט קיין געוויינלעכער.

אַ שיינע ליכטיקע לבנה־נאַכט, אַ קליין אַנגעגעם פרעסטל האָט פריילעך געזונגען אונטער די טריט. דער ווייסער שניי האָט געבליאַסקעט קעגן דער שיין פון דער לבנה. די שטיבער, באַדעקט מיט ווייסע דעכער שניי, האָבן אויסגעזען פאַנטאַסטיש, נישט רעאַל און יום־טובדיק.

ווען יהודית מיט ריסלען זענען יענעם אָוונט אַרויס אויף דער גאַס שפּאַ־צירן, האָט שוין דאָרטן אַרומגעשפּאַצירט אַ גרויסער יוגנטלעכער עולם. און אַלע מיט וועמען מען האָט גערעדט, האָבן געהאַלטן אין איין טענהן — ווער אויף יידיש און ווער אויף רוסיש — אַז די נאַכט איז אַ צויבערנדיקע, אַ כישופדיקע, אַ פּרעכטיקע, אַ ווונדערלעכע, אַ הערלעכע און אויסערגעוויינלעך שיינע. אַלע זענען געווען אויפגערעגט, זיך געפילט באַגייסטערט און דערהויבן. אייניקע מייד־לעך האָבן דעקלאַמירט פּושקינס און לערמאָנטאָווס לידער וועגן ליבע, שיינקייט און קאַמף און אַנדערע, פּרוגס און נאַדסאָנס טרויעריקע, וויינענדיקע לידער פול מיט פאַרצווייפלונג. ווער עס האָט געטענהט, אַז דאָס לעבן איז שיין און ווירדיק און ווער — פאַרקערט.

ריסל האָט שפּאַצירט מיט מלכה ר׳ דודס, איר חברטע פון די קינדער־יאָרן און שטיל גערעדט מיט איר. יהודית האָט געהאַלטן שבעקע דעם מנקרס ביי דער האַנט און האָט אויף רוסיש זיך געבעטן ביי איר, אַז זי זאָל נישט מיינען, אַז ריסל איז אַ פּשוט אַלטמאָדיש אָפּגעשטאַנען ווייבל, דערפאַר וואָס זי טראָגט אַ פּאַרוק. ריסל איז געצוווּנגען צו טראָגן אַ פּאַרוק דערפאַר ווייל זי איז אַ דיינס אַ שנור. זי האָט אָבער פאַרזיכערט שבעקען, אַז ריסל איז מיט די געדאַנקען שוין ווייט, גאָר ווייט אַוועק. און אַז איר גופא — יהודיתן, הייסט עס — פאַרשטייט נישט קיינער אַזוי גוט, ווי ריסל.

— ווייל אַחוץ אַלעמען — פאַרזיכערט יהודית — האָט ריסל אַ דערהויבע־נע, אַ באַפליגלטע, אַן איידעלע און גרויסע נשמה.

שבע דרייט מיטן פיסקל און האָט טענות, הלמאַי איז אויף ריסלען נישט קענטיק, אַז זי „סטראַדאַיעט“ (ליידט)?...

יהודית בעט זיך כמעט און טענהט אַריין צו שבעקען:

— זי פאַרשטייט אַלע מיינע שטרעבונגען, מיינע פאַרלאַנגען און מיין אומ־רו. זי פילט מיר מיט מיטן גאַנצן האַרצן.

עטל דעם רבס מישט זיך אַריין. זי זאָגט, אַז אַזאַ שיינע נאַכט ווי די היינ־טיקע געדענקט זי נישט זינט זי לעבט. אַ סימן, אַז אין אַ וואָכנדיקן ווינטער־אָוונט שפּאַצירט גאַנץ טאַלנע אויף דער גאַס. נישט אַנדערש, אַז די „פּריראָדע“ (נאַטור) האָט צוגעגרייט לכבוד ריסלען אַ קבלת־פּנים.

— נו, ווי אַזוי זשע קאָן מען זאָגן, אַז דאָס איז אַ פּראָסטער טאָג מיט אַ גע־ווייִנלעכן אָוונט? נישט מער, וואָס ביז איך קום צו צו דעם באמת שיינעם אָוונט, ליגט מיר אויפן וועג אַ זייער מיאוסער כמאַרנער און נאַסער וואָכנדיקער טאָג פון אַ דינסטיק, וועגן וועלכן מען זאָגט געוויינלעך, אַז דאָס איז אַ וועטער פּונקט ווי אויפן האַרצן.

* * *

אין אַ דינסטיק אינדערפרי, אין דעם פרימאָרגן פון אַ מאַרק־טאָג, האָט זיך פייגעלע די שוחטקע אַריינגעכאַפּט צו אונדז אויף אַ מינוט. שטייט זי אין קיך לעבן דער מאַמען, וויגט זיך אויף די הויכע אָפּצאַסן פון די שיך, שאָקלט מיטן קאָפּ וואָס איז באַשטעקט מיט פינקלענדיקע גלאַנצנדיקע קעמעלעך און קלאָגט זיך ביטער פאַר דער מאַמען:

— כאָטש נעמט מיר אַראָפּ דעם קאָפּ, כאָטש דערהרגעט מיר, געדענק איך נישט ווען איך האָב געבאָרגט מיין שטייסל. שטעלט אייך פאָר, איך זשאַלעווע נישט קיינעם דאָס שטייסל — וואָס, מען וועט דאָס אָפּבייסן? מיר פאַרדריסט נאָר הלמאַי מען קערט דאָס נישט אום צוריק. פאַרוואָס איך, אַז איך נעם עפּעס ביי יענעם, לויף איך באַלד און טראָג עס צוריק אָפּ? ווייל יענעמס איז יענעמס און מיינס איז מיינס. עס קומט אויס צו זיין אַ שלעכטע און גאַרנישט לייען קיי־נעם פון שטוב.

— ווייס איך וואָס — טרייבט די מאַמע קאַטאָוועס — איך האָב טאַקע באַמערקט היינט פאַרטאָג, ווי צוויי סאָלדאַטן האָבן זיך געשלאָגן איבער דיין שטייסל... נאַריש קינד, קיין גרעסערע זאָרג זאָלסטו קיינמאָל נישט האָבן. נישט לענגער זאָל דער גלות דויערן, ווי לאַנג די זאָרג וועט געדויערן. וועסט זען, ווי

דו אַליין וועסט זיך דערמאָנען, ווען דו האָסט אַנטלויפן דיין שטייסל און וועסט אים גיין אָפּנעמען. איך האָב איינמאָל געהאַט אַזאַ געשיכטע מיט אַ פּרעסל.

— איר זעט? — שרייט אויס פייגעלע מיט נצחון — איר קומט אַרויף אויף מיינס. און דאָס זיפּל האָט אייך צעבראָכן העניע, אַלטער משה ריוועס. פראַדל — ווייזט פייגעלע צו דער שכנישער שטוב — איז זייער געדעכט דער־מיט, וואָס זי לייט גאָרנישט פון שטוב.

— נאָך אַ מין גערעכט! — חוזקט די מאַמע — טאָמער האָט זיך געמאַכט, אַז אירער אַן עמער האָט אָנגעהויבן צו רינען, נאָך דעם ווי זי האָט אים געלויזן צו העניען. עס פאַרשטייט זיך, אַז העניע האָט נישט אויף צו באַצאָלן פאַרן פאַר־ריכטן. איז פראַדל געוואָרן בייז און פאַרזאָגט דער דינסט זי זאָל מער קיינעם נישט לייען קיין שטובזאַכן. אָבער איך פרעג דיר, איז דאָס אַן אויפטו, מיט אַ שכל?

— און דו ווייסט נאָך וואָס איך וועל דיר זאָגן? — לאָזט די מאַמע נישט ענטפערן פייגעלען — איר גיט זיך דאָס איין, ווייל זי איז אַ גאַנצן טאָג נישטאָ אין דער היים און זי האָט פאַרזאָגט דער דינסט: נישט לייען — איז נישט. אַ גוי ווייסט דיר קיין חכמות נישט. איך גלייב פונדעסטוועגן, אַז זי אַליין וואָלט נישט געהאַט קיין האַרץ אָפּצוזאָגן העניען צו לייען דעם עמער, ווייסנדיק אַז אירע קינדער טראָגן נעבעך אַליין וואַסער פון ברונעם. און נאָך וועל איך דיר זאָגן: דער זאַטער גלייבט נישט דעם הונגעריקן. זי, פראַדל, איז אַ בריה. זי האָט זיך איינגעשאַפט אַ גרויסע באַלעבאַטישקייט, דערפאַר ווייל זי נעמט אַרויס געלט פון טישקעסטל זעט זיך דאָס נישט אָן. אַ קראַם, איז נישט קיין געציילטער גראָשן, ווי ביי אונדז.

— מיינע ווערטער! — שרייט אויס פייגעלע — איך טענה דאָך תמיד: ווי אַזוי קאָן איך עפּעס אָפּשפּאָרן, אַז איך שטיקעווע קוים אויס די הוצאה. ווען מען נעמט, אַדאַנק גאָט אָפּ די שכירות, הייב איך אָן אַראָפּרעכענען פאַר קליינע און גרויסע חובות, ביז עס בלייבט גאָרנישט. פאַרקערט, עס פעלט מיר נאָך שטענ־דיק אויס.

צעלאַכט זיך די מאַמע:

— איך בין שוין געגאַנגען אַמאָל אין דיינע שיכלעך. גלייב מיר, אַז איצט איז מיר אַ סך שווערער.

בייג איך מיר צו צו פייגעלעס שיכלעך און באַטראַכט זיי און איך געדענק נישט, אַז די מאַמע זאָל זיי האָבן אַמאָל געטראָגן. אירע שיך זענען טאַקע אַלט, האָבן עטלעכע לאַטקעלעך און, ווי עס ווייזט אויס, רינען ביי איר די קאַלאָשן.

נאָך גוט — טראַכט איך — וואָס זי האָט נאָך אַ פּאָר שיך מיט נייע קאַ־לאָשן, וואָס זי טראָגט נאָר שבת און יום־טוב, ווען זי גייט אין שול אַריין.

נישט אומזיסט, זאָגט אויף איר די מאַמע, אַז זי איז זייער אַ בריה, אַ שפּאָר־זאַמע, אַ שווינערקע און אַ „סטאַראַטעלנע" ווייבל. וויפל יהודית טענהט נישט, אַז אויף רוסיש איז „סטאַראַטעלנע" נישט קיין אויסדרוק און קיינער זאָגט נישט אויף שפּאָרזאַם „סטאַראַטעלנע", פאַלט די מאַמע נישט אַראָפּ ביי זיך און זאָגט אַז וויבאַלד מען סטאַרעט זיך איינשפּאָרן, איז מען „סטאַראַטעלנע"...

ווען איך הייב מיר אויף פון דער ערד, נאָך דעם, ווי איך האָב באַטראַכט פייגעלעס קאַלאָשן ביי דער טיר אויף דער רעדניע און האָב זיך איבערצייגט, אַז עס רינט אין זיי אַריין און עס לוינט זיי נישט צו פאַרריכטן, האַלטן נאָך די ווייבער ביי דעם זעלביקן שמועס, ווענן דעם, ווי אַזוי די מאַמע האָט געבעטן שיינדעלען, העניעס מיידעלע, בשעת זי האָט איר געליִען דאָס זיפּל, אַז זי זאָל שיטן פאַרזיכטיק דאָס מעל, ווייל דאָס זיפּל... און ווי יענע האָט איר נישט געפאָלגט.

— נאָר וואָס איז דער חידוש? — געפינט באַלד די מאַמע אַ זכות — אַז מען שטעלט אַוועק אַזאַ קינד איבערזיפּן אַ גאַנצן פּוד מעל. די קליינע איז דאָך נישט מער ווי אַ קינד, זי האָט אַ פּנים זיך געוואָלט גיין שפּילן, האָט זי מיטאַמאָל אַ שיט געטאָן דאָס גאַנצע מעל און האָט צעריסן דאָס זיפּל. האָט זי דאָס אומ־געקערט שטילערהייט, האָט דאָס אַוועקגעשטעלט אין קיך ווען קיינער האָט נישט געזען, האָב איך דעריבער נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה ווי דאָס אַליין אַוועק־געבן צו פאַרריכטן. ווייסט דאָך, קיין איבעריקס האָב איך נישט. עס קומט אויס מיט גוואַלד אָפּצורייסן אַ גראָשן און מען איז דאָך נישט מער ווי אַ מענטש — זאָגט פאַרשעמט די מאַמע — האָב איך העניען דעם ענין פאַרגעהאַלטן, נו, איז שוין אַ פּאָר וואָכן ווי זי קומט נישט נאָכן זיפּל. אַ פּנים, זי שעמט זיך נעבעך. קאָסט דאָס מיר בפירוש געזונט.

— וואָס, איר זענט מחויב זי אויסצוהאַלטן מיט אַ זיפּל? — פרעגט פייגעלע.

— ביסט אַ נאַר — ענטפערט איר די מאַמע — איך פאַרשטיי, אַז זי קריגט אַ זיפּל ערגעץ אַנדערש. מען וווינט, גאָט צו דאַנקען, צווישן ייִדן. אָבער פריִער האָב איך כאָטש געוווסט, ווען אַלטער, העניעס מאַן, האָט געקראָגן מעל און זיי האָבן ברויט אין שטוב. עס קומט אים אָן געננוג, געננוג שווער, נעבעך. קיין עין־הרע אַזאַ כאַליאַסטרע קינדערלעך צו באַשפּייזן.

— יענע וואָך — זאָגט פייגעלע — האָב איך געזען צופירן צו זיי אַ זעקל מעל.

— וואָס רעדסטו! — גיט די מאַמע אַזש אַ פריילעכן טאַנץ — דאָס איז ביי מיר בפירוש אַ גוטע בשורה. לאַנג לעבן זאָלסטו דערפאַר. איצט ווייס איך,

אַז זיי האָבן כאַטש אויף אַ פּאָר וואָכן ברויט צו עסן און אויף ווייטער וועט גאָט אויך העלפן. גאָט איז אַ פאָטער.

איך שטיי אויף די שפּיץ־פינגער. רייס ארויף דעם קאָפּ און באַוואונדער פיי־געלעס גלאַנציקע קעמעלעך. איך וואָלט וועלן פאַרשטיין, ווי אַזוי זיי זענען אַנ־געקומען אַזש פון אַמעריקע און ווי אַזוי האָבן זיי פייגעלעס שוועגערינס געשיקט די מתנה. פּלוצלינג וויקלט זיך פייגעלע איין אין שאַל און לאָזט זיך גיין צו דער טיר.

— וווהין לויפסטו, פייגעלע? — פרעגט איר די מאַמע.

— וואָס הייסט, וווהין? — איך גיי דאָך אין מאַרק אַריין, אויפן יאַריד. נאָר זאָל מיר צו קיין חרפּה נישט זיין, איך האָב מיר אַריינגעכאַפּט צו אייך אויף אַ מינוט און שטיי שוין דאָ באַלד אַ שעה.

— נו, אַ קליינע שעה — באַרויִקט איר די מאַמע — נאָר וואַרט שוין אויס, מיין יהודית וועט אַריינקומען, וועל איך גיין מיט דיר. דעם אמת זאָגנדיק, קוועטשט מיר נישט דאָס איבעריקע געלט, פונדעסטוועגן וועל איך כאַפּן אַ קוק, אפשר מאַכט זיך מיר עפּעס צו קויפן.

— יהודית איז דאָך געגאַנגען אין פּאָסט — זאָגט פייגעלע — וועט זי זיך מסתמא אַריינכאַפּן צו איר חברטע פון יענער זייט בריק און דאָס וועט דאָך אַוודאי געדויערן.

— ניין, זי וועט נישט גיין אין ערגעץ. וואָס רעדסטו? זי האָט זיך פאַרגר־מען איבערצוקערן די שטוב, צוליב ריסלס קומען. זי וויל אָפּרייניקן די סטעליע, אַרומשמירן די ווענט, איבערוואַשן די פאַרהאַנגען פון די פענצטער, די טשעכאָלן פון די סאָפקעס און די דעקלעך פון די קישנס. וויפל איך בעט מיר נישט ביי איר און טענה, אַז פון צופיל וואַשן קומט נישט צו קיין געזונט דעם לייוונט, האַלט זי זיך ביי אירס און גיי טו איר עפּעס! און אַחוץ דעם וויל נישט שמאַי, אַז זי זאָל אַזויפיל האָרעווען. ער טענהט, אַז קינדער פון אַ קראַנקן טאַטן דאַרפן זיין פאַרזיכטיק און נישט אַרבעטן צופיל. זי איז אָבער אַן עקשן. זי ווייסט אַ פּנים נישט, אַז וואָס צופיל איז איבעריק — אַ צו גרויסע בריה טויג אויך נישט.

ביי די דאָזיקע ווערטער, שפּרינגט פייגעלע אויף און שטעלט זיך אַוועק אין אַ קריגערישע פּאָזע אַנטקעגן דער מאַמען.

— אונדזערע שונאים זאָלן נישט דערלעבן צו האָבן אַזעלכע קינדער. עס זאָל אייך נישט פאַרדריסן, וואָס איך זאָג אייך דעם אמת אין די אויגן. פון זינט יהודית האָט זיך אויפגעכאַפּט אויף די פיס, האָט אייער שטוב באַקומען אַן אַנ־דער אויסזען. אַחוץ דעם, וואָס אין אייער שטוב איז איצט אַזוי זויבער־ריין, אַז עס גלאַנצט אין יעדן ווינקעלע, האָט זי געשאַפן געמיטלעכקייט מיט איר איי־

דעלן געשמאַק. זי האָט צוגעפּוצט די שטוב פֿיין, נישט גראַביאַנסקע, ווי ביי אַנ־דערע. זי האָט געמאַכט שיין די שטוב, מיט די קלאָרע פֿאָרהאַנגען, מיט די ווייסע טשעכאָלן, מיט די בילדער און פֿאָטאָגראַפֿיעס און וואָס קאָסט דאָס אייך? אָט האָט זי גענומען דעם טאַטנס אַלטע צעריסענע אַטלאַסענע קאַפּאָטע, וואָס האָט זיך געוואַלגערט צווישן די שמאַטעס, אַרויסגענומען אַ שטיק אַטלאַס, עס אויס־געגנייט און אָט האָט איר אַ שיינעם בריוונטאַש, וואָס באַצירט די וואַנט לעבן איר טישל מיט די ביכער.

פֿייגעלע לויפֿט אַריין אין צווייטן צימער און שטעלט זיך אַוועק פֿאַרן טישל, איבער וועלכן עס הענגט דער בריוונטאַש.

— יהודית — זאָגט זי — איז אַ „רוקאָדעלניצע”, וואָס די וועלט פֿאַר־מאָגט נישט אַזוינס. פֿאַר איר איר גענוג אַ פֿויגל זאָל דורכפֿליִען, מאַכט זי אים נאָך.

די מאַמע, אַ געריירטע, שאָקלט צופֿרידן מיטן קאָפּ.

איך קוק אויף ביידן מיט פֿאָרוווּרף און פֿאַרדראָס. ערשטנס, דער פֿויגל איז אַ היפּש ביסל איבערגעטריבן. אמת, יהודית האָט טאַקע אויסגענייט אַ טייבעלע אויפֿן „פּיסמעניק” (בריוונטאַש). זי האָט אָבער די צייכענונג אַראָפּגענומען מיט אַ בלויען פּאַפּיר ביי אַ חברטע. זי האָט בשעת דעם צייכענען געהאַלטן אין איין טרייבן מיר פֿון טיש, מיט דעם אויסרייד, אַז מיט מיין צוקוקן זיך שטער איך איר.

צווייטנס ווידער, פֿאַרדריסט מיר אויף דער מאַמען. זינט ווען איז זי דאָס מיט דעם בריוונטאַש אַזאַ גוטער ברודער? יעדן פֿון אונדז איז באַוווּסט, אַז די מאַמע איז אויף אים אש להבה, ווי פֿייער מיט וואַסער. מער ווי איין מאָל האָב איך געהערט ווי די מאַמע קלאָגט זיך, אַז דער „פּיסמעניק” פֿאַרקירצט איר די יאָרן און טעג.

די קאָנפֿליקטן צווישן דער מאַמען מיט יהודיתן איבער דעם בריוונטאַש זענען שטענדיק צוליב דער זעלבער סיבה. די מאַמע האָט אין אירע פֿרייע מאָ־מענטן געשטריקט און אונטערגעאַרבעט זאָקן. אַזוי ווי עס איז איר אָפּטמאָל אויסגעקומען איבערצורייסן דאָס שטריקן און לויפֿן צו עפּעס אַ דרינגענדיקער אַרבעט אין קיך, פֿלעגט זי אין איילעניש צונויפֿלייגן דעם זאָק מיט דעם גרויסן קנויל באַוול און דאָס אַריינשטופּן אין דעם בריוונטאַש. ווען יהודית דערזעט דאָס, נעמט זי שרייען אַ פֿאַרצווייפֿלטע, אַז קודם־כל איז דער זאָק נישט קיין „שיינדל” אויף אַרויסצושטעלן אים אויבן־אָן און אַחוץ דעם, טאָר מען בפֿירוש דעם בריוונטאַש נישט אָנשטופּן, ווייל דערפֿון ווערט ער צעקרומט און צעלאָמט, צעפּאָרן, צעטראַסקעט און צעפּאַנאַכעט. אויף דעם ענטפֿערט די מאַמע, אַז בשעת

זי לויפט אָפּגיסן דאָס פלייש, אָדער אַראָפּכאַפּן די מילך פון פייער, גיט זי אַ לייג אַוועק דעם זאַק ווו עס עס איז צו דער האַנט און זי האָט נישט אַזאַ לויטערן קאָפּ אויף אין זינען צו האָבן דעם „פוץ" — ביי דיר אָבער איז דער „פיסמעניק" טייערער פאַר דער מאַמען — לאָזט די מאַמע אויס איר טענה צו יהודיתן — פון ריסלען האָב איך קיינמאָל אַזאַ שפּראַך נישט געהערט. ריסל האָט זיך גע־חברט מיט איר גלייכן און שטענדיק געדענקט ביי וועמען זי שטייט איין.

— פאַרוואָס אָבער מוז די מאַמע אין אַזאַ גרויסער שטוב, דווקא נאָר לייגן דעם זאַק אין בריוונטאַש? — פרעגט יהודית מיט טרערן — דאָס איז דער בעס־טער סימן, אַז מען טוט מיר אויף צו להכעיס.

ענטפערט די מאַמע אַז דאָס איז אַ ליגן. ווייל בלויז נאָר דאָס מאָל האָט זי דאָס געטאָן, ווייל זי האָט זיך געאײַלט.

עס דערגייט אַזוי ווייט, ביז די מאַמע פאַרענדיקט מיט אַ טענה צו גאָט:

— רבונו של עולם, אין הימל! איך וואָלט אַ בעלן געווען צו וויסן פאַר וואָסערע זינד איז אויף מיין קאָפּ אָנגעשיקט געוואָרן אַ „פיסמעניק"?... זי האָט געלעבט, זאָגט זי, אַ רויִקע און אַ גליקלעכע, ביז זי איז געשטראָפט געוואָרן מיט אַ „פיסמעניק".

— טאָ ווי אַזוי זשע — פרעג איך מיר ביי זיך אַליין — קאָן די מאַמע קוקן אויף דעם מיט אַזאַ אומשולדיק שמייכעלע?

פייגעלע האָט נאָך אַלץ נישט געענדיקט צו לויבן יהודיתן:

— וואָס זי טוט אָן אויף זיך, שיינט עס אַראָפּ פון איר. איר פריילעכקייט האָט צו זיך נישט קיין גלייכן. ווען זי גייט אין גאַס, טאַנצן און זינגען די שטיי־נער, וואָס זי באַטרעט. היינט איר שטימע! איך וואָלט געוואָלט, איר זאָלט מיר אָנרופן נאָך איינע מיט אַזאַ „גאָלאָס" אין גאַנץ טאָלנע.

— זעסטו איר „גאָלאָס" וואָלט איך דיר אַוודאי מוחל געווען — זיפצט די מאַמע און דאָס פּנים ווערט איר אָנגעכמורעט — הלוואי וואָלט זי אים נישט געהאַט, דעם „גאָלאָס". ביי ייִדן דאַרף אַ פרוי נישט זינגען און טאָר נישט זינגען.

פייגעלע ווערט אויפגערעגט. זי פאַרקוועטשט די הענט און הייבט אָן רעדן אַזש הייזעריק.

— וואָס, איר האָט זיך דערשראָקן פאַר לאה דער מנקרקע? זי האָט אייך געבראָכט די פּאָטשט? — סכנות נפשות, זאָג איך אייך, יהודית האָט געזונגען ביי מיר אין שטוב און עס איז זיך צונויפגעלאָפן גאַנץ טאָלנע.

פייגעלע פאַרקאַטשעט די אַרבל און צעקוויטשעט זיך:

— ערשטנס, איז אַ ליגן, אַז מען איז זיך צונויפגעלאָפן און צווייטנס, קאָן

איך אייך זאָגן, וועט אייער לאה קיינמאָל נישט האָבן די זכיה, אַז עס זאָל צו איר אין שטוב אַריין קומען אַזאַ „אָבשטשעסטווע" (געזעלשאַפט) ווי צו מיר.

פייגעלע רעדט גיך און מיט גדלות:

— איר ווייסט ווער עס איז אַלץ געווען ביי מיר? — עס איז געווען גערב, דער דירעקטאָר פון דער העברעיִשער שולע, מיט זיין פרוי. ווען מיין דוד וואָלט נישט געווען דער „פּרעסידאַטעל" (פּאָרזיצער) פון שול־קאָמיטעט, וואָלט טאַלנע געהאַט אַזאַ לערער, ווי גערב? מיין דוד האָט געשיקט אַ מעלדונג אין דעם לשון־קודשדיקן בלאַט און אַזוי ווי דער גערב איז אַן אידעאַליסט און דער עיקר אַ גבירישער איידעם, האָט ער זיך אָפּגערופן. אים גייט נאָר אין איין זאַך: אייננפירן אומעטום מאָדערנע שולן. ער איז אַן „איבערגעקערטער" ישיבה־בחור און אַ געענדיקטער פּעדאַגאָג, געבילדעט אָן אַ שיעור. איר פרעגט נאָר ר׳ שמאין, נישקשה, ער וועט אייך שוין זאָגן ווער גערב איז. מיין דוד האָט מיר דערציילט, אַז ווען ר׳ שמאי גייט פון דאַוונען, לויפט גערב אַרויס צו אים און זיי שטעלן זיך אַוועק רעדן שעהן־לאַנג.

חוץ די גערבס, זענען דעם אָוונט געווען ביי אונדז, דער קאַזיאָנער ראַבינער מיט זיין פרוי. איר קאָנט דאָך די טעפּליצקיס, צו וועמען קומען זיי דען אַריין אין טאַלנע? ער זאָגט, אַז אַ ראַבינער דאַרף זיך היטן אומעטום ווו ער געפינט זיך און בפרט אין טאַלנע. זעלטן ווען זיי גייען צו גאַסט. יהודית איז פּונקט אָנגעקומען, האָבן זיי איר אָנגעהויבן צו בעטן זי זאָל זינגען. זי האָט נעבעך נישט געוואָלט. זי ווייסט דאָך וואָס עס פּאַסט יאָ און וואָס נישט. נו! איך בעט אייך זייער, מיין מאַן איז טאַקע אַ שוחט און ער טאָר נישט הערן זינגען אַן אשה. אָבער וואָס פאַר אַן אשה איז יהודית ביי דודן, אַז זי איז אויסגעוואַקסן ביי אים אויף די הענט. מיר קוקן אויף איר ווי אויף אַן אייגן קינד. מיין דודן איז טאַקע אויך נישט אָנגעשטאַנען, אַז די געסט זאָלן מיינען אַז ער איז עפּעס אַן אַלטמאָדישער כביאַק, האָט ער איר געזאָגט, אַז זי מעג זינגען, האָט זי געזונגען, אַז עס איז געווען אַ מחיה צו הערן.

זי האָט געזונגען פאַר אונדז „די טראַיקע" פון פּרוג, דערנאָך אַ ציגיינעריש ליד, האָט דאָס אונדז געהויבן פון די בענקלעך און דאָס האָט זי מורא געהאַט זיך צו צעלאָזן אויף הויכע טענער, ווי זי קאָן. זי האָט געזונגען שטיל. די טירן זענען געווען פאַרמאַכט, די פענצטער — ווי אום ווינטער — דאָפּלטע, זענען מיר געווען זיכער, אַז קיינער וועט נישט הערן און נישט וויסן. ווער זאָל זיך עס ריכטן, אַז אייער לאה די מנקרקע, שפּיאָנירט אונטער די פענצטער?

פייגעלע ווערט נאָכאַמאָל אויפגערעגט און שרייט אויס הויך אויף אַ קול:

— איך וואָלט זיך פאַר איר נישט איבערגעשראָקן. איך וואָלט איר גלייך גע־

ענטפערט, אַז זי זאָל בעסער אַכטונג געבן אויף אירע אייגענע קינדער. זי איז אויך פון די כלי־קודש... איצט זע איך טאַקע, אַז מיין דוד איז גערעכט. ער זאָגט שטענדיק, אַז איבער אונדז הענגט אַ שטראָף דערמיט, וואָס מיר זענען פון „דור־כּאוונע זוואַניע". ווען ביי זיי, ביי די באַלעבאַטים, זאָל זיין אַזאַ קינד, ווי יהר־דית, וואָלט די וועלט מיט איר געקלונגען. שטייט זי אָבער איין ביי אַ טאַטן, אַ שוחט, איז נישט בלויז וואָס עס גייט פאַרלוירן איר טאַלאַנט, נאָר מען האָט נאָך צו איר טענות, אַז עס פּאַסט נישט זי זאָל זינגען, זי טאָר נישט טאַנצן, זי טאָר נישט שפּאַצירן מיט קיין בחורים. אַלע מעגן, נאָר זי טאָר נישט! מען לאָזט איר פּשוט דעם קאָפּ נישט אויפהייבן.

— דערצו קומט איר נאָך מיט טענות, הלמאַי זי פּוצט די שטוב — ריסל, זאָגט איר, איז נישט קיין גובערנאַטאָר און אויף אַ שוועסטער דאַרף מען זיך נישט גרייטן.

— ווער האָט דען צו איר טענות? — פאַרענטפערט זיך די מאַמע — אדרבא, איך וועל פאַר דיר מודה זיין אַ סוד: דאָס גאַנצע יאָר בין איך רויִק. איך בין שוין געוווינט דערצו, אַז ריסל איז ביי זיך אין דער היים. נאָר קוים הייבט מען אָן רעדן וועגן איר קומען אַהער, קאָן איך מיר פּשוט קיין אָרט נישט געפינען פאַר בענקשאַפט. די דריי וואָכן וואָס עס פעלן נאָך צו איר קומען, זענען ביי מיר ווי דריי יאָר. איך צייל שוין די טעג און די שעהן — פאַרענדיקט די מאַמע שע־מעוודיק.

— איר ווייסט וואָס איך וועל אייך זאָגן — שטעלט זיך ווידער פייגעלע קריגעריש אַנטקעגן דער מאַמען — איך קאָן באַשטיין, אַז מיר זאָלן דערלעבן איבער אַ יאָר און אייער ריסל זאָל צו אייך נישט קומען, נאָר פאַרקערט, זי זאָל אייך בעסער אַרויסרופן צו זיך אויף קימפּעט.

ביי די דאָזיקע ווערטער גיט זיך די מאַמע אַ לאָז צו פייגעלען, פּונקט ווי זי זאָל וועלן זיך אַרויפוואַרפן צו איר אויפן האַלדז און קושן.

— הלוואַי פייגל! הלוואַי זאָלסטו דאָס האָבן אויסגערעדט אין דער ריכטי־קער שעה! איך בעט תמיד ביי גאָט, אַז איך זאָל נאָך דערלעבן צו זען ביי איר אַ געזונט, לעבעדיק קינד. וואָס פעלט דען מיין ריסלען חוץ אַ קינד? עס איז איר קיין עין־הרע, גוט ווי די וועלט. זי וואַקסט אַ נגידית, געלויבט דעם אויבערשטן.

— אוי, רבונו של עולם! — שאָקלט פייגעלע מיט פאַרוואורף דעם קאָפּ — פאַרוואָס דאַרטן ווו עס פּייפט דער דלות און עס איז פאַראַן אַ פולע שטוב מיט קינדער, שיקט דער אויבערשטער צו יעדן יאָר אַ קינד. און דאָרטן ווו אַ קינד וואָלט געקאָנט לעבן אין „ראָסקאָש" קריכן די אויגן אַרויס פון קאָפּ, ביז מען דערלעבט עס. איר וועט אָבער זען, אַז נאָך היינטיקס יאָר וועט אייער ריסל גע־

האַלפן ווערן — פאַרזיכערט פייגעלע מיין מאַמען — גאָט דער אַלמעכטיקער איז אַ פאָטער.

די מאַמע קוקט אויף איר מיט ליבשאַפט. זי נעמט אויף זיך דעם גראָבן שאַל און זיי גייען ביידע אַוועק.

* * *

ווען די מאַמע איז געקומען צוריק פון מאַרק, האָט זי מיט זיך מיטגעפירט אַ פויערטע, וועלכע האָט געטראָגן פיר הינער, צונויפגעבונדענע צוזאַמען.

די מאַמע און די פויערטע פירן צווישן זיך אַ העפטיקן וויכוח. די פויערטע פאַרזיכערט מיט אַלערליי שבועות, אַז די הינער זענען גרויסע און פעטע. די מאַמע שרייט און געוואַלדעוועט, אַז די הינער זענען בלויע און דאַרע סטערוועס.

— טאַטע — גיט יהודית אַ פרעג דעם טאַטן, וואָס פרווט גראָד אויס אַ גרויסן דקה־חלף אויפן נאָגל — זאָג מיר, פאַרוואָס ווען די מאַמע רעדט יידיש, רעדט זי שטיל און בנעימותדיק און ווען זי רעדט מיט גויים שרייט זי אויף קולי־קולות. דערפון וואָס זי שרייט, פאַרשטייט מען דען בעסער איר שלעכט רעדן גוייש? אָדער אפשר מיינט זי אַז גויים זענען טויב?

דער טאַטע שטעלט אָן אויף איר זיינע שוואַרצע קלוגע אויגן, וואָס קוקן אויף איר לאַכנדיק און זאָגט מיט אַ זיפץ:

— אַזוי איז דאָס מיין קינד. גויים זענען טויב און בלינד, טעמפּ און אָן פאַרשטאַנד.

יהודית טוט בייז אַ טרייסל מיט די צעפּ. אַ סימן אַז זי איז נישט מסכים.

אין קיך ביי דער טיר, שטייט די פויערטע. זי איז נאָך זייער אַ יונגע, מיט אַ לויטער רונד פּנים, מיט בלויע נאַיווע אויגן. זי ציילט צופרידן דאָס געלט, וואָס די מאַמע האָט איר באַצאָלט, נאָך דעם נישט־געלונגענעם פּרווו אָפּצודינגען אַ פּאָר גראָשן.

די פויערטע קוקט אויף מיר און פרעגט:

— אַן אייניקל?

די מאַמע גלייבט נישט אירע אייגענע אויערן.

— וואָס? — פרעגט זי.

און יהודית ענטפערט:

— אַ טעכטערל.

— אַזוי גאָר? — וווּנדערט זיך די פויערטע. — ביי אייך האָבן אַלטע באַבעס קינדער?

— די מאַמע איז נישט אַלט — ענטפערט יהודית — זי זעט אויס אַלט, ווייל זי האָט זיך אַ סך אָנגעליטן און ווייל זי האָט נישט קיין ציין.

— נו, װיבאַלד זי האָט נישט קיין ציין, איז זי דאָך אַלט.

נעמט איר יהודית געבן צו פֿאַרשטיין, אַז עס איז נישט אַזוי. יהודית רעדט רוסיש און די פֿױערטע אוקראַיִניש.

עס קומט אַן דער טאַטע און שטעלט זיך אויף דער שוועל און הערט זיך איין.

דערזעט אים די פֿױערטע, ווי ער שטייט אַ הויכער, אַ שיינער, מיט דער יאַרמולקע אויפֿן קאָפּ, מיט דער פּעך־שוואַרצער באָרד אַרום דעם בלאַסן פּנים, מיט פֿיבערדיקע אויגן אונטער דעם הויכן שטערן, באַטראַכט זי אים מיט גרויס דרך־ארץ. נאָר ווען זי דערזעט אין זיין האַנט אַ גרויסן מעסער — דעם חלף, לאָזט זי אַרויס אַ דערשראָקענעם יוכץ, עפּנט שנעל די טיר און לויפֿט אַרויס פֿון קיך.

שוין אויפֿן גאַס, זעט יהודית דורכן פֿענצטער, ווי די פֿױערטע צלמט זיך און קוקט מיט שרעק אויף אונדזער שטוב. רופֿט דאָס אַרויס ביי איר אַ גרויס געלעכטער.

— אָט אַ נאַרישע גויע — וווּנדערט זי זיך — פֿאַרן טאַטן האָט זי זיך איי־בערגעשראָקן.

* * *

פֿונקט דעם זעלביקן אָוונט איז דער טאַטע גע׳עסן און געשמועסט מיט ניסל גייסינסקי וועגן מיין שוועסטער ריסלס קומען.

ניסל איז אַ יונגערמאַן, מיט אַ קליין שוואַרץ בערדל, אַ טונקעלער און אַ הויכער. ער איז נישט אונדזערער קיין קרוב, ווי אַ סך מיינען, נאָר אַ בן־עיר, אַ בעלאָצערקווער, ווי מיין טאַטע־מאַמע. אין דער היים האָבן זיי אים נישט גע־קענט, ווייל ער איז נאָך געווען אַ קינד, ווען זיי האָבן פֿאַרלאָזט די שטאָט. ניסל האָט חתונה געהאַט אין טאַלנע מיט בתיה טשאַרני די צעלניק־קרעמערין. בתיה איז געווען אַן אלמנה און ניסל אַ גרוש. מיינע טאַטע־מאַמע האָבן אים מקרב גע־ווען, ווייל זיי האָבן געוווּסט, אַז ער איז אַ בן־יחיד ביי זיינע עלטערן, איין אויג אין קאָפּ און דאָ אין טאַלנע, איז ער אַ פֿרעמדער, אַ גר.

— דעם שידוך — פֿלעגט מיין מאַמע זאָגן — האָבן מיר נישט פֿירגעגעבן און אים אויך נישט אויסגעפֿירט און אַוודאי נישט געקריגן קיין שדכנות־געלט פֿאַר אים. אָבער וואָס אַן אמת איז אַן אמת: אויף אונדז האָט מען אינגאַנצן גע־שטעלט. מיר האָבן טאַקע געזאָגט גוטס, סיי אויף אים און סיי אויף איר. וועגן אים, ניסלען, אַז ער איז פֿון זייער אַ פֿיינער משפּחה און וועגן איר — אַז זי איז בפּירוש אַ פֿיין און קלוג ווייבל. בתיה האָט זיך נעבעך געגנוג אָנגעפּלאָגט, ביז „ער" — איר ערשטער מאַן, זאָל זיין ווייט אָפּגעשיידט — איז געשטאָרבן.

זי איז געבליבן מיט אַ מיידל, איבער וועלכער זי ציטערט און פּלאַטערט.

ווי עס שיינט, איז עס דווקא אַ געזונט קינד און זייער אַ געראָטענע. אויך מיט ניסלען האָט זי שוין אַ קינד, אויך אַ מיידעלע און ווי עס ווייזט אויס לעבן זיי זיך גוט צווישן זיך, כאָטש אין טאַלנע זאָגט מען, אַז זי פירט אים ביי דער נאָז.

ניסל קומט צו אונדז זייער אָפט, אָבער שפּעט אין אָוונט, נאָך דעם ווי ער פאַרמאַכט די קראָם און עסט אָפּ וועטשערע. געוויינלעך שלאָפן מיר שוין, איך און מיין ברודערל, ווען ער קומט. עס קומט אונדז אָבער אויס צו הערן אַ סך זאַכן וועגן אים. אָט למשל האָבן מיר זיך דערוווּסט, ווי אַזוי ער האָט זיך געגט מיט דער ערשטער פרוי און וואָס פאַר אַ פיין ווייבל זי איז; זי איז אַ קלוגע, קאָן גוט לשון־קודש און לערנט אָפּ אַ בלאַט גמרא ווי אַ מאַנצביל און קאָן אויך אַביסל רוסיש. זי אָבער מיט ניסלען האָבן נישט געקאָנט הויזן צווישן זיך און נישט חלילה ווייל זיי האָבן זיך פיינט געהאַט, נאָר גלאַט אַזוי זיך, אָן אַ שום פאַרוואָס.

עס איז שוין דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז מען האָט זיך געמוזט גטן, ווען זיי האָבן שוין געהאַט צוויי קינדער... ביים גט זענען זיי געווען מער טויט ווי לעבע־דיק. דאָס ווייבל האָט געחלשט און מען האָט זי קוים דערמונטערט.

— ניסל — דערציילט די מאַמע — האָט באַלד נאָך דעם גט חתונה געהאַט מיט בתיהן. דערקעגן דעם ווייבל איז אָנגעקומען זייער שווער אַ צווייטן מאָל חתונה צו האָבן: אָן אָרעם ווייבל, מיט צוויי קינדער אַלס נדן...

איין קינד, דאָס מיידעלע, האָט מען אינגאַנצן פאַרלייקנט. ווען מען איז איר געקומען אָנקוקן, איז אין שטוב געווען בלויז דאָס יינגעלע. דעם יונגנמאַן האָט איר פאָטער געגעבן אַ כתב, אַז דאָס קינד איז אויף אים נישט חל; דאָס הייסט, ער וועט דאָס נישט דאַרפן אויסהאַלטן. אַזוי אָרום איז דאָס ווייבל אַוועק פון איר היים אין דעם קליינעם שטעטעלע און געלאָזן ביי אירע עלטערן, אָרעמע־לייט, צוויי לעבעדיקע יתומים.

— זאָל זיך אייך דוכטן, אַז ביז צום יאָר האָט דאָס ווייבל געהאַט אַ קינד פון דעם נייעם מאַן און באַלד נאָך דעם האָט זי געבראַכט צו זיך אירע ביידע קינדער פון דעם פריערדיקן מאַן, פון ניסלען הייסט עס. דריי קינדער פאַרמאָגט איר מאַן פון דער פאַרשטאָרבענער פרוי, אַזוי אָרום, אַז דאָרטן איז פאַראַן „מיינס", „דיינס" און „שותפותדיקס". פונדעסטוועגן איז דאָרטן פאַראַן שלום־בית.

די אַלע זאַכן דערציילט מיין מאַמע אונדזער שכנה פראַדלען, וועמענס קראָם איז פונקט אַנטקעגן בתיהס קראָם און מיט וועמען ניסל און בתיה זענען ברוגז, ווי עס איז די מאָדע ביי די קרעמער אין טאַלנע...

די אַלע זאַכן וועגן ניסלס פריערדיק פאַמיליע־לעבן, ווייס מיין מאַמע פון אַ בריוו, וואָס איז איינמאָל אָנגעקומען צו אונדז, אויף אונדזער אַדרעס, פון

ניסלס ערשטער פרוי. וועגן דאָזיקן בריוו האָט מײַן טאַטע געזאָגט, אַז אַפילו פאַר אַ מאַנצביל איז דאָס אויך אַן אַנטיק. דאָס ווײַבל האָט איר בריוו געשריבן אין אַט דעם נוסח: קיין שום כּוח אין דער וועלט, וואָלט איר נישט באַוויגן צו שרײַבן צו דעם, וואָס האָט צעבראָכן איר האַרץ. נישט מער זי טוט דאָס צוליב די קינדער. וואָס איז דען אַ מאַמע נישט גרייט צו טאָן פאַר אירע קינדערס וועגן? אַפילו אַ קלויסטער באַגנבענען וואָלט איר אויך נישט געווען שווער. זי האָט בײַ זיך זײַנע ביידע קינדער, כאָטש איר איצטיקער מאַן איז נישט מחוייב זיי אויס־צוהאַלטן. ער איז אָבער אַ גוטער און נאָבעלער מענטש, איז ער באַשטאַנען, אַז זי זאָל ברענגען צו זיך די קינדער... וואָס קאָן מען אָבער טאָן דערצו, וואָס איר מאַן איז נישט פאַרמעגלעך און עס קלעקט נישט די פּרנסה? ווי זאָגט מען דאָס „צען שלעסער זענען בעסער ווי איין דלות"... לאָזט זי דעריבער וויסן ניסלען, אַז זײַנע קינדער האָבן זייער גוטע קעפּ צום לערנען און אַז אין דעם קליינעם שטעטל, וווּ זיי וווינען, איז מער נישטאָ קיין תּורה פאַר זיי. זי, די מאַמע, ציטערט כּסדר פאַר דעם מיידל. זי האָט מורא, אַז דאָס נישט קאָנען ווײַטער פאַר־זעצן דאָס לערנען, זאָל זי נישט טרײַבן חלילה, צו אַ פאַרצווייפלטן שריט... וואָס עס איז שייך דעם יינגל, איז דאָך אַוודאי א מ ו ז אים צו לערנען. דערי־בער האָט זי געהאַלטן פאַר איר חוב צו דערמאָנען ניסלען, אַז ער איז אַ פאָטער און זי בעט אים צו טאָן זײַן פליכט.

דער בריוו — האָט מען געשמועסט — האָט געקאָנט רירן אַ שטיין. ווען ניסל האָט איבערגעלייענט דעם בריוו, האָט ער באַקומען אַלערליי קאָלירן. דער־נאָך האָט ער אַ טויט־בלייכער זיך לאַנג אַרומגעדרייט איבער אונדזער גרויסן עסצימער, געוויכערט און געשוויגן. ווען ער איז אַוועק אַהיים, האָט דער טאַטע געזאָגט וועגן אים:

— ער טראָגט זיך אַרום מיט אַ פולן בויך מיט צרות.

און די מאַמע האָט דעריבער צוגעגעבן:

— ער איז אַ לײַטישער יונגערמאַן. דעריבער איז אים „פראַטיוו סאָוועסט" (קעגן געוויסן) צו שיקן פון בתיהס געלט פאַר זײַנע קינדער.

אויף ניסלס בקשה האָט די מאַמע זיך דורכגעשמועסט מיט בתיהן. אַ זאַך וואָס עס איז איר נישט אַזוי לײַכט אָנגעקומען, ווײַל וועגן בתיהן זאָגט מען אין טאַלנע, אַז זי רעדט מיט „שפּיצעלעך און סטענגעלעך", וואָס דאָס מיינט אַז זי קאָן שיין באַפּוצן אַ זאַך.

בתיה האָט געזאָגט דער מאַמען, אַז זי לייקנט נישט, חס ושלום, אַז ניסל האָט שוין אויך באַוויזן אַ סך אויפצוטאָן פאַר דער קלייט. פאַרט אַ מאַנצביל. זי מיינט, אַז ער איז שוין אַפילו מער סוחר ווי זי גופא... און זי, בתיה, איז

גאַרנישט אַזאַ שלעכטע ווי טאַלנע רעדט אויף איר... דעריבער, ווען עס וועט זיך האַנדלען פון עפּעס אַ תוך־זאַך, פון אַ שידוך, אַ פּריזיוו, אָדער אַ נסיעה קיין אַמעריקע — מיט איין וואָרט, אַז עס וועט האַלטן ביי עפּעס אַ תכלית — דע־מאָלט וועט זי זיך לאָזן קאָסטן... כאָטש מען האָט דאָס פון פריער מיט איר נישט אויסגענומען. אָבער שטודירן — האָט זי געטענהט — דאָס איז אַ מעשה אָן אַ סוף. תורה האָט קיין גרונט נישט און קיין לעכערדיקן זאַק קאָן מען נישט אָנפילן.

אַחוץ דעם לערנט שוין ביי איר די עלטערע טאָכטער פון ערשטן מאַן. זי האָט דערויף אַ רעכט, ווייל די קלייט איז איר טאַטנס. זי האָפט אויך צו געבן צו לערנען רייזעלען די מיזינקע. נו, און וועמען נאָך קאָן זי, בתיה, אויסהאַלטן מיט שטודירן? איז דען איר פאַרמעגן אַ קוואַל, וואָס שעפּט זיך נישט אויס? אי־בעריקנס גייט זי אים, ניסלען, נישט נאָך, זי היט אים נישט און האַלט גאַרנישט אונטערן שליסל...

— אונדזערע שונאים — זיפצט די מאַמע, ווען זי דערציילט דעם טאַטן וועגן איר געשפּרעך מיט בתיהן — אונדזערע שונאים זאָלן געשטראָפט זיין דער־מיט און אונדזערע ליבע זאָלן באַהיט און באַשירעמט ווערן דערפון. זיי זאָלן זיך בשלום אויסלעבן די יאָרן מיט דעם ערשטן זיווג און קינדער זאָלן נעבעך נישט דאַרפן אָפּקומען פאַר טאַטע־מאַמעס זינד, פאָטער האַרציקער!

— ווער מיינסטו איז שולדיק? — פרעגט דער טאַטע — זי, דאָס ווייבל. ניסלס ערשטע ווייב. ווייל אַ פרוי דאַרף נישט זיין צופיל געבילדעט. דאָס איז די סיבה פון זייער נישט קאָנען הויזן צוזאַמען.

דערהערט דאָס יהודית, שפּרינגט זי אויף ווי אָן אָפּגעבריטע:

— וואָס? — פרעגט זי אַ דערצאָרנטע — אַ פרוי דאַרף נישט זיין גע־בילדעט?

און זי נעמט היציק טענהן, אַז אַ פרוי האָט די זעלביקע רעכט אויף ביל־דונג, פּונקט ווי דער מאַן. דער שולדיקער אין דער צעשיידונג איז מסתמא ניסל, ווייל ער איז אַ צעבאַלעוועטער בן־יחיד.

ענטפערט איר דער טאַטע, אַז ער ווייסט נאָך, ברוך השם, וואָס ער רעדט. זיין איינציקע שוועסטער בתיה, וואָס איז אַ הויך־געבילדעטע פרוי, האָט אים אַליין מודה געווען, אַז זי וואָלט געווען אַ סך גליקלעכער, ווען זי זאָל זיין אַ פּראָסטע ייִדענע.

דאָס מאָל האַלט די מאַמע דווקא מיט יהודיתן:

— פון דיין שוועסטער בתיה — זאָגט זי צום טאַטן — דאַרפסטו נישט נעמען קיין משל. זי האָט גלאַט נעבעך קיין מזל נישט. כאָטש זי איז אַ נגידיתטע, פונדעסטוועגן איז איר נישטאָ וואָס מקנא צו זיין. אָבער בילדונג שטערט קיינעם

נישט. דער בעסטער באַווייז איז דאָס וואָס ניסלס ערשט ווייבל קומט אויס מיט איר צווייטן מאַן, אויף אַזוי ווייט, אַז כדי זי זאָל נישט „סטראַדאַיען״, האָט ער איר אַפילו דערלויבט צו ברענגען אירע קינדער פון ערשטן מאַן און בכלל איז איבעריק צו רעדן דערפון, ווייל אַזוי איז שוין אָפּנים באַשערט...

* * *

דעם זעלביקן אָוונט איז ניסל געקומען פרעגן יהודיתן צי זי האָט אַוועקגעשיקט דאָס געלט צו זיין געוועזענער ווייב און איר באַדאַנקען פאַר איר טירחה. יהודית איז געוואָרן רויט און געענטפערט, אַז זי האָט סיי־ווי־סיי באַדאַרפט זיין אין פּאָסט, ווו זי האָט געשיקט אַ בריוו צו ריסלען. זי האָט אים געוואָלט אָפּגעבן די „קוויטאַנציע״, האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און האָט זיך גענומען אויספרעגן ביים טאַטן וועגן ריסלס קומען.

— עס איז נישט אַזאַ ווייטע שטרעקע, ווי אַ שווערע נסיעה — באַקלאָגט זיך דער טאַטע — דריי מאָל באַדאַרף זי בייטן די באַן.

— האָסט אַ דאגה! — לאַכט די מאַמע — אונדזער טאָכטער וועט זיך שוין אַן עצה געבן. אונדזער טאָכטער איז גענוג „ראַזוויטיעט״ און זי פאָרט שוין נישט דאָס ערשטע מאָל.

— נו, און דאָס וואָס זי קאָן נישט פאָרן, ווייל עס איבלט איר און זי פּילט זיך שלעכט אין באַן?

— נו, איז וואָס? — מאַכט די מאַמע צו נישט דעם טאַטנס זאָרג — זי איז געראָטן אין מיר. פון אַזעלכע זאַכן בלייבט מען לעבן.

די מאַמע שווייגט אַ ווײַלע, דערנאָך גיט זי צו:

— הלוואַי וואָלט איך אַזוי געקאָנט אָפּהיטן כיבוד־אָב און כיבוד־אם! איך — זיפצט טרויעריק די מאַמע — בין אַפילו צו מיינע עלטערנס גאָלדענע חתונה נישט געפאָרן. אַלע קינדער זענען דאָרטן געווען, אַחוץ מיר.

ניסל פּירט אַריבער דעם שמועס אויף אַן אַנדער טעמע. ער נעמט זיך אָפּחוזקן פון דעם קליינעם באַנדל, מיט וועלכן ריסל דאַרף צופאָרן ביז צו דער גרויסער באַן. דאָס באַנדל פאָרט בלויז דריי סטאַנציעס, אַהין און צוריק, אויף אַ ספּעציעלער שמאָלע באַן־ליניע, וואָס הייסט אויף רוסיש „אוזקאַיאַ קאָלייאַ״ און ייִדן רופן זי אין שפּאַס „רוסקאַיאַ כאָליעראַ״. דאָס באַנדעלע פאַרשפּעטיקט זיך תמיד. און אַזוי ווי די גרויסע באַן וואַרט נישט אויף דעם, נאָר גייט זיך איר וועג, דעריבער מוזן די רייזנדע וואַרטן אַ גאַנצן מעת־לעת אויף אַ צווייטן צוג.

גייען דעריבער די ייִדן אין דער ייִדישער אכסניא, לעבן דער סטאַנציע, עסן דאָרטן מילכיקס און בלייבן דאָרטן נעכטיקן. ייִדן פון די שכנותדיקע שטעטלעך

באַקענען זיך, ווערן היימיש, מען מאַכט צווישן זיך געשעפטן, מען פירט אויס שידוכים, מען שפּאַסט און מען חוזקט אָפּ גוטמוטיק פון די שטעטלעך, וואָס האָבן צונעמעניש ווי די „גנבים", „נאַראָנים", „באַסיאַקעס", „משוגעים" א. א. די איינוווינער פון די שטעטלעך איז גרינג צו דערקענען לויט די היטלען, וואָס זיי טראָגן. יעדער שטעטל האָט אַ היטלמאַכער און יעדער היטלמאַכער האָט זיך זיין ס׳טיל און ער טוט אָן אַלע יידן, פון זיין שטעטל, מיט דעם זעלביקן מאָדעל היטלען. דערפאַר פאַרשפּאָרט מען שוין צו פרעגן: „פון וואַנען איז אַ ייד?" מען דערקענט דאָס שוין לויט דעם היטל...

גיסל דערציילט דאָס זייער לעבעדיק און אינטערעסאַנט. ער איז אויף דער גאַנצער ליניע אויסגעבונדן. ער רופט אָן ביים נאָמען יעדער סטאַנציע וואָס ריסל דאַרף דורכפאָרן אויפן וועג פון טשעטשעלניק ביז טאַלנע. איך קוק אים אין מויל אַריין אָן אָנטציקטע דערפון וואָס ער ווייסט אַזוי פיל.

פלוצלינג צעוויינט זיך מיין ברודערל אויפן קול. ער וויל נישט — זאָגט ער וויינענדיק — אַז מען זאָל אים מער אָפּנאַרן. אַלע טאָג זאָגט מען אים, אַז אָט קומט ריסל און לסוף קומט זי נישט.

— פאַרוואָס רייסט מען נישט אָפּ פון קאַלענדאַר מיטן איין מאָל אַלע בלעטלעך ביז דעם 20סטן? — פרעגט משהלע כליפּענדיק — אַזוי וועט זי שוין מוזן קומען...

לאַכן אַלע פון אים און דער טאַטע פאַרענטפערט אים. ער זאָגט, אַז מיין ברודערל רעדט אַזוי, ווייל ער איז שלעפערדיק. שטענדיק ווען ער וויל שלאָפן, זוכט ער זיך אַ סיבה צו וויינען.

איך פאַרשטיי און טייל מיט משהלעס אומגעדולד, ווייל פאַר אונדז ביידע איז ריסל די איינציקע גרויסע פרייד. איך געדענק נישט, אַז אַחוץ איר זאָל עמעצער אונדז קויפן אַ שפּילצייג. און אויסער אירע מתנות, איז געווען ביי מיר אַ בייעס איר צערטלעכקייט. זי פּוצט מיר, קעמט מיר, פלעכט מיר די צעפּלעך מיט קאָלירטע סטענגעס. איך שלאָף מיט איר, איך זיץ לעבן איר ביים טיש און עס פּאַסירט אויך אַז זי נעמט מיר מיט שפּאַצירן.

און דאָך, טיף אין האַרצן טראָג איך אויף ריסלען אַ פאַרדראָס. און געקומען איז דאָס דערפון, וואָס דאָס ווייטע שטעטעלע וווּ זי וווינט האָט אַ שווערן נאָמען: טשעטשעלניק. און איינמאָל האָט זיך געמאַכט, אַז ס׳האָט זיך ביי מיר פאַרפּלאָנטערט די צונג און אָנשטאָט „טשעטשעלניק", איז ביי מיר אַרויס עפּעס אַזוינס, וואָס איז ענלעך צו „טשייניק". האָט מען, פאַרשטייט זיך, געלאַכט פון מיר. האָט דאָס לאַכן אויפן אָרט מיר נישט אַזוי שטאַרק געקרענקט, ווי דאָס וואָס שפּעטער, ווען ריסל איז שוין לאַנג געווען צוריק ביי זיך אין דער היים, האָט זי

אין יעדן בריוו געשיקט אַ גרוס און אַ קוש פֿאַר מיר פֿון דעם „טשײַניק״... דערי־בער האָב איך מיר ־געפֿילט אַן אויסגעלאַכטע, יעדעס מאָל, ווען עס איז אָנגעקומען פֿון ריסלען אַ בריוו.

* * *

אין דעם אויבן־דערמאָנטן מיטוואָכדיקן אָוונט, ווען ריסל איז שוין געווען אַ פּאָר טעג אַ גאַסט, האָב איך אויף דער אַלטער הילצערנער סאָפֿקע אויסגע־שטעלט מײַן גאַנץ פֿאַרמעגן שפּילצײַג, וואָס ריסל האָט מיר בײַ פֿאַרשידענע גע־לעגנהייטן אָנגעקויפֿט, צוזאַמען מיט די פֿריש געבראַכטע ערדענע טעפּעלעך. פּונקט אין דעם מאָמענט, ווען איך האָב געפֿילט די גרעסטע דאַנקבאַרקייט צו מײַן עלטסטער שוועסטער און פֿאַרגעסן און מוחל געווען אַלע אירע ליצנותן, פּונקט דאַן בייגט זי זיך צערטלעך צו צו מיר און גיט מיר אַ פֿרעג:

— זאָג נאָר, האָסטו כאָטש געבענקט נאָך מיר ווען איך בין געווען אין „טשײַניק״?

— ריסל, — ענטפֿער איך מיט פֿאַרדראָס — פֿאַרוואָס וואַרפֿסטו מיר פֿאָר אַ זאַך, וואָס איך האָב געזאָגט מיט אַ סך יאָרן צוריק.

— וויפֿל יאָרן, מײַנסטו, איז שוין פֿאַראַן אין דעם? — פֿרעגט זי מיר אומשולדיק.

— איך מיין — פֿאַרקנײטש איך דעם שטערן ווי דער טאַטע — איך רעכן אַז עס איז שוין אַוודאי אַ יאָר צוואַנציק...

ווייזט זיך אַרויס, אַז זי האָט אַ פּנים אויף דעם אויסגעקוקט. ווײַל זי נעמט זיך לאַכן, פֿאַרגייט זיך אַזש אין געלעכטער, אָן אַן אָפּשטעל און אָן אַ סוף.

בין איך מיר געבליבן זיצן אין אַ ווינקל פֿון סאָפֿקע, אַ טרויעריקע, מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, מיט דעם פֿעסטן באַשלוס זיך צו האַלטן ווײַט פֿון אָט דער לאַכערקע. איך זע דאָך שוין מיט ווען איך האָב דאָ צו טאָן... איז דעריבער, ווי זאָגט די מאַמע, נישט מער ווי „גוט מאָרגן, גוט יאָר״ מיט איר.

דערווײַל האָט זיך אונדזער גאַנץ הויזגעזינד געזעצט אַרום טיש, צו דער וועטשערע, רופֿט מען מיר עסן. איך הייב אויף דעם קאָפּ און זע, אַז עס איז ווי־דער באַגאַנגען געוואָרן קעגן מיר אַ שרעקלעכע עוולה: אויף מײַן שטענדיקן אָרט לעבן ריסלען, האָט זיך ברייט און באַקוועם אָוועקגעזעצט ווי אַ פּריץ, מײַן ברו־דערל משהלע. וואָס פֿאַר אַ מחותן איז ער דאָס מיט ריסלען אויף צו זיצן אַזוי נאָענט לעבן איר? און אויף מײַן אָרט דערצו? איך שפּרינג אויף אין ווילדן צאָרן און מיט אַלע כּוחות רײַס איך אים פֿון בענקל.

— אַראָפּ! אַראָפּ! — מרוקע איך — דאָ איז מײַן אָרט! אַראָפּ!

ווערט ביים טיש אַ געלעכטער. עס דערהערט זיך אַ רוקן און קלאַפּן פון בענקלעך. די מאַמע הייבט אויף אַלעמען פון די ערטער און זעצט אַוועק ריסלען אין מיטן, צווישן אונדזביידן. מיר אויף מיין שטענדיקן פּלאַץ און משהלען ביי ריסלס צווייטער זייט.

— צוליב שלום־בית — לאַכט די מאַמע — איז מיר גאַרנישט שווער.

זאָל מיינס איבערגיין — טראַכט איך מיר — זאָל משהלע אויך האָבן אַ שטיקל ריסל... איך זעץ מיר אויף מיין פּלאַץ, אָבער אַביסל אָפּגערוקט פון ריסלען. איך באַשליס צו שווייגן דעם גאַנצן אָוונט און זאָלן אַלע וויסן, אַז איך בין ברוגז מיט ריסלען.

איך הער מיר צו ווי דער טאַטע ענטפערט ריסלען:

— איך לייקן נישט, אַז דיין שווער איז אַ גרויסער למדן, אַ קלוגער ייִד און אַ מענטש מיט אַ פעסטן כאַראַקטער. יעדער ווייסט, אַז ער וואָלט געקאָנט זיין אַ רב אין אַ גרויסער שטאָט און נישט קיין דיין אין עפּעס אַ העק ווי טשעטשעלניק. אָבער דאָס וואָס ער איז אַ תקיף און אַ יאַבעדניק און פירט די שטאָט ביי דער נאָז, דאָס איז דערפאַר ווייל ער אַליין איז אַ ייִד אַ נגיד און נעמט נישט ביי קהל קיין גראָשן. ווען מען לעבט נישט פון דער שטאָט און מען דאַרף צו קיינעם נישט אָנקומען, קאָן מען זיך אויסלאַכן פון זיי — זיפצט דער טאַטע מיט קנאה.

— וואָס הייסט? — וווּנדערט זיך יהודית — דער מחותן נעמט נישט קיין געצאָלטס? די שטאָט האָט אומזיסט אַ דיין?

— מיין שווער בייטיקט זיך נישט אין די פּאָר קערבלעך געהאַלט, וואָס טשעטשעלניק קאָן אימשטיינס געזאָגט געבן. דער זיידע משה, מיין שוויגערס פאָטער, האָט זיי פאַרזאָרגט מיט פרנסה בריווח. פונדעסטוועגן זיצט ער פעסט אויפן כסא הרבנות. ער האָט אַ גוטן נאָמען אין די אַרומיקע שטעטלעך און מען קומט פון דאָרטן צו אים מיט משפטים. קיין גטן פירט מען אין טשעטשעלניק נישט דורך, ווייל עס איז ביי אונדז נישטאָ קיין טייך. פונדעסטוועגן האָט מיין שווער געזען, אַז די שטאָט זאָל זיך נישט באַפרייען פון עול צו צאָלן שכירות אַ רב. דו ווייסט דאָך, טאַטע, אַז ביי אונדז אין שטעטל איז פאַראַן אַ „הויף" מיט אַ רבין. דער רבי, אייגנטלעך, איז שוין געשטאָרבן. ער האָט אָבער איבערגעלאָזט דער שטאָט אַ רביצין מיט דריי זין.

— איך ווייס, טאָכטער, זיי הייסן טווערסקי. זיי זענען שוועסטער־קינדער פון די געוועזענע טאַלנער ראַבטשיקעס. די זעלביקע דינאַסטיע, ווי אַ אַ שטייגער די ראָמאַנאָווס* — לאַכט דער טאַטע.

---

* ראָמאַנאָוו איז דער פאַמיליע־נאָמען פון דער געוועזענער רוסישער קייזערלעכער משפּחה.

— אויף די „טשעטשעלניקער" — זאָגט ריסל — איז אַ ביטערער רחמנות. זיי זענען זייער אָרעם. די רביצין איז קראַנק און צוויי זין זענען, רחמנא־ליצלן, נישט ביי די קלאָרע געדאַנקען. דער איינציקער וואָס האָט עפּעס אַ ווערט, איז דער עלטסטער זון מענדעלע. ער איז אַ פיינער יונגערמאַן, אַן איידעלער. ער קאָן גוט לשון־קודש און אַפילו אַביסל רוסיש. אים האָט מיין שווער אויסגעלערנט צו פּסקענען שאלות און געפּועלט ביי דער שטאָט, אַז מען זאָל אים געבן די שכירות, וואָס עס קומט אַ רב. סיי־ווי דאַרף די שטאָט זיי געבן אויף צו לעבן... אָט דער מענדעלע האָט אַ ווייבל אַן אַנטיקל. אויף איר טוט מיר ווי דאָס האַרץ. אוי „סטראַדאַיעט" זי נעבעך! — שאָקלט ריסל באַדויערנדיק מיטן קאָפּ.

— ווען איך באַגעגן איר ווייַנט זי מיר אָן אַ פולן קאָפּ און עס פאַרקלעמט מיר ביים האַרצן. זי איז אַזש פון פוילן. זי שטאַמט פון רייכע עלטערן. זי איז געבילדעט, זי קאָן פּויליש, רוסיש, דייטש און קאָן שפּילן קלאַוויר. איר פינצטער מזל האָט געטראָגן, אַז איר טאַטע זאָל זיך געפינען ביי זיין רבין פּונקט דעמאָלט, ווען מענדעלע האָט פאַרבראַכט ביים פעטער אין הויף. מענדעלע איז אַ שיינער און אַביסל געבילדעט, האָט זיך איר טאַטע אָנגעכאַפּט אין אַזאַ גליק. אַ קלייני־קייט, אַ רבינס אַ זון און דערצו נאָך געבילדעט און שיין! ער האָט נאָך מורא געהאַט, אַז מען קאָן נאָך ביי אים אויסכאַפּן דעם יחוס, האָט ער נישט לאַנג גע־טראַכט און זי באַגראָבן, אָן איר וויסן, הינטער די אויגן.

— פאַרוואָס עפּעס באַגראָבן? — פרעגט די מאַמע — דו אַליין זאָגסט דאָך, אַז ער איז אַ פיינער יונגערמאַן.

— נעם און חשבון, מאַמע, וועסטו וויסן — ענטפערט ריסל — וואָס פאַר אַ לעבן האָט זי משטיינס געזאָגט ביי אים? די גאַנצע באַלעבאַטישקייט פירט זי, ווייל די שוויגער איז קראַנק. די צוויי שוואָגערס זענען צעחושטע און זי דאַרף זיי אָפּהיטן. עס הייסט כלומרשט, אַז די שטאָט גיט זיי אויף צו לעבן, אָבער אין דער אמתן קלעקט די שכירות קוים די נשמה צו דערהאַלטן. וואַסער אויף קאַשע. דאָס וואָס מענדעלע קריגט פאַר רבנות, געהער אייגנטלעך צו מיין שווער. דערי־בער דאַרף זי שטענדיק אָנקומען צו איר פאָטער נאָך הילף. און טאָמער איז דאָס אַלץ ווייניק, האָט זי אַ יינגעלע מיט אַ מיידעלע זענען זיי ביידע גולמס. עס שלעפּן זיי זיך נאָך די פּיס און די הענט, נישט קיין לשון און נישט קיין שכל.

— אוי, וויי! — באַדויערט די מאַמע — מיט אַזוינס זאָל קיינער נישט גע־פּרוווט ווערן! וואָס קאָן שוין זיין ערגערס פאַר א מאַמע? באַהיט גאָט!

— טאַטע, וואָס באַדייט דאָס? — פרעגט יהודית — איך האָב געלייענט, אַז אין די הויפן ביי די צאַרן זענען געווען אַ סך אַזעלכע פאַלן.

— ד'עגענעראַציע — זאָגט שטיל, ווי פאַר זיך, דער טאַטע.

— דער בן־מלך — זאָגט די מאַמע — איז אַ סבראָ, אַז ער האָט די פּאַליקע.

— „בן־מלך״ — צעלאַכט זיך יהודית — מיקאַלקעס „סווין״...

ווערט דער טאַטע בייז:

— וואָס דען איז ער? אפשר אַ פּיפּערנאַטער? — ווייס איך וואָס זי רעדט דאָרט און פּלאַפּלט נאָך אַנדערע.

מישט זיך אַריין די מאַמע און גיט צו:

— פון וואָס זאָל קראַנק זיין אַ קינד, אין אַזאַ קייסערישן לוקסוס?

ענטפערט דער טאַטע:

— מען זאָגט, אַז דאָס האָט מען אים אַזוי צורעכט געמאַכט...

— וואָס הייסט? ווי אַזוי קאָן מען דאָס אַרויסרופן אַזאַ קרענק? — פרעגט ריסל.

נעמט דער טאַטע אַריין די באָרד אין דער רעכטער האַנט און הייבט אָן אַביסל פאַרטראַכט:

— פאַרשטייסטו מיך? געשטאַנען דערביי איז קיינער נישט. נישט מער עס גייען אַרום אַזעלכע קלאַנגען... מען דערציילט אַזאַ מעשה: ווייסט דאָך, אַז דער יינגערער ברודער דעם קייסערס איז מיכאַיל. דער דאָזיקער מיכאַיל איז אויסגעוואַקסן אין אויסלאַנד, אין די הויפן פון די מלכים, ביי די קרובים זיינע. ער זאָל כלומרשט האָבן באַקומען גאָר אַ הויכע בילדונג. האָט ער ווייזט אויס געהאַט חשק צו זיצן אויפן טראָן און די פּריצים, וואָס פאַרן קיין אויסלאַנד, זאָל ער האָבן צוגעזאָגט צו געבן אַ קאָנסטיטוציע, מיט געוויסע רעכטן פאַרן פאָלק. עס איז אַ סברא, אַז צווישן די פּריצים האָט ער אַ שטאַרקן צד. זיי טענהן, אַז מיכאַיל, דער דעמאָקראַט, וואָלט געוועז אַ רעטונג פאַרן לאַנד און אַז נאָך ניקאָלאַיען וואָלט ער באַדאַרפט ירשנען די קרוין. פריִער האָט געקאָנט זיין אַזאַ מעגלעכקייט, ווייל די קייסעריניע, די מרשעת, די דייטשקע, האָט ביז דעם מיזינעק געבוירן בלויז מיידלעך. אָבער ווען דער קליינער אַלעקסיי איז געבוירן געוואָרן, זענען צעשלאָגן געוואָרן אַלע זיינע פּלענער און האָפענונגען.

זאָגט מען, אַז מיכאַיל האָט במחילה אונטערגעשיקט איינעם וואָס האָט צוגעשיט צו ביסלעך סם אין דעם קינדס מילך. ער האָט געשיט אַזוי לאַנג, ביז מען האָט אים געפאַקט. דאָס קינד האָט מען אָפּגעראַטעוועט. עס איז אים אָבער פאַרבליבן די קראַנקייט. איצט היט אים די מאַמע אַליין, די צאַריצע בכבודה ועצמה. אַחוץ איר איז ער אַרומגערינגלט מיט גלחים און „הייליקע״, מיט אָפּשפּרעכערס, טאַטערס און טערקן און אויך מיט דאָקטוירים.

— אָוואַ! — רופט אויס די מאַמע — ווי האָט מען דאָס אַ האַרץ צו סמען

אַן אומשולדיק קינד? און נאָך אַן אײגענער פּעטער זאָל דאָס טאָן... אויף אַ שײנעם יושר קאָן זיך דאָס לאַנד ריכטן פון אַזאַ רוצח.

— נאָך אַ סאָציאַליסט דערצו — גיט צו ריסל.

— אַ סאָציאַליסט — װוּנדערט זיך דער טאַטע — װער האָט דען געזאָגט, אַז מיכאַיל איז אַ סאָציאַליסט?

— װאָס הײסט װער? טאַקע דו, טאַטע, — ענטפערט ריסל.

יהודית גיט אַ טרײסל מיט די צעפּ און זאָגט:

— דער טאַטע האָט געזאָגט אַ דעמאָקראַט, מײנסטו אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט.

— איז עס דען נישט אַלצאײנס? — פרעגט ריסל נאַיִװ.

— נײן — גיט איר דער טאַטע צו פאַרשטײן — אײן זאַך איז די פּאַרטיע פון די דעמאָקראַטן, װאָס זענען גלאַט אַזױ פּריצים, װאָס מען קלײבט אין דער רעגירונג, כדי זײ זאָלן אויך קאָנען זאָגן אַ דעה און גאָר עפּעס אַנדערש זענען די סאָציאַל־דעמאָקראַטן. דאָס איז אַן אַרבעטער־פּאַרטײ, װאָס פאָדערט, אַז די אַרבעטער זאָלן קריגן גרעסערע שכירות, מיט װעלכע זײ זאָלן זיך קאָנען דורכלעבן מענטשלעך. זײ װילן אויך אַרבעטן „פּאָ אינסטרוקציע", דוכט זיך פון 8 ביז 8 אַזײגער — זאָגט דער טאַטע נישט זיכער.

— און צװײ שעה מיטאָג — מישט זיך אַרײן יהודית.

— אַזױ גאָר? — װוּנדערט זיך ריסל.

— יאָ, אַזױ! — ענטפערט דער טאַטע. ער פאַרהוסט זיך און רעדט דערנאָך מיט כעס:

— פאַרװאָס לאָזט מען אַ פערד זיך אָפּרוען? מיט װאָס איז אַ בהמה חשובער פון אַ מענטשן?

— איך — זאָגט יהודית און װערט דערבײ רויט — איך האָב געלײענט זײער פּראָגראַם און איך סימפּאַטיזיר מיט זײ.

דער טאַטע לאַכט:

— איך האָב גאָרנישט געװוּסט, אַז דו ביסט שױן אַ גאַנצע עס־דעטשקע.

— איך בין אויך — רופט זיך אָן משהלע.

יהודית גיט אויף אים אַ שאַרפן קוק און בלײבט אַ פּנים נישט צופרידן מיט אַזאַ פּאָליטישן שותף. זאָגט זי צו אים:

— דו ביסט נאָך דערװײל אַ ג. ג. דאָס מײנט צו זאָגן אַ גאָלע גאָרנישט.

קערט זיך ריסל אויס צו מיר און פרעגט:

— און דו? צו װאָס פאַר אַ פּאַרטײ געהערסטו?

ענטפערט פאַר מיר די מאַמע:

— װאָס הײסט? דו װײסט גאָרנישט?

— אַ שיינע מעשה — האָלט אונטער דער טאַטע — איך האָב אפילו דודן געשריבן דערפון און איצט גרוסט ער אין יעדן בריוו דער ציונית...

דער טאַטע ווייזט מיט שטאָלץ אויף מיר און די מאַמע טאַנצט אַזש אונטער אויפן בענקל.

— זי זאָגט, אַז זי איז אַ ציוניסטקע, זי וויל נישט זיין מיט קיין גויים אין איין פאַרטיע — לאַכט די מאַמע.

— אויף מיין וואָרט, קליגער פון דער גרויסער — טראָגט אַרויס ריסל איר אורטייל.

— נו, און ביי אייך? — זיפצט דער טאַטע — איך מיין, ווי האָלט עס ביי אייך אין שטעטל מכוח פאַרטייען?

— טשעטשעלניק, טאַטע, איז אַ קליין שטעטעלע. איצט איז קיין יוגנט ביי אונדז כמעט נישט פאַראַן. נאָך דעם פינפטן יאָר, איז מען זיך צעלאָפן, ווו עס האָט זיך נאָר געלאָזט: ווער קיין אַמעריקע, ווער קיין פּאַלעסטינע און ווער קיין אָדעס. בן־ציון דעם שוחטס מיידל איז אַוועק קיין פּאַלעסטינע, מיט אַ בחור, טאַקע פון אונדזער שטעטל. אַ בחור דווקא גאָר אַן אַנטיק. ער שטודירט אויף דאָקטער און קען גוט לשון־קודש. זיי האָבן געשטעלט אַ שטילע חופּה, זענען אַוועק קיין אָדעס און פון דאָרטן קיין פּאַלעסטינע.

די מאַמע פאַרברעכט די הענט:

— וואָס הייסט אַ שטילע חופּה? די סך קינדער וואָס איר טאַטע פאַרמאָגט? צוויי שטיקלעך קינדער, שטעלט מען אַ שטילע חופּה... פאַרוואָס האָט זי נישט פאַרגינען דער טאַטע־מאַמע אַ שטיקל נחת? דערלעבט צייטן, גאָט דערבאַרמדיקער!...

יהודית קוקט זיך איבער מיט ריסלען. זי נעמט צונויף די טעלער פון טיש און טראָגט זיי אַוועק אין קיך.

הערסט דאָך מאַמע — גיט ריסל צו פאַרשטיין — זי איז פון די היינטיקע; אַן אינטעליגענטקע און אַ פרייע. איר געפעלן נישט די אַלע צערעמאָניעס, וואָס מען דאַרף דורכמאַכן אויף אַ חתונה.

איך גיי נאָך יהודיתן אין קיך אַריין. איך שטעל אַן אויף איר אַ בעטנדיק פּנים און פרעג זי:

— יהודית, וואָס קאָן דאָס דיך אַרן, אַז איך, אַז איך וויל יאָ וויסן. איך בעט דיך זאָג מיר וואָס הייסט אַ שטילע חופּה?

— קוק זי נאָר אָן! אַ קליין יאַכנעלע דאָס איז! דו מוזסט דאָס טאַקע געווייטיק וויסן?

אָבער באַלד ווערט זי ווייכער און ענטפערט געלאַסן:

— אַ שטילע חופּה, איז אַ חופּה אָן קלעזמער און מיט גאָר ווייניק מענטשן.

איך קוק מיך איין אין איר פּנים. דוכט זיך אַז דאָס מאָל האָט זי מיר נישט אָפּגענאַרט.

— איך שטעל מיר אַוועק נעבן דער שוואַרצער שאַפע, פאַרשטעל מיר די אויגן און שטעל מיר פאָר דאָס בילד פון אַ שטילער חופּה. דאָס בילד איז פאַר מיר אַזוי קלאָר און בולט, אַז איך טראַכט, אַז געוויס האָב איך דאָס שוין אַמאָל געזען. אויב נישט אויף דער וואָר, איז אין חלום.

איך דערמאָן זיך, אַז נישט לאַנג צוריק איז מיר אויסגעקומען צו זען דורך אַן אָפענעם פענצטער פון מלכה ר׳ דודס שטוב, וואָס קוקט אַרויס פּונקט אויפן רבינס הויף לעבן בית־מדרש אַ חתונה מיט קלעזמער. דער גאַנצער גרויסער הויף איז געווען פאַרפלייצט מיט מענטשן. די קלעזמאָרים האָבן געשפּילט און מיידלעך, ווייבער און קינדער זענען געלאָפן קוקן אויף דער חתונה. חדר־ייִנגלעך האָבן זיך געשלאָגן פאַר דעם כבוד צו האַלטן די שטעקנס פון דער חופּה. פאַרפּוצטע מחותנתטעס האָבן זיך געקושט. מיידלעך מיט רעשיקע, זיידענע קליידער, מיט פעכערס אין די הענט, מיט סטענגעס אין די צעפּ, לויפן אַהין און צוריק, פאַרשמייעטע און צעטראָגן. זיי גרייטן זיך צו באַגעגענען די חתן־כלה מיט אַ טאָרט אויף אַ זילבערנער טאַץ, מיט ברענענדיקע ליכט און לייכטער, וואָס זיי האַלטן איבערן קאָפּ, לויט דעם סקאַרבאָוון קבלת־פּנים, מאַכן זיי דאָס מיט רוסישע גראַמען. מען לאָזט זיי נישט אַריין אין טאַנץ־זאַל, ביז איין מיידל זאָגט נישט אָפּ אויף גיך, ווי אַ וואַסער, די גראַמען און ווינטשעוואַניעס פון גליק, געזונט און רייכטום אָן אַ שיעור, ביז דער טיפער עלטער, צוזאַמען מיט געזונטע דורות פון קינדער און אייניקלעך. די מחותנתטע, דער כלהס מוטער, אַ דיקע ייִדענע מיט אַ רויט פּנים, מיט גרויסע אויערינגלעך, אין אַ ברייט, ברוין זיידן קלייד, טאַנצט אין מיטן הויף. זי לאַכט אַ גליקלעכע און דאַנקט שטאָלץ פאַר די מזל־טובס, וואָס שיטן זיך פון אַלע זייטן. מען שפּילט אַ פריילעכס, עס טאַנצט כלהס צד. עס האָפּקעט חתנס צד. מען טופּעט, מען רעשט, מען טאַנצט, מען לאַכט, מען רוישט און מען פּילדערט. דער הויף איז געפּאַקט. עס איז ענג פון מחותנים, פון געסט און פון פרעמדן עולם, פון דערוואַקסענע און קינדער.

אַ שטילע חופּה איז פּונקט דער היפּוך. איך שטעל זיך פאָר דעם זעלבן גרויסן רבינס הויף. ער איז פּוסט און ליידיק. פיר קליינע ייִנגלעך, מיט דאַרע הענטעלעך, מיט בלאַסע פּנימלעך און רויטע נעזלעך, האַלטן אונטער די חופּה, וואָס שאָקלט זיך און וואַקלט זיך. פון בית־מדרש קומען אַרויס צען ייִדן, וואָס מען האָט אַריינגערופן פון גאַס. עס קומט צו די מחותנתטע פון כלהס צד, אַ דאַרע, הויכע ייִדענע אָנגעטאָן אין שוואַרצן. זי האַלט די פינגער ביי די ליפּן און

בעט זיך: „שאַ, שטילו!“ און ווישט זיך די אויגן. חתן־כלה קומעןביידע צוזאַ־מען אויף אַ דראָזשקע; די דראָזשקע וואַרט אויף זיי. די כלה טראָגט אַ ברוין קלייד, מיט אַ ווייס קעלנערל, ווי אַ גימנאַזיסטקע. דער חתן — אַ סטודענטיש היטל. די חופה דויערט בלויז אַ מינוט. די כלה לויפט צו דער דראָזשקע מיט אַ געלעכטער פון חוזק. דער חתן נעמט אַראָפּ דאָס היטל און געזעגנט זיך פון ווייטן. דער מנין צופעליקע באַלעבאַטים מיט די יינגלעך כאַפּן זיך אויף גיך אַריין אין בית־מדרש. שמואל דער שמש לייגט צונויף די חופה און טראָגט זי ערגעץ אַוועק. די מחותנתטע רוקט אָן דעם שאַרף איבער די אויגן און גייט אַהיים דורך די הינטערגעסלעך. זי שעמט זיך פאַר לייטן. אויף דער גאַס הייבט זיך אויף אַ ווינט און עס ווערט פינצטער — — — — — — —

איך בין זייער צופרידן דערפון, וואָס איצט ווייס איך שוין וואָס עס הייסט אַ שטילע חופה.

פון דער זייט וואַרף איך אַ בליק אויף דעם טאַטנס בורקע, וואָס הענגט אין אַ ווינקל צווישן דער שוואַרצער שאַפע און דער וואַנט און איך טראַכט, אַז עס איז געווען זייער נאַריש פון מיין זייט מורא צו האָבן פאַר אַן אומשולדיקן בגד, מיינענדיק אַז דאָס איז עפּעס אַ שרעקלעך געשטאַלט.

איך ווער פּלוצלינג זייער פריילעך. איך באַשליס צו שפּרינגען אויף איין פוס, פון דעם קיך־טאַפּטשאַן ביז דעם טיש פון עסצימער. איך פיר דאָס טאַקע באַלד דורך, נאָר איבער דער שוועל באַנוץ איך ביידע פיס. קיינער באַמערקט דאָס אָבער נישט, ווייל ווען איך קום צו צו דעם טיש, זענען אַלעמענס פּנימער ערנסט און טרויעריק געווענדט צום טאַטן, וואָס דערציילט עפּעס ריסלען און קרעכצט דערביי און זיפצט ווי זיין טבע איז.

## קאַפּיטל דריי

# דער טאַטע דערציילט

פלוצלינג גיט די מאַמע אַ פרעג:

— זאָג מיר נאָר מיין מאַן, וואָס האָסטו זיך פלוצלינג אין מיטן דרינען אוועקגעזעצט אויפן זאָרג־בענקל? האַ?

איך זע, אַז מיין טאַטע זיצט אויפן זעלביקן בענקל, וואָס אַלעמאָל. פאַר־וואָס־זשע רופט זי עס פלוצלינג אַן זאָרג־בענקל? דער טאַטע לאָזט פאַלן אַ וואָרט, אַז ריסל איז זיין איינציק שטיקל נחת, דעריבער רעדט ער זיך אויס פאַר איר דאָס האַרץ.

ווערט די מאַמע אויסער זיך:

— סטייטש, וואָס איז דאָס פאַר אַ רייד? האָסט דאָך קיין עין־הרע צוויי אויסגעגעבענע זין מיט אייניקלעך, געזונט זאָלן זיי זיין! זענען זיי ביי דיר קיין נחת נישט?

— אָבער ווו זענען זיי? — פרעגט דער טאַטע פאַרביסן און לאָזט דערביי אַרויס אַ האַרצרייסנדיקן זיפץ — עובר לים!

בלייבט די מאַמע אַ ווײלע שטיל. זי מאַכט צורעכט די עקן פון קאָפּטיכל און ווישט די ליפּן. דערנאָך הייבט זי אָן שטיל:

— גלייב מיר, אַז איך האָב גאָרנישט אַזאַ גרויסן שונא ווען איך זאָל ווינטשן זיך צו קוויקן בלויז מיט אַ שטיקל פּאַפּיר. בפרט איז מיר ביטער אויפן האַרצן ווען איך גיב נאָך אַ טראַכט, ווער ווייס, וואָס עס האָט געקאָנט פּאַסירן אין דער צייט ביז דאָס בריוול איז אַהער אָנגעקומען. אָבער צוריק גערעדט: איי־דער חלילה צרות פון דער נאָענט, איז שוין בעסער נחת און גוטע בשורות פון דער ווייטנס און דאָס, דאַנקען גאָט, האָבן מיר.

אונדזער מאָטל, דער עלטסטער זון, האָט זיך ברוך־השם צוגעשלאָגן צו אַ שיינע פּרנסה. ער מיט זיין ווייב און קינדער זאָלן געזונט זיין, לעבן פריי אָן מורא פאַר פּאָגראָמען. ער איז אַ לערער אין אַ יידיש דאָרף אין אַרגענטינע. טאָ־קע ווייט, אָבער דערפאַר זענען זיי רויק און צופרידן. די קינדער וואַקסן געזונטע אויף פרישער לופט. די שניר שרייבט מיר, אַז מילך און פּוטער איז ביי זיי אויף

צו באָדן זיך און די קעז גיבן זיי אָוועק די עופות. מען זאָל וועלן אַפילו פֿאַרקויפֿן איז נישטאָ וועמען, ווייל אַלע האָבן אַליין איבערגעניג. הינער, גענדז, קאַטש־קעס און אַפילו אינדיקעס, גייען אַרום לעבן שטוב. זיי האָבן אַן אייגענעם גאָרטן מיט גרינוואַרג.

די מאַמע שמייכלט צופֿרידן:

— אַוודאי וואָלט איך געוואָלט — זאָגט זי מיט אַ זיפֿץ — כאַטש דורך אַ שפּאַרינע פֿון טיר, בלויז איין מאָל אַ קוק טאָן אויף זיי... אָבער אַז מען קאָן נישט, מוז מען זיך באַנוגענען דערמיט וואָס מען ווייס, אַז זיי איז גוט.

נו, וועגן דעם יינגערן, איז דאָך שוין אָפּגערעדט. גאָט און לייט זענען מיר אויף דודן מקנא. אַ קלייניקייט עפּעס, אַזאַ יונגעטשקער און שוין אַ רבֿ! און אין אַזאַ גרויסער שטאָט ווי לייפּציג. ער האָט שיין פּרנסה און כּבֿוד פֿון דער גאַנצער וועלט און חוץ דעם איז דאָך דאָס נאָענט אויך, ממש ביי דער נאָז. איך האָף צו גאָט, אַז איז וועל נאָך זוכה זיין אים צו זען בקרובֿ.

— וואָס? דו ביסט ביים זינען? — קאָן דער טאַטע זיך נישט איינהאַלטן

— דו ווייסט וואָס דו רעדסט? דו האָסט פֿאַרגעסן, אַז ער איז אַנטלאָפֿן פֿון פּרי־זיוו און טאָר אַהער נישט קומען ווי לאַנג ער וועט לעבן.

— איך האָב גאָרנישט פֿאַרגעסן — ענטפֿערט די מאַמע — ער קאָן טאַקע נישט קומען צו אונדז, וועלן מיר זיך דורכפֿאָרן צו אים. פּונקט ווי מיר זענען געפֿאָרן אויף זיין חתונה. איצט וועט אונדז זיין נאָך גרינגער און עס וועט קאָסטן ביליקער, ווייל מיר האָבן שוין אַלע פּאַפּירן. מיר דאַרפֿן נאָר באַנייען דעם אויס־לענדישן פּאַס.

— פייגל — שפּרינגט אויף דער טאַטע — ביסט שונאי־ציון, משוגע? ווי קאָנסטו רעדן פֿון פֿאָרן קיין אויסלאַנד? צווישן אונדז גערעדט. אויף דער חתונה האָבן מיר דען געקאָנט און געמעגט פֿאָרן? מיר האָבן אָבער אַנדערש נישט גע־קאָנט האַנדלען, ס'איי קעגן דודן. וואָס, ער איז קיין קינד נישט? איך האָב דאָס אויך געמוזט טאָן פֿאַר דער וועלט. ווייל גיי דערצייל יענעם, אַז קיינעם איז נישט אַזוי שלעכט ווי מיר און גיי זאָג עמעצן, אַז איך און מיינע קינדער זענען אַנדערש ווי די גאַנצע וועלט.

— מיט וואָס שמאַי, ביסטו אַנדערש ווי אַ צווייטער? און מיט וואָס זענען דאָס אַנדערש דיינע קינדער? זיי זענען אפשר פֿון פּימסנהאָלץ — פֿרעגט די מאַמע.

— אַנדערש מיט אַלץ — קרעכצט דער טאַטע.

— צום ביישפּיל, מיט וואָס? — פֿרעגט ריסל.

דער טאַטע וואַרפֿט אויף איר אַ דורכדרינגענדיקן בליק און ענטפֿערט:

— צום ביישפּיל, מיט וואָס, פרעגסטו? אָט נעם למשל, מיין מחותן ר׳ שמואל, מיין עלטערער שנורס פאָטער.

דער טאַטע בלייבט אַ ווײַלע שטיל. ער נעמט דערביי די באָרד אין האַנט אַריין און זעצט פּאָר מיט אַ זיפץ:

— ווען ר׳ שמואל האָט זיך משדך געווען מיט מיר, האָט ער זייער גוט גע־ ווּסט וואָס פאַר אַ נגיד איך בין. פונדעסטוועגן האָט ער צוגעזאָגט נישט מער ווי 400 רובל נדן און 2 יאָר קעסט און אויסגעלאָזט האָט זיך, אַז געגעבן האָט ער בלויז 250 רובל און גאַנצע זעקס וואָכן קעסט... איז מילא, מיט די קעסט איז מיין זון אַליין שולדיק; ער האָט געכאַפּט זיין ווייב און איז אַנטלאָפן צו אונדז... ער איז געווּינט מיט זיין מאַמען, ווי אַזוי זי איז זיך מפקיר פאַר אירע קינדער און פאַרלויפט זיי אַלע וועגן, האָט אים פאַרשטייט זיך נישט געקאָנט געפעלן ווערן, ווי זיין שוויגער האָט באַהאַנדלט איר אייגענע טאָכטער. אָבער דאָס איז אַ באַזונדער ענין און דערפון רעד איך איצט נישט. איך אָבער, טאָכטער מיינע, ווען איך האָב מיט דיר אַ שידוך געטאָן — זאָגט דער טאַטע מיט אַ גמרא־ניגון — איך האָב דווקא יאָ געוווּסט, אַז דיין שווער איז קיין עין־הרע אַ געזונטער נגיד און דער גוטער יאָר וואָלט אים נישט געווען גענומען, ווען איך דערגיב נישט אַ פּאָר הונדערטער צום נדן. איך ווייס אַפילו נישט צי וואָלט ער געהאַט טענות דערפאַר... איך האָב אָבער געסילוקט די גאַנצע 400 רובל נדן, וואָס איך האָב צוגעזאָגט, ווייל אַזוי בין איך. כאָטש עס איז געווען פאַר מיר שווער, ממש ווי אַ באַרג אויפצוהייבן...

איך האָב דיין מאַמען דעמאָלט געזאָגט: קיין מזל קאָן קיינער נישט מיט־ געבן אַ קינד, אָבער צרות, חס ושלום, דאָס יאָ. נישט איין פאַרפאַלק האָט זיך געלעבט שלעכט און געקריגט זיך צוליב דער איינציקער סיבה פון נישט האָבן געסילוקט דעם נדן. ביי מיר אָבער איז אַ וואָרט — אַ וואָרט. און אַחוץ דעם, קאָן איך גוט מיין סחורה. איך ווייס וואָס פאַר אַ דינעם האָנער זיי האָבן. איך ווייס ווי עס וואָלט אויף דיר, ריסל, געווירקט די קלענסטע אָנצוהערעניש. מיינסטו נאָך אַלץ, אַז יעדערער איז אַזוי ווי דיין טאַטע? ווען מען טראַכט זיך נישט אַזוי טיף אַריין, איז אַוודאי אַ סך געזונטער...

— איך פאַרשטיי — רופט זיך אָן יהודית — אַז ביי אונדז האָט מען ראַ־ סיען קיינמאָל זיך נישט געלאָזט פילן אומבאַקוועם צוליב דעם וואָס איר טאַטע האָט נישט באַצאָלט דעם נדן.

— מיר — זאָגט ריסל — מיר זענען געווען צופרידן, ווען זי האָט צו אונדז קיין טענות נישט געהאַט. מיר האָבן איר ליב געהאַט דאָס לעבן. איך האָב מיט איר געלעבט ווי מיט אַ שוועסטער. די מאַמע האָט איר דאָס אָרט אָפּגעבלאָזן.

פונדעסטוועגן, ווען איך האָב איר גערופן שבת, צו גיין שפּאַצירן, פלעגט זי מיר זאָגן מיט אַ שטאָכוואָרט: — דו גייסט שפּאַצירן מיט אַ סאָלדאַטסקע ווייב.

— יאָ, — קרעכצט דער טאַטע — זי האָט געפילט אַ קנאה, ווייל דיין שלמהן האָט זיין טאַטע אַרויסגענומען פון זעלנער פאַר געלט. זי פלעגט נעבעך וויינען און קלאָגן און טענהן, אַז עס איז איר אַ ווייטיק און בזיון, וואָס איר מאַן דינט פּאַניען. זי איז נעבעך געדעכט געוועזן. אָבער וואָס האָב איך געקאָנט טאָן? גאָט ווייסט דעם אמת, אַז איך האָב מיר געלאָזט קאָסטן אַ סך מערער, ווי איך בין געווען בכוח, סיי ביים פּריזיוו, סיי ווען ער האָט שוין געדינט. צוויי מאָל בין איך געפאָרן צו אים אין פּאָלק, האָב געשמירט דורך מאַכערס, עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן, זיי האָבן אים נישט אַרויסגעלאָזט. עס פעלט אַ פּנים מזל!... זיין דינען האָט אונדז געוואָרפן פון די פיס. פיר יאָר צייט האָט ער זיך אָפּגעמוטשעט. איך האָב די גאַנצע צייט געצאָלט פאַר קעסט אין שטעטל, וווּ זיין פּאָלק איז געשטאַנען, כדי ער זאָל עסן כשרס.

— זיינע מאַנעווורעס חלומען זיך מיר נאָך איצט — גיט צו די מאַמע מיט אַ סך פאַרביטערונג.

— טאָ פאַרוואָס־זשע האָט ראָסיע געהאַט טענות צו אייך? — פרעגט יהודית.

— האָ, — זאָגט דער טאַטע פאַרשעמט — דאָס איז זי נעבעך געדעכט געוועזן...

— נאָך אַ מין געדעכטס! געדעכט ווי אַ גוי! — האַלט אונטער די מאַמע.

— פאַרוואָס איז זי געווען געדעכט? — פרעגט יהודית.

ענטפערט דער טאַטע:

— ראָסיע איז זייער אַ קלוג ווייבל. האָט זי דעריבער גוט פאַרשטאַנען די לאַגע. איר פאָטער איז שוין דעמאָלט געווען קראַנק און פאַראַרעמט, מיט אַ פולע שטוב מיט טעכטער קיין עין־הרע. איך, דער שווער, אויך אַ קראַנקער און אַ קבצן. מאָטל ווייסט נישט ווי אַזוי צו זוכן פּרנסה. קיין פאַך אין האַנט האָט ער נישט. צו קיין מסחר טויג ער נישט. קיין געשעפטן האָבן מיר נישט. איז וואָס וועט זיין דער תכלית? וויפל קאָן מען דאָס זיצן אויף קעסט? איז דערפאַר, גלייך ווי מען האָט אים צוגענומען פאַר אַ סאָלדאַט, האָט זי זיך באַלד גענומען בעטן ביי אונדז, אַז מיר זאָלן איינצאָלן פאַר שיפסקאַרטן און זיי זאָלן אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע. האָט זיך דעמאָלט די מאַמע קעגנגעשטעלט. סטייטש, האָט זי געטענהט, וואָס הייסט זי וועט פאַרשיקן אירע קינדער קיין אַמעריקע? איך, פאַרשטייט זיך, האָב אויך נישט געהאַט קיין חשק זיך צו שיידן מיט די קינדער אויף אייביק. אַחוץ דעם, וועל איך דיר זאָגן דעם אמת: איך האָב מיר נישט פאָרגעשטעלט, וואָס אַזאַ יונגערמאַן ווי מאָטל קאָן טאָן אין אַמעריקע. פאַר אַ

פעדלער, האָב איך געוווּסט, טויג ער נישט צוליב זיין כאַראַקטער. ער איז אַ האַרטער פּאַרשוין. ער פּאַסט זיך שווער צו צו דער וועלט. ער איז אַ ווילדער גדלן. חוץ זיינע נאָענטע חברים, די משכילים, האָט ער קיינעם נישט געהאַט, נישט געקענט און אפילו נישט געהאַט וועגן וואָס צו רעדן מיט אַנדערע מענטשן. היינט גיי שיק אַזוינס קיין אַמעריקע. וואָס וואָלט ער דאָרטן געטאָן? אַזאַ טייערע מציאה איז דאָס צו שוויצן אין אַ שאָפּ?

— אַ פּאַרפאַלק ערשט נאָך דער חתונה — רעדט ווייטער דער טאַטע — עס מיז נעמען צייט, ביז מען געוווינט זיך צו איינער צום אַנדערן. ביידע זענען אין זייער לעבן נישט אַרויסגעפאָרן פון דער היים און ווער עס זאָל זיי דאָרטן אַראָפּנעמען פון שיף און זיי ווייזן די ערשטע טריט, אין דעם נייעם לאַנד האָב איך נישט געהאַט. איך וואָלט דאָך קיין נעכט נישט געשלאָפן פון איבערקלערן. אַוודאי׳ האָבן מיר געהאַפט אים אַרויסצונעמען פון פאָלק. ווען מען גלוסט זיך דאָס אָפּצוגעבן פיר יאָר פּאַר פּאָניען? לוינט זיך דען צו מוטשען און דינען אין ראַסיי? איך האָב מיר דעריבער געלאָזט קאָסטן וויפל נאָר איך האָב געקאָנט. האָב איך זיך דען געקאָנט ריכטן, אַז נאָך דעם ווי איך וועל זיך לאָזן קאָסטן און זיך סטאַרען אים אַרויסצונעמען, וועט ער פאָרט מוזן אָפּדינען גאַנצע פיר יאָר, זיך גוט אַנמוטשען און ווען ער וועט קומען אַהיים און זיך נעמען זוכן פּרנסה, וועט אויסברעכן אַ מלחמה מיט יאַפּאַן? ווער האָט געקאָנט זיין אַ נביא?

— שטעל זיך פאָר, אַז מאָטל דאַרף גיין ווי אַ „זאַפּאַסנאָיער" און דוד דאַרף שטיין צום פּריזיוו. וועגן באַפרייען דוידן, האָט גאָר קיין רייד נישט געקאָנט זיין. פאַרקערט, מבינים אין בית־מדרש האָבן געזאָגט, אַז אַזעלכע בחורים ווי ער — אַזעלכע גלייכע, שטאַלטנע און שיינע — קלייבט מען פאַר דער קייסעריי־ביעס גוואַרדיע און זיי דאַרפן דינען, אַנשטאָט פיר יאָר, גאַנצע פינף יאָר און דערצו ווער רעדט נאָך בעת אַ מלחמה! איז דאָך אַוודאי קיין תירוץ נישטאָ, אַז ער זאָל באַפרייט ווערן. און לאָמיר זאָגן, אַז עס איז אמת, אַז רוסלאַנד האָט אַ סך סאָלדאַטן און נישט אַלע וועט מען שיקן זיך שלאָגן מיט יאַפּאַן. נאָר וועט מען מיר פרעגן ווען צו שיקן? און ווער ווייס וועמענס גורל עס איז? מען שטעלט דאָך איין דעם נפש.

דער טאַטע כאַפּט אָפּ אַ ווײַלע דעם אָטעם, טוט אַ זיפץ און זעצט פאָר:

— איז נאָך אַלע צרות, ערשט אויסגעקומען זיך צו שיידן מיט די קינדער. קיין געלט אויף הוצאות האָב איך, ווי געוויינטלעך, נישט געהאַט. קוים מיט גרויס מי זיי אַריבערגעשטעלט דער גרענעץ. מאָטל האָט זיך דערשלעפּט ביז לאָנדאָן. ער האָט זיך דאָרט אָפּגעפּלאָגט גאַנצע צוויי יאָר. ביז זיין שוויגער (דער שווער איז אין דער צייט געשטאָרבן) האָט זיך צונויפגעשריבן מיט אירן אַ קרוב

**אין** אַרגענטינע, אַן אַנגעשטעלטער אין דער „ייקאַ" און יענער האָט אים צוגע־שיקט אַ שיפסקאַרטע מיט אַביסל געלט אויף הוצאות און אים געבראַכט אַהין שוין אויף אַ גרייטע שטעלע, אַלס לערער אין דער יידישער קאָלאָניע. ער האָט באַלד אַרויסגענומען צו זיך זיין ווייב און קינד און עס איז זיי דאָרטן, אַדאַנק גאָט, געפעלן.

דער טאַטע רוט זיך אָפּ אויף אַ מאָמענט און רעדט ווייטער, מיט אַ געמיט־לעכערן קול:

— דוד איז פאַרבליבן אין דעם גאַליציאַנער דאָרף ביי דער גרענעץ, אָן אַ גראָשן געלט ביי דער נשמה. איך האָב עס נישט געוווּסט, נאָר ערשט דאָ נישט לאַנג האָט מיר מאָטל באַשריבן דודס גוטסקייט. דאָס הייסט, ווי אַזוי דוד האָט אים אַוועקגעגעבן ביז דעם לעצטן גראָשן און זיך אויסגעליידיקט די קעשענעס ווי צו תשליך... אַז מאָטל האָט נישט געוואָלט נעמען, האָט אים דוד מיט זיינע מעשיות, וויצן און חנדלעך איבערצייגט, און אין דער האַלבער שעה, וואָס ער איז געווען אין שילעכל האָט ער „איינגענומען" גאַנץ גאַליציע... דוד, דאַרפסטו וויסן, איז פּונקט דער היפּוך פון מאָטלען. ער איז געוואָקסן לייכט, געזונט, שיין און פּונקט אַזוי ווי דער קאָפּ איז גוט, קיין עין־הרע, אַזוי זענען אויך ביי אים פלינק און אויסטויגלעך די הענט. און מיטן כאַראַקטער איז ער אויך געבענטשט און אומעטום האָט מען אים ליב. ער פּאַסט זיך לייכט צו צו יעדער סביבה. אויף אים איז קיינמאָל נישט קענטיק אַז ער ליידט. צו יעדן איז ער צוגעלאָזט. ער האָט געקאָנט יעדן איינעם אין טאַלנע און יעדער איינער האָט אים געקענט און אַלע האָבן אים דאָ ליב געהאַט. ער איז געווען דער בעסטער שווימער, זיך גע־גליטשט בעסער פון אַלע יינגלעך. שטענדיק צופרידן, לעבעדיק און פריילעך, פלעגט ער דעם רבין זיינעם אָפּטאָן די ערגסטע שפּיצלעך. מיט זיינע גאָלדענע הענט האָט ער שטענדיק געמייסטרעוועט. וואָס נאָר ער האָט געוואָלט, דאָס האָבן די הענט געמאַכט. און די אַלע זאַכן האָבן אים נישט געשטערט צו קריגן צו זי־בעצן יאָר סמיכות אויף רבנות פון דריי באַרימטע רבנים.

דער טאַטע פאַרהוסט זיך אַביסל און זעצט פאָר ווייטער, אַ צופרידענער און אויפגעהייטערטער:

— אַזאַ פויגל קאָן זיך אומעטום אַן עצה געבן! והראיה: טאַקע אין דעם דאָזיקן גאַליציאַנער דערפל האָט מען אים באַהאַנדלט ווי אַן אייגענעם. זיי האָבן אים געפירט קיין סעגעד און אין אַ קורצער צייט איז ער דאָרטן געוואָרן דער גרעסטער חשוב ביים רבין אין הויף. האָט געלערנט מיטן רבינס זונדל און באַלד האָט אים אויסגעכאַפּט אַ דאָרטיקער גביר פאַר אַן איידעם. ער האָט געקריגן אַ שיינע כלה, אַ מיידל פון זעכצן יאָר, און דער שווער האָט אים אויסגעבויט אַ

שיינע דירה אין די קאַרפּאַטן־בערג. אים אַוועקגעגעבן פעלדער און אַ גאָרטן פון אַזאַ מין סאָרט עפּל, וואָס מען שיקט אַרויס פון לאַנד צו פאַרקויפן און דערצו האָט דער שווער אים נאָך פאַרזיכערט אייביקע קעסט. זיין שווער האָט זיך קעגנגעשטעלט ער זאָל אָננעמען דאָס רבנות אין לייפּציג און ווען ער איז פון דאָרטן אַוועק, האָט אים דאָס גאַנצע דאָרף באַגלייט מיט געוויין. פון לייפּציג שרייבט ער, אַז ער איז צופרידן.

— הייסט דאָס, אַז מיינע קינדער האָבן זיך ברוך־השם יאָ צו עפּעס דערשלאָגן! אָבער איך וועל זיך שוין קיינמאָל נישט באַפרייען פון דעם קאַפּדרייעניש. איך שטעק נאָך אין חובות ביז דעם האַלדז. איך קרענק נאָך — ווייזט אָן דער טאַטע מיט דער האַנט אויף ווייט — איך צאָל נאָך אויס די פאַרבראָכטע שטוב... גיי דערצייל דאָס יענעם, וויפל איך טראַכט נישט דערפון, קאָן איך נאָך אַלץ נישט פאַרשטיין, פאַרוואָס דאָס איז און פאַרוואָס דאָס קומט מיר.

דער טאַטע הייבט זיך אויף און נעמט זיך שפּאַצירן נערוועז איבער דער שטוב. דערנאָך זעצט ער זיך צוריק אַוועק, נעמט רעדן שטיל און ווענדט זיך צו ריסלען:

— ווען די מאַמע האָט דעמאָלט געפּועלט ביי מיר, אַז מיר זאָלן קויפן דאָס שטיבל, איז וואָס איז דען דאָרטן געווען? אַ קיך מיט אַ צימער; דערפאַר אָבער אַ גרויסערליידיקער פּלאַץ אויף צו בויען. עס איז טאַקע געווען אַ מציאה, סך־הכל 150 רובל. אַ הונדערטער האָבן מיר דעמאָלט געהאַט און 50 האָבן מיר צוגעבאָרגט. עס פאַרשטייט זיך, אַז ווי די שטוב איז געווען, האָבן מיר נישט געקאָנט וווינען אין איר. דערפאַר האָב איך זיך לכתחילה קעגנגעשטעלט. „לאָז מיר צורו, פייגל", האָב איך זיך געבעטן ביי דער מאַמען, ווי קאָן איך אַ קראַנקער מענטש, נעמען אויף מיינע פּלייצעס אַזאַ יאָך. האָט זי מיר געענטפערט: „ווען דען, אויב נישט איצט? די קינדער זענען נאָך קליין, מיר זענען נאָך יונג. שפּעטער וועלן זיך אָנהייבן פּריזיוון, תנאימס און חתונות מירטשעשעם. מיר וועלן זיך איצט טאַקע אַביסל צופּלאָגן, דערפאַר אָבער וועלן מיר קומען צו אַן אייגענער נחלה און האָבן אַ דאַך איבערן קאָפּ". איז זי דאָך דאַכט זיך גערעכט, די מאַמע, נו האָב איך מיר מער נישט געשפּאַרט. עס איז גראָד געווען באַלד נאָך דעם אומגליק מיט בענטשיקן. די דירה ווו מיר האָבן געוווינט איז מיר געוואָרן נמאס און איך האָב געהאָפט, אַז אפשר וועט פאַרט ווערן בעסער, משנה מקום, משנה מזל — זאָגט מען ביי יידן, האָב איך מיר שוין נישט קעגנגעשטעלט.

דער טאַטע וויגט זיך אויפן בענקל און קרעכצט.

— אוי, האָבן מיר זיך געפּלאָגט און געמוטשעט! דאָס בויען האָט, פאַרשטייט זיך, אַריינגעשלעפּט אין גרעסערע הוצאות, ווי מיר האָבן לכתחילה גע־

רעכנט און דאָ איז צוגעפאַלן דער האַרבסט, דער אָסיען מיט די רעגנס און בלאָ־טעס. די מאַמע האָט אַוועקגעלייגט די בושה אין אַ זייט און איז געגאַנגען מיט די הוילע שיך אין דער בלאָטע, נישט געקאָנט זיך קויפן קיין פאַר קאַלאָשן, ביז מען האָט געענדיקט בויען.

דאָס אַלץ רעדט זיך איצט אַזוי גרינג, אָבער דעמאָלט... איך האָב געזאָגט צו דער מאַמען: „פייגל, מיר וועלן זיך אַריינצי:ען אַן די פאָלן״, ענטפערט זי מיר: „שמאי, ווי מעגסטו וווינען אויף ערדענע פאָלן? דיר וועט שאַטן צו שלאָפן אין אַ צימער אָן אַ הילצערנער פאָדלאָגע״. בקיצור, מיר האָבן געלייגט די פאָלן אויך. באַוויזן זיי אַפילו איין מאָל איבערצוגיין מיט פאַרב. און וואָס? — צע־נעמט דער טאַטע הילפלאָז די הענט.

רופט זיך אָפּ ריסל:

— טאַטע, דו ווייסט? ביי בן־ציון דעם שוחט אין טשעטשעלניק, האָט אויך אָפּגעברענט די שטוב.

— נו, האָט ער נישט קיין אייגענע דירה? — פרעגט דער טאַטע.

— ער האָט יאָ, — ענטפערט ריסל, ביי זיין שטוב האָט נאָר אָפּגעברענט דער דאַך, האָט ער אים געדעקט אויפסניי און דאָס הויז איז צוריק גאַנץ.

— אַזוי? אָבער מיר טאָכטער, דו געדענקסט דאָך אַוודאי! מיר זענען קוים מיטן לעבן אַרויס. וואָס זאָג איך „מיטן לעבן״? דאָס אויך נישט. דאָס קינד א ל י ה ל ע איז דאָך געשטאָרבן פון דער שריפה. ער איז געווען קראַנק אויף טיפוס. די מחלה האָט שוין געהאַט געבראָכן, נאָר פונקט בשעת דעם קריזיס האָט מען אים אַרויסגעטראָגן פון שטוב אַ פאַרשוויצטן, אין מיטן דער קרענק. דעם משוגענעם קאָצקער חסיד, זאָל זיין אַזוי גוט אין קבר, ווי ער האָט מיר דע־מאָלט אומגליקלעך געמאַכט...

— שמאי! — רופט אויס די מאַמע אַ דערשראָקענע — ווי אַזוי קאָנסטו דאָס שעלטן אַ שוכן עפר, וואָס איז שוין איצט אויפן עולם־האמת? און ער האָט דאָס דען געטאָן בכיוון? זיין שטוב האָט זיך דען נישט אָנגעצונדן? נישט מער, דאָס פייער האָט זיך אַריבערגעוואָרפן אויף אונדזער דירה, צוליב דעם ווינט. מסתמא איז אַזוי באַשערט געווען. אַלץ איז ביי גאָט אין די הענט.

די מאַמע רעדט ווייטער:

— אוי, פונקט ווי דאָס האַרץ וואָלט מיר דעמאָלט געזאָגט... איך האָב זיך געהאַלטן ביי זיי אין איין בעטן, אַז זיי זאָלן שטעלן דעם סאַמאָוואַר מיט קוילן און נישט מיט קיין שפענער. איך זע, ווי ביי לייטן זשאַלעוועט מען קוילן, קאָן איך דאָס נישט פאַרשטיין. פון זינט איך בין אַ באַלעבאָסטע פאַר זיך, לעש איך אָפּ קוילן און איך האָב צו דעם פרעסל און פאַר דעם סאַמאָוואַר. מילא,

קאָסט מיר נאָך אַ שייטל האָלץ. איז וואָס? כ׳וועל חלילה ווערן אָרעמער? ווען איך פלעג קוקן ווי אונדזער שכן, דער אַלטער קאַצקער, שטעלט דעם סאַמאָוואַר מיט קלעצלעך אָנשטאָט קוילן, האָב איך נאָר געציטערט, טאָמער צינדט זיך אָן די סאָזשע און כך־הוה.

— וואָס, פון דער סאַזשע איז דען פאַרברענט געוואָרן אונדזער שטוב? — פרעגט יהודית.

— ווער זאָגט דען, אַז פון דער סאַזשע? — פאַרענטפערט דער טאַטע — עס האָט זיך פונקט אַזוי צוגעפּירט. עס איז ווי דאָס קצבישע ווערטל זאָגט: אַז גאָט וויל שפּילן אַ חתונה, ווערט מען צוזעצט טאַנצנדיק.

דער טאַטע רעדט מיט האַרץ:

— מיר האָבן זיך אַריינגעצויגן אין אונדזער שטוב באַלד נאָך פּסח און האָבן אָפּגעוווינט אין איר דעם גאַנצן זומער. פאַר סוכות איז ליאָוועלע קראַנק געוואָרן אויף טיפוס. ער האָט דעמאָלט נאָר־וואָס געהאַט אָנגעהויבן צו גיין אין חדר, האָט ער זיך אַ פּנים פאַרקילט, צי וואָס...

— עס איז געווען פונקט אַ יאָר נאָך בענטשיקס טויט — מורמלט ריסל שטיל.

— יאָ, עס איז געווען פונקט אַ יאָר נאָך יענעם אומגליק — קרעכצט דער טאַטע — פּאַסירט האָט, אַז ווי נאָר דער דאָקטער האָט דערקלערט, אַז דאָס קינד האָט טיפוס, האָט דוד דעם שוחטס מוטער עליה השלום, פאַרנומען צו זיך אַלע קינדער כדי זיי זאָלן זיך נישט אָנשטעקן. דו, ריסל, דאַרפסט עס געדענקען.

— יאָ, טאַטע, איך געדענק — פליסטערן אירע ליפּן קוים צו הערן.

— מען קאָן זיך שוין פאָרשטעלן ווי אַזוי די מאַמע איז געלעגן איבערן קינד, טאָג און נאַכט, ביז די שלאָפקייט האָט געבראַכן. האָט זיך פונקט געמאַכט, אַז איך בין געווען אין בוינע, צו קוילען אַ פּאָר שטיקלעך אויף די צווייטע טעג יום־טוב. עס איז געווען חול־המועד סוכות, פיר אַזייגער בייטאָג. די מאַמע איז געבליבן אַליין מיטן קראַנקן קינד. נאָך אַזויפיל נעכט וואָך זיין, איז זי לעבן אים אַנטשלאָפן געוואָרן. דערווייל האָט דער שכן געשטעלט דעם סאַמאָוואַר מיט שפּענער אַנשטאָט קוילן. ווען די שפּענער האָבן זיך צעפלאַקערט, האָט ער, דער משוגענער חסיד, אַרויסגעטראָגן דעם סאַמאָוואַר אין דרויסן און געשטעלט ביי דער טיר פון דער סוכה. האָט זיך פון דעם פלאַם אָנגעכאַפּט דער סכך און ווי אויף צו להכעיס איז פונקט געווען אַ ווינט און אין איין כהרף־עין, אין איין אויגנבליק, האָט דאָס פייער אַרומגעכאַפּט די גאַנצע סוכה. דאָס שטרוי און די ברעטער האָבן זיך אָנגעכאַפּט און פון דאָרטן האָט דאָס פייער אַ יאָג געטאָן אויף אונדזער דאָך.

דער טאַטע בלייבט שטיל אויף אַ ווײַלע. זיין פּנים איז פינצטער. דערנאָך רעדט ער שטיל:

— ווען עס איז געוואָרן דער געוואַלד, האָט די מאַמע איינגעוויקלט דאָס קראַנקע קינד אין אַ קאָלדרע און איז מיט דעם אַרויס אויפן גאַס. זי האָט זיך אַ ווײַלע אַרומגעדרייט צעטראָגן: — וואָס זאָל זי טאָן? — נישט יעדערער וויל אַרייננעמען דעם טיפוס צו זיך אין שטוב אַריין. אומעטום זענען פאַראַן קליינע קינדער. שרה יענטע, ירמיה דעם גבאיס ווייב, איז איר געלאָפן אַנטקעגן און זי אַריינגענומען צו זיך אין שטוב אַריין מיטן קינד.

— ביז איך האָב אַוועקגעלייגט דאָס קינד — קרעכצט די מאַמע — און ביז איך בין צוריק געקומען צו לויפן צו אונדזער שטוב, איז שוין דאָס מעבל מיט אַלע שטוב־זאַכן געלעגן אויף דער גאַס. עס איז מיר פאַרברענט געוואָרן אַ סך גרעט און אַלע ליילעכער. איך האָב זיי געהאַלטן אויפן בוידעם אין אַ קאַסטן, צוזאַמען מיט דעם קויטיקן וועש פון דעם קראַנקן, ווייל מען האָט אים געוויקלט אין נאַסע ליילעכער. ביז היינט צו טאָג בין איך נאָך צו אַזויפיל וועש נישט געקומען.

היינט דעם טאַטנס גמרות! איין שאַפע אָנגעפּאַקט מיט ספרים איז פאַר־ברענט געוואָרן. די צווייטע האָט מען אָפּגעראַטעוועט. גאַנץ ש"ס, וואָס ער האָט באַקומען דרשה־געשאַנק, איז אַוועק מיטן פייער. מען זאָגט, אַז היינט קריגט מען שוין נישט אַזאַ אַנטיק.

די מאַמע זיפצט אָפּ טיף און רעדט ווייטער:

— אָבער דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס דאָס קינד האָט ווידער באַקומען היץ און מען האָט גאָרנישט געקאָנט מאַכן — די מאַמע פאַרקרימט זיך, ווי צו וויינען, שנייצט די נאָז און זעצט פאָר — ווי אַזוי דאָס האָט אונדז געטראָפן קאָן מען זיך שוין פאָרשטעלן. דאָס פלאַץ האָבן מיר געמוזט פאַרקויפן פאַר אַ שיבוש, אינגאַנצן פאַר אַכציק רובל. פונדעסטוועגן האָב איך אויף דעם שכן קיין שנאה נישט געטראָגן. עס איז, ווייזט אויס, נישט באַשערט געווען צו האָבן אַן אייגענע שטוב און דאָס קינד האָט מן־הסתם קיין יאָרן נישט געהאַט...

אַ ווײַלע בלייבט די מאַמע שטיל, נאָר באַלד הייבט זי ווידער אָן מיט היץ:

— זעסטו, יענעם מערדער, דעם רוצח, אים בין איך נישט מוחל. זאָל אים גאָט באַצאָלן פאַר מיר. ער איז געווען דער מלאך־המות פון מיין קינד, פון בענ־טשיקן. איך דאַנק גאָט, וואָס מיינע אויגן זעען אים נישט מערער.

— וואָס — פרעגט ריסל — דער גראָבער פעלדשער איז נישטאָ אין טאָל־בע? ווו דען איז ער?

— מען זאָגט, אַז אין אַדעס. זאָל אים נעמען דער רוח, ווו ער געפינט זיך, דער אויסוווּרף — שעלט דער טאַטע.

יהודית רופט זיך אָן צו ריסלען:

— דו וועסט ביי זיי פון קאָפּ נישט אַרויסנעמען, אַז דער גראָבער פעלדשער האָט דערהרגעט בענטשיקן מיט דער קליזמע. זיי קאָנען בשום־אופן נישט גלייבן, אַז ער איז געשטאָרבן פון דער כאָליערע.

דער טאַטע ווערט בייז אויף יהודיתן:

— פון וואַנען ווייסטו דאָס, ווייסערקע מיינע, אַז ער האָט געהאַט די כאָליערע? ביסט געווען דערביי? האָסטו געהערט אַזוינס? זי ווייסט! בסך־הכל איז זי דעמאָלט אַלט געווען קוים אַנדערטהאַלבן יאָר.

יהודית ווערט רויט און זאָגט:

— איך האָב שוין אַ סך מאָל געלייענט, ווי אַזוי דער „נאַראָד" הרגעט אַוועק דאָקטוירים און פעלדשער בעת אַן עפּידעמיע. די דאָקטוירים און פעלדשערס שטעלן איין דאָס לעבן, כדי צו ראַטעווען די באַפעלקערונג און דער המון פאַרשטייט דאָס נישט. ווער ווייסט דען נישט היינט צו טאָג, אַז די כאָליערע פאַרשפּרייט זיך מוראַדיק שנעל, צוליב די מיקראָבן און דערפאַר מוז מען תיכף אָפּזונדערן די קראַנקע, כדי צו פאַרהיטן די געזונטע.

דער טאַטע גיט זיך אַ טרייסל:

— אַזוי טאַקע? וואָס זאָגסטו צו איר? דיין טאַטע איז אויך אַ „מוזשיק", וואָס כאַפּט אַ האַק צו אַ דאָקטער? וואָס ווייס איך, אימשטיינס געזאָגט פון מעדיצין? — לאַכט דער טאַטע איראָניש — כאָטש עס איז מעגלעך, אַז ווען איך זאָל געווען האָבן בשעת־מעשה אַ האַק, וואָלט איך געטאָן דאָס זעלבע. ווייל אַ טאַטע קאָן נישט צוזען, ווי מען נעמט אַ געזונט קינד און מען סמט דאָס אָפּ, אין איין הרף־עין פאַר זיינע אויגן.

— טאַטע, אַ געזונט קינד נישט — זאָגט ריסל שטיל, מיט אַ געדריקט קול — עס איז געווען אַן עפּידעמיע און אים האָט געדרייט אין בויך. מיר זענען אפשר נישט זיכער, אַז דאָס איז געווען כאָליערע, אָבער זאָגן: אַ געזונט קינד — קאָן מען אויך נישט.

— דו האָסט שוין פאַרגעסן! — וואַרפט איר פאַר די מאַמע, פונקט ווי ריסל וואָלט געווען מחויב כסדר צו געדענקען אַלע אומגליקן אין דער משפחה.

— וואָס הייסט, מאַמע, איך האָב פאַרגעסן? ווען האָט ער אויפגעוועקט אויב נישט מיר, — זאָגט ריסל מיט אַביסעלע שטאָלץ.

און באַלד ווענדט זי זיך צו יהודיתן, גרייט צו דערציילן איר יענעם טראַגישן עפּיזאָד:

— מיר האָבן דעמאָלט געוווינט ביי אברהם דעם חזן.

— אַזוי ווייט? — פרעגט יהודית.

— יאָ, ווייל דאָס שחיטה־שטיבל איז דעמאָלט געווען אין יענער זייט שטאָט און פון רבינס בית־מדרש האָט דער טאַטע געוואָלט זיין ווייט. עס איז שוין לאַנג אין דעם, אַ סך יאָרן. עס איז געווען נאָך איידער מען האָט פאַרטריבן דעם רבין פון טאַלנע און עס איז געווען אַ גרויס מחלוקת צוליב דעם תכשיט...

— דאָס איז אַ באַזונדער קאַפיטל מיט צרות — קרעכצט דער טאַטע.

ריסל זעצט פאָר:

— דאָרטן, אין יענער דירה, האָבן מיר געהאַט אַ קינדער־צימער. איך בין געשלאָפן אויף אַ דעם באַנק־בעטל — ווייזט ריסל מיט דער האַנט צום אַלקער — און אַנטקעגן מיר, אין אַ שטאָלן בעטל, זענען געשלאָפן בענטשיק מיט דודן, אים צו לאַנגע יאָר. מאָטל איז געשלאָפן אין זאַל און דו ביסט געשלאָפן מיט דער מאַמען. דאָס אומגליק איז געשען אין אַ פרייטיק־צו־נאַכטס. בענטשיק האָט מיר אויפגעוועקט און געזאָגט אַז עס טוט אים וויי דער בויך און ער בעט מיר, אַז איך זאָל שטילערהייט אויפוועקן דער מאַמען און נישט איבערשרעקן דעם טאַטן.

— ער איז געווען קלוג און געזעצט ווי אַן אַלטער מענטש — שאָקלט זיך פאָר ווייטיק דער טאַטע.

— איידער איך האָב נאָך באַוויזן אַראָפצוגיין פון געלעגער, זענען אַריין אין צימער דער טאַטע מיט דער מאַמען. דער טאַטע האָט געכאַפּט פון טיש דאָס פלעשל בראָנפן און גענומען רייבן בענטשיקן. דער טאַטע האָט געזאָגט צו דער מאַמען: „גיי מאַך פייער, וועלן מיר אים וואַרעמען מיט ציגל. עס איז פקוח־נפש, מעג מען מחלל שבת זיין". דער טאַטע אַליין האָט אויפגעדרייט דעם לאָמפּ, וואָס האָט געהאַלטן ביים אויסגיין.

— הלוואַי וואָלט ער דאָס נישט געטאָן! — זיפצט די מאַמע.

— דער טאַטע האָט זיך נישט פאַרלוירן — רעדט ווייטער ריסל — ער האָט דודן אַריבערגעטראָגן צו זיך אין בעט. מיר האָט ער אַרויסגעטריבן פון צי־מער און אויף גיך פאַררמט דאָס בעטגעוואַנט. אין אַלקער זענען געשלאָפן ליאָ־ווע און דו, און איך בין אַריין אין דער מאַמעס בעט לעבן דיר. מאָטלען האָט דער טאַטע געהייסן פאַרהענגען די פענצטער. עס איז שוין אָבער געווען צו שפּעט.

— די גאַנצע מעשה, ווייס איך נישט, צי זי האָט געדויערט אַ האַלבע שעה — הוסט דער טאַטע פאַרצווייפלט.

ריסל זעצט פאָר:

— איבער דער שטאָט איז אַרומגעגאַנגען דער „אַבכאַד", דער פעלדשער

מיט צוויי סטראַזשניקעס. זיי האָבן געזוכט פּלעצער פון דער עפּידעמיע, ווייל אין די אַרומיקע דערפער איז געווען די כאָליערע. דער פעלדשער איז דאָך אַ ייִד. ווען ער האָט דערזען, אַז עס איז אַזוי ליכטיק אום שבת, האָט ער זיך צוגע־רוקט צום פענצטער און אַריינגעקוקט און ווי ער האָט דערזען, אַז עס ברענט פייער אויפן פּריפּעטשיק, האָט ער פאַרשטאַנען אַז עמיצער איז קראַנק, האָבן זיי געקלאַפּט אין טיר און מיר האָבן נישט געעפנט. די סטראַזשניקעס האָבן אָבער אויפגעריסן די טיר און זענען אַריין אין שטוב. זיי האָבן אָפּגעשטופּט דעם טאַטן מיט דער מאַמען און דער פעלדשער האָט געמאַכט בענטשיקן אַ קאַנע פון אַזאַ שטאַרקער זאַך, אַז ער איז באַלד אויסגעגאַנגען. פאַרטאָג זענען מיר שוין אַלע גע־ווען אין „באָלניצע" (שפּיטאָל). זיי האָבן אונדז דאָרטן אָפּגעהאַלטן גאַנצע צוויי מעת־לעת. די שטוב האָבן זיי אַרומגעשאָטן מיט קאַלך. דאָס גאַנצע מעבל האָבן זיי באַגאָסן מיט קאַרבאָלקע. דו זעסט ווי די שוואַרצע שאַפע איז צעברענט? פריִער איז די שאַפע געווען די שענסטע אין שטוב. עס איז נאָך דאָ דער קאַרניז?
— גיט ריסל פּלוצלינג אַ פרעג.

— ער וואַלגערט זיך ערגעץ אויפן בוידעם. — ענטפערט יהודית — צו וואָס דאַרף מען אַ קאַרניז אין קיך אַריין?

— די שאַפע האָבן זיי אַזוי אַ תל געמאַכט, ווייל זי איז געשטאַנען ביי אים אין צימער. עס איז אמת, אַז בענטשיק איז באַלד אויסגעגאַנגען נאָך דער קליזמע. פונדעסטוועגן, קאָן מען נישט פאַרזיכערן, אַז ער האָט נישט געהאַט קיין כאָליערע, וויבאַלד עס איז אַרומגעגאַנגען די קרענק.

יהודית שאָקלט צו מיטן קאָפּ. זי באַשטעטיקט דערמיט ריסלס ווערטער, אָבער דער טאַטע זאָגט פעסט:

— איך בין זיכער, אַז נישט!

— וואָס איז די ראיה? — פרעגט יהודית.

— ראשית דאָס, וואָס דוד איז מיט אים געשלאָפן און האָט זיך נישט אָנ־געשטעקט. די צווייטע ראיה — זאָגט דער טאַטע טרויעריק — געדענקסט פייגל, אין באָלניצע אויף דער באַנק?

די מאַמע רוקט אַראָפּ דאָס טיכל איבער די אויגן און הייבט אָן, ווי מיט אַ פרעמד קול:

— מיר אַלע, די גאַנצע „סעמעיסטווע" זענען געזעסן ווי אין געהאַקטע ווונדן. מיר האָבן אַפילו נישט געוווסט, צי איז בענטשיק געקומען צו קבר־ישראל. איך בין געזעסן פאַרשטיינערט. עס האָט מיר נאָך געקלונגען אין די אויערן זיין „שמע ישראל!", „ראַטעווע מיר מאַמע!", וואָס ער האָט געבעט געשריגן ווען דער כוליגאַן האָט זיך מיט אים געפּאָרעט. נאָר איין ריסל האָט געהאַלטן אין איין וויי־

נען. אַ קינד פון עלף יאָר, האָט זי שוין גוט פאַרשטאַנען די גרויסע צרות און דעם אומגליק, וואָס אונדז האָט געטראָפן. דאָר און גרין איז זי דעמאָלט געוואָרן אַז אַ שרעק. קומט צו צו אונדזער באַנק דער דאָקטער פון דער „באָלניצע“, ווייזט אויס אַ גאַנץ פיינער קריסט און דערלאַנגט איר עפּעס צו טרינקען.

— האָט מיר אַ שלאָג געטאָן אַ ווילדער געדאַנק אין קאָפּ — כאַפּט אונטער דער טאַטע — און איך האָב איר אַ קלאַפּ געטאָן איבער דעם הענטל, האָט זיך די רפואה אויסגעגאָסן און דער דאָקטער האָט זיך באַליידיקט:

— מען זאָגט אויף דיר „רעזניק“ (שוחט), אַז דו ביסט אַ קלוגער מענטש. גלייבסטו באמת, אַז מיר, דאָקטוירים, לערנען זיך כדי צו הרגענען מענטשן און נישט כדי זיי צו ראַטעווען?

דער טאַטע פאַרהוסט זיך און דערציילט:

— זעסטו, כאַטש די צונג איז ביי מיר אין גלות, האָב איך אים מיט מיין רוסישער שפּראַך אימשטיינס געזאָגט, געננוי דערציילט ווי אַזוי עס איז פאָרגעקומען מיט בענטשיקן. ער האָט אויסגעהערט און מיר גאָרנישט געהאַט צו ענטפערן. ער האָט גוט פאַרשטאַנען, אַז דער פעלדשער, ימח שמו, וואָלט פריִער באַדאַרפט זען וואָס אים איז. מאַלע וואָס אַ קינד שניידט אין בייכל, כאַפּט מען און מען הרגעט עס אַוועק? אַרויסגעבן מיר דעם געריכט, דאָס האָט ער נישט געקענט. האָט ער זיך שווייגנדיק אויסגעדרייט און איז אַוועק מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, ווי אַ געשלאָגענער הונט. איך האָב שוין דערקענט אויף זיין פּנים, זיינע מחשבות. זאָל זי זאָגן, אויב זי געדענקט — ווייזט דער טאַטע אָן אויף ריסלען.

ריסל ענטפערט האַלב באַליידיקט:

— מיר שטייען פאַר די אויגן אַלע סצענעס, גלייך ווי עס וואָלט פּאַסירט ערשט נעכטן.

און כדי צו דערווייזן, ווי זי געדענקט די פריִערדיקע זאַכן, דערמאָנט זי:

— איך געדענק נאָך דער באָבע דבורה, ווען זי איז געקומען נאָך ליאָוועס טויט. איך געדענק איר פון דעמאָלט, ווייל צו מיר אויף דער חתונה איז זי געקומען נאָר צו דער חופּה. זי האָט נישט געקאָנט פאַרבלייבן מערער, ווייל די מומע בתיה האָט דעמאָלט געבוירן איר ריסלען. (ריסל ווייזט אויף מיר מיטן פינגער, פונקט ווי איך וואָלט דאָס געווען די דאָזיקע ריסעלע).

ריסל פאַרזשמורעט די אויגן און רעדט אַ פאַרטראַכטע:

— די סצענע פון דער באָבעס קומען שטייט מיר נאָך פאַר די אויגן. באַלד נאָך שבעה איז עס געווען. איך האָב נאָך מיטאָג זיך גענומען צו וואַשן דאָס געפעס. אַלע האָבן מיר שוין געהאַט אָפּגעגעסן. זע איך, אַז אין אַ קליין טעפּעלע

האָט די מאַמע געלאָזט יויך און פלייש. פרעג איך: „פאַר וועמען איז דאָס עסן?״. ענטפערט די מאַמע פאַרטראַכט: „פאַר מײַנע קינדער״. איך האָב מיר דעמאָלט שטאַרק דערשראָקן. בין איך אַרײַן צו אַ שכנה און איר געבעטן, אַז זי זאָל בלײַבן מיט דער מאַמען און אַליין בין איך אַוועק צום טאַטן אין בית־השחיטה. איך דערצייל אים מיט געוויין, וואָס עס האָט פּאַסירט און אַז די מאַמע זעט מיר אויס עפּעס מאָדנע. ענטפערט מיר דער טאַטע, אַז ער האָט שוין פון פריִער באַמערקט און האָט וועגן דעם גערעדט מיט דעם דאָקטער בעלינקי. דער דאָקטער זאָגט, אַז דאָס וועט איבערגיין. עס איז געקומען פון די צרות וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט. דער טאַטע האָט מיר אויך דערציילט, אַז ער האָט אַוועקגעשיקט אַ בריוו צו זיין מאַמען און טאַקע מאָרגן, מיט דער ערשטער באַן, קומט די באָבע דבורה. „דער מאַמען דאַרף מען דערפון נישט דערציילן״, זאָגט מיר אָן דער טאַטע. דער דאָקטער האָט געזאָגט, אַז עס איז גלייכער, אַז זי זאָל מיינען, אַז די באָבע איז געקומען אומגעריכט, בכדי זי זאָל ווערן איבערראַשט.

ווען די באָבע איז געקומען, איז די מאַמע איר אַרויפגעפאַלן אויפן האַלדז און האָט זיך צעוויינט מיט אַ גרויס געוויין. אויך די באָבע האָט זיך צעקלאָגט אויף אַ קול. זי האָט זיך אָנגעקלאַמערט אין דער מאַמען אַזוי, אַז מען האָט זיי ביידן נישט געקאָנט פונאַנדערנעמען. זיי האָבן ביידע אַזוי געיאָמערט, אַז די גאַנצע שטאָט איז זיך צונויפגעלאָפן. נאָך דעם האָט מאָטל געבראַכט פאַר דער מאַמען אַ רעצעפּט, וואָס דער דאָקטער האָט פאַרשריבן. זי האָט אים איינגענומען און איז אַנטשלאָפן געוואָרן און מיר אַלע זענען געגאַנגען אויף די שפּיץ־פינגער.

— אוי, איז די באָבע דבורה אַ בריה! — רופט אויס ריסל האָפּערדיק — זי האָט געבאַקן, געקאָכט, געוואַשן, געפּרעסט, פאַרריכט דאָס גרעט, געצירעוועט די זאָקן. דער מאַמען האָט זי גאָרנישט געלאָזט טאָן. זי איז געווען צו איר צוגע־לאָזט און צערטלעך ווי צו אַ קליין קינד. איך געדענק אַפילו, ווי די באָבע האָט מיר געלערנט קערן די שטוב מיט אַ פּראָסטן בעזים פון פאָלין.

— וואָס הייסט? — שלאָגט איבער יהודית — צו צוועלף יאָר האָסטו נאָך נישט געקאָנט אויסקערן די שטוב?

— אַ משל — ענטפערט ריסל האַלב פאַרדראָסיק — איך זאָג דאָך, אַז די באָבע האָט מיר געלערנט קערן מיט אַ פּראָסטן בעזים. פריִער האָבן מיר געהאַט צוויי גוטע בעזעמער, אָן אַלטן און אַ נייעם, זענען זיי ביידע פאַרברענט גע־וואָרן. האָט די באָבע געקויפט פאַר דריי גראָשן אַ גאַנצן פּאַק פאָלין און געמאַכט בעזעמער. אַז מען קערט מיט פאָלין צעשיט זיך דער צוויט און עס ווערט אַ מיסט. דאַרף מען וויסן ווי אַזוי מיט אים אָנצוגיין.

ריסל וויל דערוויזן, אַז זי געדענקט גענוי אַלע פאַרגעקומענע זאַכן און דערציילט דעריבער ווייטער:

— אין אַ געוויסן טאָג איז די מאַמע געזעסן אויף דער פראָסטער באַנק, וואָס שטייט איצט אין קיך, האָט געקוקט אויף דער שוואַרצער שאַפע און האָט געוויינט. פרעגט איר די באָבע: „וואָס ווייסטו, נאַריש ווייבל? עס טוט דיר באַנג די שאַפע, וואָס מען האָט דיר אַ תל געמאַכט?". ענטפערט די מאַמע מיט אַ זיפץ: „נישט די שאַפע, נישט אַלע זאַכן, נישט די שטוב אַפילו זענען מיר אַ שאַד. איך טראַכט נאָר, אַז פונקט אַזוי ווי די שאַפע איז פאַרשפּהט געוואָרן, אַזוי זענען פאַרבערענט געוואָרן די קישקעס פון מיין קינד". די מאַמע פאַרגייט זיך אין אַ יאָמערלעכן געוויין: „גאָט, פאַרוואָס זענען מיינע צוויי קינדער ביי מיר אויסגעריסן געוואָרן? פאַרוואָס פאַר אַ זינד?" דאָ האָט די באָבע מער נישט אויסגעהאַלטן און זיך צעבייזערט. האָט גענומען שרייען און דראָען מיטן פינגער: „פייגל, דו זינדיקסט! וואָס מיינסטו, אַז דו ביסט אַ מיוחסת ביי גאָט? האַ? דו ביסט די איינציקע מאַמע אויף דער וועלט, וועמען עס האָט געטראָפן אַן אומגליק? האַ? מסתמא נאַריש ווייבל, האָבן דיינע קינדער מער קיין יאָרן נישט געהאַט. פאַרוואָס טראַכסטו נישט, אַז פאַרקערט: עס קאָן גאָר זיין אַז דיר האָט חלילה געזאָלט טרעפן נאָך אַ גרעסערער אומגליק און גאָט האָט אָפּגעווענדט פון דיר דעם צאָרן? לאָז מיר נאָר וויסן, ביסט אַ יידישע טאָכטער, צי ניין? דאַרפסט דעריבער זאָגן „גם זו לטובה!".

ריסל מאַכט אַפּנים זייער געשיקט נאָך דער באָבעס קול. ווייל אויף די פנימער פון טאַטן מיט דער מאַמען באַווייזט זיך אַ שמייכל.

ריסל זעצט פאָר מיט דער באָבעס רייד:

— דו, פייגל, ביסט נאָך גאָר יונג און ביסט ביי מיר אַ בטוח, אַז דו וועסט מיר נאָך, מיט גאָטס הילף, געבן אַנדערע אייניקלעך. דו מיינסט אוודאי, אַז איך וועל שטענדיק זיצן לעבן דיר און דו וועסט זיין אַ פריצה און גאָרנישט טאָן? אָ, ניין! דו זע זיי אַ מענטש, פייגל. זיי אַ מאַמע צו דיינע קינדער. היט אָפּ דיין מאַן. מיין זון איז נישט קיין געזונטער מענטש און דאַרף דו זאָלסט אויף אים אַכטונג געבן... אויב דו וועסט נאָך היינט, נאָך איצט, אָט באַלד טאַקע, זיך נישט נעמען צו דער באַלעבאַטישקייט, פאָר איך מאָרגן מירטשעשעם אַוועק פון דאַנען.

— „שוויגער — האָט איר שטיל און שוואַך געענטפערט די מאַמע — וואָס הייסט איר פאָרט אַוועק מאָרגן? איר האָט שוין אַמאָל געזען, אַז מען זאָל אַוועקפאָרן ערב שבת? איר וועט אייך פאָרן מירטשעשעם די אַנדערע וואָך". „טאָ גיי

זיפּ איבער דאָס מעל און מאַך די ראַשטשינע", האָט געענטפערט די באָבע באַ־פעלעריש. די מאַמע האָט אויסגעווישט די אויגן און זיך גענומען צו דער אַרבעט.

— און ביז היינט צו טאָג, אַ דאַנק גאָט, שלעפּט זי דעם יאָך — זאָגט דער טאַטע מיט אַ זיפץ.

די מאַמע ענטפערט אָפּ מיט אַ זיפץ און זאָגט:

— דער רבונו של עולם האָט מיר טאַקע אומגעקערט דעם שאָדן... די צוויי קינדער, זאָלן געזונט און שטאַרק זיין — ווייזט אָן די מאַמע אויף מיר מיט מיין ברודערל — האָט ער מיר געשיקט פאַר יענע. עס איז אָבער פאָרט נישט דאָס. דער ריס אין האַרצן איז געבליבן... בענטשיק האָט שוין געלערנט גמרא און ליאָוועלע...

די מאַמע טוט יאָמערלעך אַ זיפץ און איר פּנים ווערט אַלט און מיאוס.

— פון וואָס מען זאָל נישט רעדן, קומט מען אַרויף אויפן טויט — זאָגט יהודית, ווי שוין אַ באַיאָרטע פרוי.

— איך רעד נישט דערפון — זאָגט דער טאַטע — איך זאָל וועלן אויס־רעכענען מיינע צרות, נו, נו... איך רעד איצט נישט פון די קינדער, נישט פון די אַלע אָנשיקעניש און פורעניות. אויך נישט פון די מחלוקתן אין טאַלנע, אַרום דעם רבינס הויף. אין דער זעלביקער צייט, וואָס איך בין געווען פאַרצווייפלט און קראַנק פון עגמת־נפש, ווען עס האָט געפעלט אַ האָר, אַז אייער מאַמע זאָל אַראָפּ פון זינען, — פּונקט דעמאָלט האָבן זיי, די צאַפּעס, די חסידים, זיך געהאַצקעט ביים רבין ביי דעם פושע־ישראל און זיך באַרימט, אַז מיינע צרות זענען אַ מופת... אברהם דעם חזן האָבן זיי די באָרד אויסגעריסן, הלמאַי ער האַלט מיט מיר...

— פון די אַלע זאַכן רעד איך איצט נישט — רעדט דער טאַטע ווייטער זאַכלעך — איך מאַך נאָר אַ חשבון, אַז ווי גלאַט און כשר עס זאָל נישט גיין אויף ווייטער, זע איך אַלץ נישט אַרויס. ווען איך וועל מיר אַרומצאָלן און אַרויס־קריכן פון די חובות און דאָ וואַקסט שוין, קיין עין־הרע, אונטער אַ מיידל — ווייזט ער אָן אויף יהודיתן — און איך האַלט נאָך אין איין צאָלן וואָכערס, עסקה, פּראָצענט אויף פּראָצענט.

די מאַמע לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ, שווייגט אַ ווײַלע. נאָכדעם רופט זי זיך אָפּ:

— דאָס גאַנצע אומגליק איז, וואָס יעדערער קוקט נאָר אויף גרעסערס פון זיך. קיינער קוקט נישט אויף אַראָפּ. פאַרוואָס, מיין מאַן, זאָגסטו נישט: „דאַנ־קען גאָט דערפאַר". דו האָסט געטרויען, גלויבן, קרעדיט. אַנדערע, אויף צו באַ־קומען אַ הלוואה מוזן פאַרזעצן די לייכטער.

— וואָס? — שפּרינג איך אויף — לייכטער פאַרזעצט מען? ווו פאַרזעצט מען זיי? ווי אַזוי?

— וואָס מיינסטו? — פרעגט מיר די מאַמע.

— איך מיין — שטאַמל איך נישט זיכער — איך ווייס, אַז מען פאַרזעצט קאַרטאָפל, ציבעלעס, אָבער לייכטער האָב איך קיינמאָל נישט געהערט, אַז מען זאָל פאַרזעצן.

צעלאַכט זיך די מאַמע און אַלע לאַכן מיט און דער טאַטע זאָגט טרויעריק:

— גויים פאַרזעצן טאַקע קאַרטאָפל און ציבעלעס, ווייץ און קאָרן און ייִדן פאַרזעצן לייכטער, קישנס און אַפילו מלבושים.

פרעג איך נישט דרייסט, כמעט שעמעוודיק:

— און עס וואַקסט?

— אַ שאלה צי עס וואַקסט! עס וואַקסט שוין גאָר גרויס דער פּראָצענט ביים וואָכערניק.

— אַזאַ חכמה! — לאַכט די מאַמע מיט פאַרוואורף — אַ קונץ איז אַ קינד צו געווינען?

ריסל נעמט מיך אַרום און זאָגט צו דער מאַמען:

— אוי, מאַמע, דאָס איז די גרעסטע קונץ אין דער וועלט אַ קינד צו געווינען...

איך קוק אויף ריסלען און זע אירע אויגן זענען פול מיט טרערן. שיעור, שיעור שריי איך אויס: „אכצע די באכצע, אַט ווייַנט זי, אַט לאַכט זי". איך וואַג דאָס נישט, ווייל איך מערק, אַז אַלע מאַכן זיך נישט זעענדיק, אַז ריסל וויינט. און נאָך מערער: די מאַמע זאָגט מיט אַ געמאַכט פריילעך קול:

— יהודית, ווי קומט עס וואָס דו זיצסט איצט אין שטוב? דו זעסט גאָר נישט וואָס פאַר אַ שיינע ליכטיקע נאַכט עס איז? פאַרוואָס גייסטו נישט שפּאַצירן מיט ריסלען?

יהודית שפּרינגט אויף. שנעל ווי אַ בליץ כאַפּט זי אַרויס פון דער קליידער־שאַפע ריסלס פוטערנעם מאַנטל און דעם הוט. אין איין אויגנבליק שטייט זי שוין אַליין אָנגעטאָן אין דעם וואַרעמען מאַנטל און דעם פוטערנעם היטעלע, אַ גרייטע אַרויסצוגיין. אָבער ריסל רירט זיך נישט פון אָרט. נעמט יהודית און לייגט איר אַרויף דעם הוט אויפן קאָפּ. ריסל ווערט זיך.

— איך וויל נישט גיין. די מאַמע וועט דאַרפן אַראָפּגיין פון בעט, אין דער קעלט, עפענען די טיר.

— וואָס? — לאַכט דער טאַטע — דו ווייסט גאָרנישט, אַז אונדזער טיר

האָט אַ סעקרעטנעם שלאָס? יהודית קאָן עפענען די טיר פון דרויסן, אַזוי גוט ווי פון אינעווייניק. זי שטופט דורך אַ שטעקעלע און עפנט.

וווּנדערט זיך ריסל:

— אויב אַזוי, קאָן דאָך אַ פרעמדער אויך עפענען? איז דאָך דאָס אַן איינגעשטעלטע זאַך.

— וואָס וועט מען גנבענען ביי מיר? דעם דלות?

— נו, טאָ ווי אַזוי זשע האָט מען דיר באַגנבעט באַלד נאָך מיין חתונה?

— דאָס איז געווען בלויז דערפאַר, ווייל איך האָב באַדאַרפט פאַרזוכן דעם טעם פון אַזאַ צרה אויך... — לאַכט ביטער דער טאַטע.

יהודית ווייזט מיטן פינגער אויף מיר:

— דאָס איז זי שולדיק.

— טאַטע! — רייס איך אים פאַר די פאָלעס פון כאַלאַט — זאָג איר עפּעס! פאַרוואָס זאָגט זי אַז איך בין שולדיק? — טענה איך אין גערעכטן צאָרן.

דער טאַטע לאַכט.

— דו ביסט נישט שולדיק — באַרויִקט ער מיר — דיין מאַמע איז די אמתע שולדיקע. עס איז איר נישט אָנגעשטאַנען דיר מיטצונעמען אויף ריסלס חתונה. זי האָט זיך געשעמט צו זיין אַ מחותנתטע מיט אַ פּיצל קינד. האָט זי דיר געלאָזט אין דער היים מיט אַ דינסט־מויד און יענע האָט פּונקט געהאַט אַ חתן אַ גנב, האָט זי אים געוויזן דורך וואָסער פענצטער עס איז גרינג צוצוקומען ווו עס ליגן די זאַכן און אַליין איז זי זיך אַוועקגעפאָרן אין דאָרף צו אַ מומען.

און פּונקט די צווייטע נאַכט, ווען אַלע זענען געשלאָפן מידע פון דער חתונה, איז דער פאַרשוין אַריין און צוגעגנבעט אַלץ וואָס עס איז געווען. ביי דודן, זיין גאַנץ אָנטועכץ, אַפילו די שיך. ביי ראָסיען האָט ער צוגענומען אַ קאָלדרע און די לעפל־גאָפל, ביי...

— איך פרעג זיך נאָר — רייסט איבער ריסל — פאַרוואָס מיין שוויגער האַלט שטענדיק אַ דינסט, און אַמאָל צוויי אויך און פונדעסטוועגן האָט מען זיי קיין איין מאָל נישט באַגנבעט.

— אַ נייעס! — לאַכט דער טאַטע — „שלימזל וווהין גייסטו?”, „צום אָרעמאַן”. וואָס פאַרשטייסטו דאָ נישט?

— זעסטו מיין קינד — ראָסיע, זאָל לעבן, האָט דערויף געהאַט אַ קלוג ווערטל. דו געדענקסט, ווען זי איז דאָ געווען אַ קרעמערין, משטיינס געזאָגט, פלעגט זי זאָגן: „אַ נגיד, נישט געננג וואָס ער האָט מזומן געלט, האָט ער נאָך אַזאַ מזל, אַז זיין וועקסל וואָס ער שרייבט אונטער, גייט אָן גלייך ווי געלט און אַן אָרעמאַן, נישט ער האָט געלט, נישט זיין וועקסל האָט אַ ווערט”...

— וואָס פאַר אַ שייכות האָט דאָס צו מיין שוויגער?

— עס האָט אַ שייכות דערפאַר, ווייל דער וואָס האָלט שטענדיק דינסטן, ווייסט שוין ווי אַזוי זיך נוהג צו זיין. איך אָבער, האָב גענומען אַ דינסט בלויז אויף דריי טעג. נו, האָב איך געדאַרפט בעטן ביי איר אַ יחוס־בריוו?

— ווייסט, וואָס נאָך איך וועל דיר זאָגן? — מישט זיך אַריין דער טאַטע — ביי דיין שווער זענען זיכער בעסער באַוואָרנט די פענצטער מיט די טירן ווי ביי מיר. דער גנב האָט אויך מיט מיר געמאַכט אַ שלעכט געשעפט.

— עס איז אַ גליק — זאָגט די מאַמע — וואָס די צירונג, די קליידער און דאָס דרשה־געשאַנק זענען געווען אין ריסלס אַלקער און דאָס פאַרפאַלק האָט געהאַלטן פאַרשלאָסן די טירלעך פון אינעווייניק. עס איז געווען אַ גרויסער חסד, וואָס דער גנב איז אַהין נישט אַריין.

ביי די דאָזיקע ווערטער, ווערט ריסל אַביסל צעטומלט. זי הייבט זיך אויף און שלעפּט יהודיתן פאַרן אָרעם.

— דו קלייבסט זיך, ווי אַ נגיד אויף אַ קרענק — זאָגט ריסל שנעל — עס ווערט דאָך שפּעט. קום שוין אַמאָל, אויב גיין, איז געגאַנגען.

יהודית וואַרפט אויף איר אַ זייטיקן בליק און שמייכלט.

* * *

ווען זיי גייען אַוועק, נעמט זיך די מאַמע צו אַ זאַך, וואָס זי האָלט שוין ביים פאַרענדיקן. דאָס הייסט ביים אַפּלאַז. פאַר מיר איז איר אַרבעט זייער אינטערעסאַנט. איך קוק מיר צו ווי וואָס אַמאָל ווייטער, ווערן ווייניקער אייגלעך. ווען עס ליידיקט זיך אָפּ איין שפּיזל פון די פינף, שטעקט אים די מאַמע אַריין אין קאָפּ אונטער דער פאַטשיילע ביים אויער.

איך בין דער מאַמען שטאַרק מקנא דערויף. איך וואָלט שוין געוואָלט וואָס גיכער אויסוואַקסן און ווערן אַ מאַמע, צו קענען שטריקן זאָקן, שאָקלען דערביי מיטן קאָפּ און קלינגען מיט די שפּיזלען, ווי זיי קלינגען ביי דער מאַמען, ווען זי רודערט מיט זיי ביי דער אַרבעט.

די מאַמע זיצט ביי דער הרובע, איר פּנים איז טרויעריק און פאַראומערט. זי קוקט פאַרויס. איך האָב דעם איינדרוק, אַז זי זעט מיר נישט, כאָטש זי קוקט אין מיין זייט אַריין. דער טאַטע שפּאַנט הין און צוריק איבער דעם צימער. ער זיפצט, קרעכצט, ווי זיין טבע איז. פּלוצלינג שטעלט ער זיך אָפּ אַנטקעגן דער מאַמען און זאָגט ווי פאַר זיך שטילערהייט:

— גיי פרעג ביי גאָט שאלות!...

די מאַמע ענטפערט נישט. גייט ער ווייטער אַרום איבערן צימער פאַרטאָן

אין זיינע געדאַנקען. פלוצלינג גיט די מאַמע אַ זיפץ און זאָגט:

— דוכט זיך איין פינטעלע, אָבער ווי זאָגט מען דאָס איבער דעם גאַנצן קאָפּ...

ווייזט אויס, אַז אין די דאָזיקע ווערטער שטעקט אַ טיפער מיין, אַ באַהאַל־טענע כוונה.

— גיי פרעג ביי גאָט שאלות! — חזרט איבער דער טאַטע זיינע פריערדיקע ווערטער און טוט ווידער אַ שווערן זיפץ.

— שמאי — זאָגט די מאַמע דערשראָקן — וואָס איז דען, אימשטיינס גע־זאָגט איינגאַנצן דעם מענטשנס לעבן, אָן אַ קינד און אָן אַ רינד... ווי איז מיר, וויי, וואָס וואָלט איר דען געפעלט, ווען זי האָט אַ קינד? זיי, די גאַנצע משפחה, שווער און שוויגער, שוועגערינס און שוואָגערס, טאַנצן אַרום איר. און ביי דעם מאַן איז זי דאָס אייבערשטע פון שטייסל.

— דו ווייסט פאַרוואָס? — גיט דער טאַטע אַ קלוגן און פולבאַדייטנדיקן קוק אויף דער מאַמען.

ער זיפצט.

— וואָס קאָן איך העלפן? איך וויל גאַרנישט אַריינלייגן די האַנט אין קע־שענע... אַז איר איז ליב.

ער לייגט דערביי דווקא יאָ אַריין די האַנט אין קעשענע. ער נעמט אַרויס די פאַטשיילע, ווישט זיך אָפּ דעם שטערן און זאָגט צום דריטן מאָל:

— גיי פרעג ביי גאָט אַ שאלה!

די מאַמע שטעלט אָן אַ פרעגנדיקן פנים. זי פאַרשטייט משמעות נישט דעם טאַטנס כוונות. זעצט זיך דער טאַטע אויף דער סאָפקע לעבן מיר און דער מאַ־מען. דער טאַטע הייבט אָן אַזוי:

— דו הערסט דאָך. אַ יונג פאַרפאָלק. עס פעלט זיי גאָרנישט, אַ חוץ אַ קינד. טאָ וואָס־זשע טוט גאָט? ער שיקט טאַקע צו צוויי קינדער, נאָר צו אונדז, אויף דער עלטער, ווען זיי האָבן אונדז געפעלט פונקט ווי אַ לאָך אין קאָפּ.

די מאַמע ענטפערט מיט פאַרדראָס:

— וואָס, דו האָסט מורא, אַז גאָט האָט שוין חלילה נישט מער קיין נשמה־לעך? ער קאָן זיי נאָך אויך געבן קינדער און אונדזערע זאָלן זיין געזונט און שטאַרק ביי אונדז און מיר זאָלן זיי דערלעבן מגדל זיין און מדריך זיין לחופה און מעשים טובים.

— זאָג דו אַליין, פייגל, צי וואָלט נישט בעסער געווען סיי פאַר אונדז, סיי פאַר ריסלען מיט שלמהן און סיי פאַר די פיצלעך קינדער...

— עס איז גאָר קיין ראיה נישט. אַזוי ווי דו קוקסט איר אָן — די מאַמע

ווייזט אָן אויף מיר — וועל איך דיר נאָך איר מזל נישט פאַרקויפן פאַר קיין צוויי גראָשן. איך פאַרהאָף צו גאָט, אַז זי וועט נאָך זיין אַ גרויסע נגידיתטע.

— הלוואַי! — כאַפּט אונטער דער טאַטע — אָבער דערווייל, וואָלט איר זיכער געווען בעסער ביי ריסלען — עקשנט זיך דער טאַטע.

פאַרדריסט דאָס דער מאַמען.

— ביי דיר, אײַ ווי עס קומט דיר אויס. אַמאָל זאָגסטו אַזוי און אַ צווייט מאָל אַנדערש. האָסט שוין פאַרגעסן וואָס דו האָסט געזאָגט ווען בצלאל משה איז געבוירן געוואָרן?

— וואָס, וואָס האָב איך געזאָגט?

— איך וויים נישט ווי אַזוי אָרום דו האָסט געקאָנט פאַרגעסן — זאָגט זי באַליידיקט — די גאַנצע שטאָט האָט איבערגערעדט דיין גלייכוואָרט, וואָס דו האָסט געזאָגט אויפן ברית, בעת חברה האָט זיך גענומען שפּאַסן פון דעם בן־זקונים. האָסטו געענטפערט: „גאַראַנים וואָס איר זענט. היינטיקע צייטן ווען דער־וואַקסענע קינדער זענען געצוווּנגען צו אַנטלויפן איבער ימען, הינטער די הרי־חושך, זאָל כאָטש זיין ווער עס זאָל זאָגן דעם ערשטן קדיש, ביז די זין אין די מרחקים דערוויסן זיך"...

— דאָס, פייגל, איז עפּעס אַנדערש. איין זאַך איז אָפּהאַקן די לצים די פליגל און עפּעס אַנדערש איז דאָס וואָס מען פילט ביי זיך אין האַרצן.

— וואָס, ער איז דען חלילה אַ שלעכט יינגעלע?

— ניין, פייגל! חס ושלום! דו פאַרשטייסט נישט...

דער טאַטע ציט זיך נערוועז די באָרד.

— ווערדליק עס קומען צייטן — זאָגט דער טאַטע פאַמעלעך און ציט אויס יעדעס וואָרט — ווערדליק עס קומען צייטן, בין איך נישט זיכער, צי ער וועט זאָגן קדיש...

— שמאַי! וואָס רעדסטו? — לייגט די מאַמע אַוועק דעם זאַק.

דער טאַטע שווייגט מיט פאַרביסענע ליפּן. די מאַמע רעדט צו אים מיט אַ פאַרוואורף:

— פאַרוואָס ביסטו שמאַי אַזאַ מענטש, וואָס לייגט תמיד אויס צום שלעכטן. דו אַליין ליידסט דאָך דערפון. איך, שמאַי, איך בין זיכער, ווי גאָט איז אַ פאָ־טער — זאָגט זי פעסט — אַז וואָס פאַר אַ צייטן עס זאָלן נישט זיין, וועט מיין זון זאָגן קדיש נאָך מיר.

— נאָך דיר — צעלאַכט זיך דער טאַטע — נאָך דיר וועט ער אַוודאי קיין קדיש נישט זאָגן.

— וואָס? — שרייט אויס די מאַמע מיט טרערן אין קול — וואָס? אַ מאַמע האָט נישט די ווערט?

— נאָר וואָס דו ביסט — זאָגט דער טאַטע צערטלעך — וואָס פאַרשטייסטו דאָ נישט? נאָך מיר וועט ער נאָך אפשר זאָגן קדיש, ווייל ער וועט וועלן צוליב־טאָן זײַער מאַמען. אָבער נאָך דיר וועט ער דאָך שוין נישט האָבן אַפילו וועמען צוליב צו טאָן.

— האָ, דאָס גאָר מיינסטו? — צעלאַכט זיך די מאַמע געהיימניספול — נו, מיין מאַן, דאָ מיין איך האָסטו במחילה אַ גרויסן טעות. איך פאַרהאָף צו גאָט, אַז איך וועל האָבן אויסגעפועלט נישט צו בלייבן חלילה קיין אלמנה. פון שטענדיק אָן בעט איך ביי גאָט ער זאָל מיר טאָן דעם דאָזיקן חסד. מיין גאַנץ לעבן גיי איך אום אַרום אַ קראַנקן מאַן. און די וועלט זאָגט, אַז אַרומגיין אַרום אַ קראַנקן איז ערגער ווי זיין אַליין קראַנק.

דער טאַטע קוקט אויף איר דערשראָקן. ער הייבט זיך אויף מיט כעס און זעצט זיך באַלד צוריק אַוועק.

— אַזוי זאָגסטו? אַן איינפאַל פון אַ ייִדענע! אַבי איך האָב געמיינט, אַז דו ביסט מיר געטריי... איך אָן דיר? אַפילו איין מינוט קאָן איך דען זיין אָן דיר? וואָס רעדסטו פייגל? עס איז עפּעס גוט אָנצוקומען צו אַ קינד? ווו וואָלט איך זיך אַהינגעטאָן. אַזאַ קראַנקער מענטש ווי איך בין? זאָג, צי ווייסטו כאָטש וואָס דו רעדסט? — האַלט זיך דער טאַטע אין איין היצן.

— כאָטש איינמאָל וויל איך אויספירן — פאַרענטפערט זיך די מאַמע אַ שולדיקע — איך בעט ביי גאָט, אַז מיר זאָלן ביידע זיך אויסלעבן אונדזערע יאָרן, חתונה מאַכן די קינדער און ווען עס וועט קומען די צייט, וויל איך די ערשטע פאַרמאַכן די אויגן. נו, איז וואָס? קומט מיר עפּעס דערפאַר? איך האָב זיך ווייניק אָנגעליטן?

— בשום אופן נישט! דאָס וועט נישט זיין! איך בין נישט מסכים! און עס איז אויך נישט רעכט! איך בין עלטער פאַר דיר!

— איך בין דיר מוחל דיין זיין עלטער. מיט וויפל ביסטו דאָס עלטער פון מיר? מיט אַ קנאַפּ יאָר, אומשטיינס געזאָגט — מאַכט די מאַמע אַ באַוועגונג מיט דער האַנט, גלייך ווי זי וויל אים אַוועקגעבן דאָס קנאַפּע יאָר.

— איך זאָג: ניין! — שרייט דער טאַטע — עס וועט דיר נישט העלפן, פייגל. עס וועט דיר גאָרנישט העלפן! דו הערסט?

— אַזוי? — לאַכט די מאַמע. — אַזוי? ווייסטו גאָר וואָס, שמאַי? עס וועט גיין דער ערשטער וועמען מען וועט, איבער הונדערט יאָר, רופן פריער... גוט? אָפּגעמאַכט?

בעת עס קומט פאַר צווישן זיי דער דאָזיקער שמועס און די דינגעניש, האָב איך מיר דערוויִיל צוגעבויגן צום טאַטנס שטיוול. איך צייל די קנייטשן פון די אַלטע כאָליעוועס, צו וועלכע מען האָט שוין עטלעכע מאָל צוגעמאַכט אַ געשטעל. איך צייל און עס שטימט נישט דער חשבון. אין איין זייט זענען דאָ מערער קנייטשן ווי אין דער צווייטער. דריי איך דעם קאָפּ און קאָן דאָס נישט פאַרשטיין. נאָר דאָ הער איך ווי דער טאַטע זאָגט:

— פייגל, איידער רעדן נאַרישקייטן, גיי בעט בעסער אויס דער קליינער, זי וועט אָנטשלאָפן און דערנאָך וועט זיין אַן אַרבעט איר אויסצוטאָן.

ענטפערט די מאַמע:

— וויפל האַלט דען דער זייגער?

אַזוי? דער זייגער? — הייבט אָן ביי מיר אַרבעטן אין קאָפּ — אונדזער לאַנגער שמאָלער זייגער מיטן געלן ציפערבלאַט?

דער זייגער האָט מיר דערמאָנט די געשיכטע מיט די לייכטער פון אלף ביז תּוו. איצט בלייבט מיר נאָר איבער פעסטצושטעלן וואָסער טאָג עס האָט פּאַסירט: זונטיק צי מאָנטיק.

קאַפּיטל פיר

# מיט דעם לערער גערב

פון ווייטן זעען אייגנטלעך אויס אַלע טעג די זעלביקע. אָבער דאָס ווייזט זיך נאָר אויס פון דער ווייטנס.

אָבער ווען די טעג וויקלען זיך אויס אין דער נאָענט. דעמאָלט איז נישט נאָר אַ זונטיק, נישט גלייך צו אַ מאָנטיק, נאָר אַפילו אַלע זונטיקס אָדער מאָנטיקס און די איבעריקע טעג זענען פאַרשידן און נאָך מער פאַרשידן זענען די שבת־צו־נאַכטסן.

און אויב איך האָב גענומען גראָד אָט דעם שבת־צו־נאַכטס, וועלכער האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון, איז דאָס נישט דערפאַר ווייל ער איז אינטערעסאַנטער פון די איבעריקע. פונקט פאַרקערט, איך לאָז פאַרביי אַ סך אינטערעסאַנטערע און פריילעכערע פאַר אַן אַנדער געלעגנהייט. נאָר אויב איך האָב מיר גענומען צו דעם שבת־צו־נאַכטס, איז דאָס דערפאַר, ווייל ער איז זיכער פון דער וואָך, ווען עס איז פאָרגעקומען די פּאַסירונג מיט די לייכטער.

יענעם אָוונט האָבן מיר געהאַט אַלס גאַסט דעם נייעם לערער גערב, פון וועלכן מען האָט אַזוי פיל גערעדט אין טאַלנע. ער איז געקומען מבקר־חולה־זיין דעם טאַטן. ווען ער איז אַריינגעקומען, האָט ער באַגריסט:

— אַ גוט־וואָך!

אַ גוטע וואָך, אַ גוט יאָר! — האָט געענטפערט דער טאַטע.

— אַ גוטע וואָך, אַ געזונטע וואָך, אַ מזלדיקע וואָך! — האָט צוגעגעבן די מאַמע.

דער גאַסט האָט אויסגעטאָן דעם נייעם שיינעם טילעפּל און אים אָוועקגעלייגט אויף דער סאָפקע, מיטן ווייסן טשעכאָל. ער האָט אַ וואָרף געטאָן די לעדערנע הענטשקעס. זיך געכאַפּט פאַרן קאַראַקולענעם היטל, נאָר אַ ווײַלע געטראַכט און זיך דאָס געלאָזט אויפן קאָפּ.

גערב איז אַן עלעגאַנטער יונגערמאַן, מיט גרויע אויגן, וואָס קוקן שמייכלענדיקע דורך דיברילן. ער הייבט אָן מיט גאַנצע טענות צום טאַטן:

— סטייטש? אַזוי האַלט איר וואָרט? אַזוי האָבן מיר דען אָפּגערעדט? איך

בין דאָך געווען זיכער, אַז איר זענט שוין פון לאַנג געזונט! ווען איך בין דאָ געווען דאָס לעצטע מאָל, האָט איר שוין נישט געהאַט קיין היץ. ערשט היינט ווער איך געוווירע, אַז איר זענט נישט געווען ביים דאַווגען.

דער טאַטע נעמט זיך טרויעריק פאַרענטפערן, אַז קראַנק ווערן אויף אַ לונ־גען־אַנצינדונג איז ביי אים אַ גרינגע זאַך. אָבער געזונט ווערן — זיפצט ער טרויעריק — איז זייער אַ שווער שטיקל אַרבעט.

מישט זיך אַריין די מאַמע און זאָגט, אַז וועדליק ער איז, נישט היינט גע־דאַכט געווען, איז ער גאָט זיי דאַנק אַ סך בעסער. מען קאָן זאָגן, אַז ער איז שוין געלויבט דער איבערשטער געזונט. דאָס איינציקע, וואָס עס איז אים גע־בליבן, איז דאָס וואָס ער איז אָפּגעשוואַכט און אַזוי ווי דער פראָסט איז זייער שטאַרק, האָט זי מורא געהאַט „איינצושטעלן" און האָט אים דעריבער נישט געלאָזט גיין צום דאַווגען. די מאַמע זיפצט און זאָגט:

— פאַר קיין געשלאָגענעם הונט טאָר מען קיין שטעקן נישט ווייזן.

גערב שמייכלט און זאָגט, אַז די מאַמע האָט זייער גוט געטאָן, ווייל דער פראָסט איז אַ סכנותדיקער. פונדעסטוועגן איז די גאַס פול מיט יונגוואַרג וואָס שפּאַצירן.

— מיינע אוודאי אויך? — פרעגט די מאַמע לאַכנדיק און גיט צו — איך וואָלט געווען אַ בעלן צו וויסן, וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן זיי געפינען אין אַרומ־דרייען זיך אויפן שאָסיי אין אַזאַ ביטערער קעלט.

— מילאָ, וואָס דו ווייסט נישט — זאָגט דער טאַטע אָביסל איראָניש — ביי זיי איז דער שפּאַציר און די ביבליאָטעק די איינציקע פאַרוויילונגען אין טאַלנע.

און גערב כאַפּט אונטער:

— די טאַלנער ביבליאָטעק איז גרויסאַרטיק. איך מוז אייך זאָגן, אַז איך בין פּשוט איבערראַשט געוואָרן, ווען איך בין צום ערשטן מאָל אַריינגעקומען אין היגן „פאָלקס־הויז".

— מיט דער „נאַראָדנער טשיטאַלנע" און „טשיינע" וועט טאַלנע נישט פאַרשעמט ווערן פון אַ גרויסער שטאָט — זאָגט דער טאַטע.

— ווען איך האָב מיר פאַרגעשטעלט פאַר דער פריילין, דער ביבליאָטע־קאַרין, אַז איך בין אַ פרעמדער — זאָגט גערב — האָט זי מיר אומעטום אַרומ־געפירט. צום ערשטן האָט זי מיר געוויזן דאָס טיי־הויז. אַ גרויסער זאַל מיט לאַנגע טישן, אַרום זיי בענקלעך, אַ היפּשע צאָל גלעזער מיט שעלעכלעך און ריי־זיקע סאַמאָווארן און אַ חוץ דעם אַ גרויסער קעסל. אַ סך מענטשן קאָנען דאָרטן טרינקען טיי. דערנאָך זענען מיר אַריין אין דעם לייען־זאַל, אין דער „טשיטאַל־

נע״ — ווי איר זאָגט — דאָרט האָב איך געזען אַ טיש מיט זשורנאַלן, צייטונ־גען. בענק אַרום טיש און מען זעט, אַז אַלץ איז דאָרטן איינגעריכטעט פאַר אַ סך מענטשן. איך האָב אויך געזען דעם טעאַטער, וואָס איז אַביסל קליין, אָבער שיין, מיט אַ שיינער בינע, אַ סך דעקאָראַציעס און שיינע בענקלעך. פון דער ביבליאָטעק איז שוין אָפּגערעדט; פאַראַן דאָרטן אַ סך ביכער פון אַ גוטן אויסוואַל און דער עיקר, זייער אַ סך לייענער.

— מיינט נישט — שלאָגט אים איבער דער טאַטע — אַז דאָס איז געמאַכט געוואָרן אין זכות פון טאַלנע. אמת איז, אַז היינט צו טאָג גיט זיך מיט דעם אָפּ אַ שטאָטישער קאָמיטעט, אין וועלכן עס גייען אַפילו אַריין אייניקע ייִדן, אָבער אויסגעבויט די אַלע געביידעס און איינגעקויפט די אַלע זאַכן און די ביכער, זע־נען געמאַכט געוואָרן פאַרן געלט פון דעם אייגנטימער פון דעם גוט, פון דעם גראַף שאָוואַלאָוו, וואָס האָט געמאַכט די „טשיינע״ דער עיקר צוליב דעם, אַז עס זאָל פאַרמינערט ווערן אַביסל די שיכרות... אויף וויפל דאָס איז נייטיק זע איך אַמאָל זונטיק ווען עס קומט מיר אויס צו פאָרן פון דער בוינע. עס איז ממש צו שטוינען, צוקוקנדיק זיך צו דער גרויסער צאָל שיכורים, וואָס דרייען זיך אַרום אין גאַס און וויפל עס וואַלגערן זיך פשוט אין די רינשטאָקן...

דער מאַמען געפעלט אַ פּנים נישט, וואָס דער טאַטע רעדט מיט אַזאַ גע־הויבענעם גאַסט פון אַזעלכע מיאוסע זאַכן. מישט זי זיך אַריין:

— וואַרט צו אַביסל, ביזן זומער מירטשעשעם, וועט איר זען דעם וואַלד פון טאַלנע, וועלן מיר דעמאָלט הערן וואָס איר וועט זאָגן.

— דעם וואַלד האָב איך שוין געזען. איך האָב נאָך באַוויזן „אַריינצוכאַפּן״ דאָס פאַריקן סוף זומער און איך קאָן זאָגן, אַז דאָס איז נישט קיין פּשוטער וואַלד, נאָר אַ שיינער פּאַרק. ביי מיר איז נישט קיין חריפות צו זען אַזאַ פּאַרק מיט שיי־נע באַפּוצטע סטעזשקעס און קונסטווערק און אַנטיקן. דער וווּנדער איז נאָר וואָס ער איז אַזוי גרויס. מען זאָגט, אַז ער ציט זיך אַזוי גאַנצע צען וויאָרסט.

— נישט אַלע צען וויאָרסט זענען אַזוי באַפּוצט — דערקלערט אים דער טאַטע — עס זענען נאָר אַזוי באַאַרבעט דריי וויאָרסט פון דעם אַריינגאַנג ביז דעם פּאַלאַץ און נאָך צוויי, ביז דעם „זווערינעץ״. נאָר עס איז גאַנץ גענוג. די אַלע בריקלעך, בערגלעך, טאָלן און דער וואַסערפאַל, דאָס איז נאָך אַן אַרבעט פון די „קרעפּאָסטנע״, פון די וואָס האָבן געאַרבעט די „פּאַנשטשיזנע״ ווי קנעכט. מען האָט זיי געטריבן, געשמיסן מיט דער גרעסטער אכזריות. ערגער ווי פערד, צוליב אָט דער אומנוצלעכער אַרבעט. יאָרן לאַנג, פונקט ווי איצטער, האָט דאָ קיינער נישט געוווינט. שוין נאָך דער „פּאַנשטשיזנע״, ווען דער גראַף שאָוואַ־לאָוו האָט געירשנט דעם גוט, האָט ער געבראַכט פון אויסלאַנד גרויסע מייסטער

און זיי האָבן אויסגעבויט דעם פּאַלאַץ, באַפּוצט דעם פּאַרק מיט קונסטווערק און דעם ווינטער־גאָרטן האָט מען פאַרפּלאַנצט די טייערסטע בלומען, די איידלסטע פרוכטן און פאַרשידענע געוויקסן, וואָס זענען דאָ גאָרנישט שכיח. מען האָט אויך געמאַכט אַ „זווערינייעץ" פון פאַרשידענע מינים חיות.

דאָס אַלץ בלויז צוליב דעם, ווייל דער גראַף מיט דער גרעפין פלעגן דאָ קומען אויף אַ פּאָר חדשים אין יאָר. די איבעריקע צייט פלעגן זיי וווינען אין פעטערבורג, מאָסקווע אָדער גאָר אין אויסלאַנד.

דער איצטיקער יורש, דער פירשט דאָלגאָרוקאָוו — זאָגט מען — האָט נאָך אפילו נישט באַוויליקט צו באַזוכן דעם גוט. ער שיקט בלויז בריוועלעך אָדער טעלעגראַמעס צו דעם פאַרוואַלטער, מאָנענדיק נאָר געלט און געלט. דער מאַיאָנטעק איז אָבער אַזוי גרויס, אַז וויפל דער קניאַז פאַרהולטייעוועט נישט און וויפל דער פאַרוואַלטער גנבעט, בלייבט נאָך אַלץ, ווייזט אויס — הוסט דער טאַטע און זעצט פאָר — עס איז באמת אַ שאָד, אַז אַזאַ מנובל און צורר היהודים זאָל האָבן אַזאַ גרויס רייכטום.

— ווען דער גראַף האָט געלעבט — זאָגט פאַרטראַכט די מאַמע — איז געווען פאַרזאָגט, אַז מען זאָל יעדן טאָג אַריינלאָזן אין וואַלד אַריין. איצט האָט מען קוים מיט צרות אויסגעפּועלט, אַז מען זאָל אַריינלאָזן זונטיק אָדער אין אַ חגא־טאָג.

די מאַמע רעדט ווייטער:

— די גרעפין לעבט נאָך. זי געפינט זיך אין „פּייטערבאָרג". זי איז אַ מענטש אָן אַ גאַל. אַ גוטע, דימענטענע זאַך. נאָך אַ קינד איז זי ממש אויסגעגאַנגען. ווען זי פלעגט „פּאַפּאַדיען" אַ קליין קינד, האָט זי דאָס געגעבן קאָנפעקטן, בלומען, פרוכט און וואָס נאָר דאָס קינד האָט געוואָלט.

— פּסס! — חוזקט דער טאַטע — דאָס וואָס זי פלעגט האָדעווען גאַנצע טשאַטעס הינט מיט קעץ, איז ביי דיר נישט קיין חריפות. האָט זי אָבער אַ גלעט געטאָן אַ קינד, דערציילט מען שוין וועגן דעם גאַנצע מופתים!

— זעט איר — גלעט דער טאַטע די באָרד — ער, דער גראַף, איז געווען אַ ליבעראַלער מענטש. ער פלעגט טאָן אַ סך טובות. באַפרייען פון צינז און נאָך אַזעלכע זאַכן. ער האָט נישט געמאַכט קיין חילוק פון קיין ייִדן ביז אַ קריסט. פאַר דער שטאָט האָט ער גאָר אַ סך אויפגעטאָן. ער האָט געמאַכט דעם שפּיטאָל, געגרינדעט צוויי שולן, דאָס פאָלקסהויז האָט ער בכיוון אָוועקגעשטעלט נאָענט לעבן די זאָוואָדן: לעבן דעם צוקער־זאַוואָד און מיין טאָכטער — לאַכט דער טאַטע — טראַכט אַ פּנים, אַז דעם עיקר האָט מען דאָס געמיינט איר. זי פוילט זיך

נישט צו גיין צוויי מאָל אין וואָך בייטן ביכער, כאָטש די ביבליאָטעק איז גאַנץ ווייט פון שטאָט.

גערב לאַכט און קוקט דעם טאַטן אין מויל אַריין און דער טאַטע זעצט פאָר:

— אויב איר מיינט, אַז מען באַגנוגנט זיך בלויז מיט דער גרויסער און רייכער ביבליאָטעק, האָט איר אַ טעות. עס איז אַ סברה, אַז אין שטאָט עקזיס־טירט אַ געהיימע ביבליאָטעק. זי געפינט זיך אין די אונטערגעסלעך און מען פירט זי פון איין שטוב אין דער צווייטער, בכדי עס זאָל נישט פאַלן קיין חשד.

— זי לייענט נישט קיין פאַרבאָטענע ביכער! — רייסט איבער האַסטיק די מאַמע.

— זי וועט דיר באַלד גיין דערציילן — הוסט מיט אַ שמייכעלע דער טאַטע.

— מיר באַדאַרף מען נישט דערציילן. איך זע וואָס זי ברענגט — שפּאַרט זיך די מאַמע.

— מען נאַרט אָפּ קליגערע פון דיר — זאָגט עקשנותדיק דער טאַטע.

פאַרדריסט דאָס דער מאַמען. רעדט זי שוין צו גערבן:

— איך לייקן נישט, אַז איך בין שוין נישט דאָס וואָס אַמאָל. אַוודאי — קלאָגט זיך די מאַמע — ווען מיין עלטערע טאָכטער איז געווען אַ מיידל, איז געווען גאָר עפּעס אַנדערש. איך בין געווען יינגער און חוץ דעם האָט מיין על־טערע טאָכטער געלייענט יידיש, מאַמע־לשון. מיר האָבן צוזאַמען איבערגעלייענט דרייסיק ביכעלעך וועגן דעם דרייפוס־פּראָצעס. יעדע וואָך איז אַרויס אַ ביכעלע און מיר פלעגן זיך קוים דערוואַרטן אויף דעם. אַ חוץ דעם האָבן מיר געלייענט ראָמאַנען פון שמרען — ווו נעמט מען היינט אַזעלכע שיינע ראָמאַנען? — באַדויערט די מאַמע.

גערב שמייכלט חנוודיק און די מאַמע זעצט פאָר:

— ווען עס האָט זיך געמאַכט און איך האָב נישט געהאַט קיין צייט אַליין צו לייענען, האָט מיר מיין טאָכטער דערציילט. יהודית אָבער דערציילט מיר קיינמאָל נישט דאָס וואָס זי לייענט און לייענען לייענט זי נאָר רוסיש און פון שמרן לאַכט זי זיך אויס.

די מאַמע זיפצט און רעדט ווייטער:

— אַליין בין איך געווען יינגער און די קינדער זענען אַמאָל געווען עפּעס אַנדערש ווי היינט. — ווי זאָל איך אייך זאָגן? — זיי זענען געווען נשמהדיק, האַרציקער און נעענטער. נאָר פונדעסטוועגן קאָן מען מיר נישט אָפּנאַרן. איך האָב ברוך השם אויגן. איך דערקען שוין דעם שטעמפּל פון דער צענזור, מיט דעם וואָרט „דאָזוואָליענאָ". אויף דערויף גענפין איך שוין צייט צו כאַפּן אַ קוק.

* * *

— רעדנדיק וועגן ביכער — זאָגט גערב — האָב איך מיר דערמאָנט, אַז איך האָב טאַקע פאַר אייך עפּעס געבראַכט.

ער נעמט אַרויס פון טאַש פון טיליפּ אַ ביכל מיט בלויע טעוועלעך און דער־לאַנגט דאָס דעם טאַטן.

— ברוך ספּינאָזע — לייענט איבער דער טאַטע און זיינע אויגן גיבן אַ גלאַנץ. ער באַהערשט זיך אָבער און זאָגט קאַלט: — מהיכא־תיתא, מען וועט אַריינקוקן.

גערב זיצט אַנטקעגן טאַטן און עס גייט ביי זיי אָוועק אַ לאַנגער שמועס און אַ טיפער. אויף זייערע פּנימער איז קענטיק, אַז זיי האָבן אַ ווילדע הנאה פון דעם געשפּרעך. זיי באַנוצן מאָדנע ווערטער און פראַזן, ווי: „אונדזערע נביאים, סאָקראַטעס, פּלאַטאָן, אַריסטאָטעלעס, גריכישע פילאָזאָפן, פראַנצויזישע ענצי־קלאָפּעדיסטן, טאָלסטאָי און זיין שותה ואָז״וו. זיי האָבן גליקלעכע פּנימער און פאַסמאַקעווען זיך, ווי פון דער גרעסטער נאַשעריי.

איך מיט מיין ברודערל זענען געזעסן אויף דער סאָפּקע און זיך געלאַנגוויי־ליקט און דעריבער געשטויסן איינער דעם אַנדערן. די מאַמע האָט געקוקט אויף אונדז שטרענג.

מיר האָבן זיך פאַרשטאַנען אָן ווערטער. עס האָט זיך אונדז מוראדיק גע־גלוסט צו נעמען גערבס טיליפּ, אים איבערקערן מיטן פוטער אַרויף און ביידע דאָרטן אַרונטערקריכן און זיך פאַרשטעלן פאַר „חיות״, ווי מיר פלעגן דאָס טאָן מיט בן־ציון דעם חזנס, אָדער מאָטל ברילס טיליפּ. דאָס מאָל האָבן מיר דערפון קוים געוואָגט צו טראַכטן.

גאַנץ אומגעריכט, גאָר פּלוצלינג, איז דער געשפּרעך געוואָרן אינטערע־סאַנט, סיי פאַר אונדז און סיי פאַר דער מאַמען, וועלכע איז געזעסן אַ שווייגנ־דיקע און געשטריקט אַ זאָק.

גערב איז געשטאַנען אין מיטן שטוב. דער טאַטע האָט אים געהאַלטן ביי דעם לאַץ פון רעקל און שטיל, פאַרטרוילעך גערעדט:

— איך בין נישט קיין פאַנאַטיקער, נישט קיין פרומאַק און נישט קיין חסיד. איך לאָז מיינע קינדער לערנען, שטודירן און לייענען אומגעשטערט. איך ברען נישט קיין „טריף פסולת״ ווי אַנדערע. ווי זאָגט איר — איך בין אַליין געכאַפּט אין דער מעשה... איר ווייסט עס דאָך. (איך רעד דאָס נאָר פאַר אייך) דעריבער, ווען מיין עלטסטער זון האָט זיך דעמאָלט אָנגעשטעקט מיט דער השכלה, זיך גע־חברט מיט דער חברה און נישט געוואָלט ווערן נישט קיין רב און נישט קיין שוחט, האָב איך געשוויגן. כאָטש וואָס אַ שטייגער, האָב איך געקאָנט פון אים מאַכן? מען קאָן אויף אים זאָגן, אַז ער איז פון איין ברעג אָפּגעשווומען און צום צווייטן

נישט דערשוווּמען... אַ נס האָט געטראָפן, וואָס ער איז פאַרוואָרפן געוואָרן אַזש קיין אַרגענטינע. דאָרטן איז נישט קיין חסרון אַז מען איז פריי, איז ער דאָרטן געוואָרן אַ ייִדישער לערער. אַזאַ גליק!... נו, מילא, אַ מענטש, בפרט אַ ייִד, באַדאַרף וויסן ביז וואַנען ער מעג גיין... אויף אַלץ איז פאַראַן אַ גרענעץ. אָבער דאָ איז דאָך עפּעס אַנדערש. איך אַליין וואָלט מיר באַטראַכט פאַר אַ גזלן און רוצח, ווען איך דערלאָז אַזאַ זאַך: אַ קלייניקייט, מיין טאָכטער, אַ מיידל פון 16 יאָר, זאָל פאָרן קיין פּעטערבורג „בילדן די שטימע" און דער גרויסער אַרטיסט מעדוועדיעוו, דער אַלטער הולטאַי און בעל־עבירהניק, זאָל ווערן איבער איר דער משגיח און „אַפּיעקון".

— וואָס איז? — היצט זיך ווייטער דער טאַטע — ווייל מיין שוואָגער, דער משוגענער פאַנטאַזיאָר, טרוימט, אַז זי וועט ווערן אַ סאַראַ בערנאַרד, אויב נישט וועל איך אים גיין לאָזן... אַז בסך־הכל שלאָגט זיך דורך אַ וועג איינער צווישן טויזנטער און די איבעריקע בלייבן שטעקן אין דער בלאָטע... ער אַליין טאָקע, מיין שוואָגער, האָט געלערנט פיר יאָר אין ווין אין אַ קאָנסערוואַטאָריע, ווייל מיין שווער האָט דווקא געוואָלט מאַכן פון אים אַ גרויסן און באַרימטן חזן. דער שווער מיינער איז טאָקע אַ גרויסער חזן מיט אַ שם אין דער וועלט, אָבער דאָס איז נישט קיין סימן, אַז זיין זון האָט אויך אַ טאַלאַנט. מיר וועלן אַפילו אָננעמען, אַז ער האָט אַ שיין שטימעלע, אָבער אים שיקן שטודירן קיין ווין, איז בפירוש געווען אַ משוגעת. דאָס האָט געפּאַסט פאַר מיין שווער, וואָס האָט קיינמאָל נישט געוווּסט ווו ער איז אין דער וועלט.

האָט קיין מורא נישט. ער האָט אונדז גענוג צרות פאַרשאַפט ביז ער האָט זיך אויסגעניכטערט פון זיין טאַלנער רבין. ווען אַלע האָבן שוין געוווּסט וואָס דאָ טוט זיך, האָט ער נאָך אַלץ נישט געוואָלט גלייבן; ער פלעגט פאָרן קיין טאַלנע צום „טיש" און פאַרפאָרן אין אַן אכסניה, ווייל מיין שטוב איז ביי אים געווען טריף. זי — ווייזט דער טאַטע אָן אויף דער מאַמען — האָט זיך דעמאָלט גענוג אָנגעליטן, ביז וואַנען ער אַליין האָט זיך איבערצייגט ווער זיין תכשיט איז... דעמאָלט איז ער אָפּגעזעסן אַ שעה שבעה און זיך געגעבן אַ נדר, אַז מערער וועט זיין פוס נישט זיין אין טאַלנע... דאָס אַליין, דאַרפט איר פאַרשטיין איז נישט קיין תנועה פון אַ מענטשן מיט אַ געזונטן פאַרשטאַנד. מיינע איז ביי אים די עלטסטע און דער שפּיגל. אַמאָל האָט ער געשפּילט אַ ראָל, געווען באַרימט און געגראַמייעט; היינט ליגט ער נעבעך אַ פּאַראַליזירטער און פאַרגעסענער.

די מאַמע זיפצט, זי פּרוווט אָפּהאַלטן דעם טאַטן. עס גיט זיך איר אָבער נישט איין. דער טאַטע איז אויפגערעגט און קאָן זיך נישט באַהערשן, און דערציילט ווייטער:

— ער, דער שוואָגער מיינער — מאיר הייסט ער — האָט נאָך געהאַט גליק. ער האָט נאָך גוט אָפּגעשניטן מיט מיין שווערס פאַנטאַזיעס און איז נאָך געוואָרן דער איידעם פון קיִעווער רב ר׳ לאָזער. ווען מיין שווער האָט זיך משדך געווען מיט ר׳ לאָזערן, האָט ער נאָך געקנאַקט מיט דער גרויסער בייטש. יעדן יאָר פלעגט ער פאָרן מיטן רבין קיין אויסלאַנד. ער האָט דאָרטן געדאַוונט פאַרן עמוד און איך גלייב, אַז דער עולם איז מער געלאָפן אים הערן דאַוונען, ווי צוליב דעם רבינס תורה... דער עיקר, זיין שנור ריסל, איז אַ בנעימותדיק ווייבל, אַ פאַרשוין און אַ שטילע טויב. זי האָט זיך נעבעך געגנוג אָנגעבידעוועט. געגעסן קעסט ביי שווער און שוויגער און ער, דער מאַן, האָט נאָך געשטודירט אין ווין און פלעגט קומען צו גאַסט פון פסח צו פסח. צוויי קינדער האָט זי שוין געהאַט און צו דעם שטודירן האָט נאָך אַלץ קיין סוף נישט גענומען. ביז ר׳ לאָזער, דער פאָטער איר, האָט זיך צו איר גענומען, אַז זי זאָל זיך גטן מיט מאירן. ווייל ביז וויפל איז דער שיעור? און וואָס וועט זיין דער תכלית? אָבער וויפל מען האָט מיט איר נישט געטענהט און וואָס מען האָט צו איר נישט גערעדט, האָט זי זיך איינגעעקשנט און פון קיין גט נישט געוואָלט הערן. אָבער ווי עס ווייזט אויס, איז איר אַליין דער ענין דערגאַנגען שטאַרק צום האַרצן און זי האָט אים אַוועקגעשריבן אַ בריוו, אַז ער זאָל למען־השם וואָס גיכער קומען אַהיים. איז ער געקומען און עס איז געוואָרן אויס ווין און אויס שטודירן. מען האָט זיי געמאַכט אַ קלייטל און איצט פאַרקויפט ער ברוך־השם זייף, בוימל, צוקער, הערינג וכדומה. אַלץ אַזוינע זאַכן, וואָס אויף צו פאַרקויפן זיי מוז מען אומבאַדינגט פריִער שטודירן מוזיק... אָבער פאַרפאַלן — לאַכט דער טאַטע — עס ציט אים נאָך צו מוזיק ווי אַ שיכור צום גלעזל.

דער טאַטע פאַרהוסט זיך. נאָך דעם כאַפּט ער אַ קוק אויפן זייגער און מאַכט צו גערבן מיט דער האַנט: — עס איז צייט, הייסט דאָס, צו דאַוונען מעריב, — און ער גייט אַריין אין אַלקער.

מיר בלייבן אַליין מיט גערבן און די מאַמע פרעגט אים צוערשט, צי די ברילן וואָס ער טראָגט זענען צוליב קורצזיכטיקייט, אָדער גלאַט אַזוי „דליאַ פאַנטאַזיע". לאַכט גערב און ענטפערט דער מאַמען, אַז צוליב זיין קורצזיכטיקייט האָט ער זיך באַפרייט פון מיליטער־דינסט.

די מאַמע שווייגט אַ ווײַלע, נאָכדעם הייבט זי אָן אַזוי:

— אַז עס איז באַשערט אַ „ביעפּריאַטנאָסט" קומט דאָס אין שטוב אַריין. אָט נעמט מיין מיידל. איר קענט זי דאָך מסתמא? היינטיקע צייטן, הייסט זי דאָך נאָך אַ קינד. אין טאָלנע איז אָבער נישט אַזוי. איטלעכס מאָל ווען זי גייט אויף אַ חתונה, אָדער אויף אַ „טאַנצאָוואַלני וועטשער" (טאַנץ־אָוונט) האָב איך

דערנאָך גרויסע צרות. אַלע יִינגלעך לאַדן זי איין טאַנצן, פּונקט ווי זי וואָלט געווען איין־און־איינציקע. איז וואָס זאָל איך טאָן? איר נישט לאָזן גיין? וועט זי „סטראַדאַיען" (ליידן). גייט זי יאָ, האָט שוין טאַלנע וואָס צו רעדן: אַ שוחטס אַ טאָכטער זאָל טאַנצן מיט יִינגלעך? קאָן זי דען זיין אַן אויסנאַם? אַלע טאַנצן, טאַנצט זי אויך.

די מאַמע זיפצט שווער אָפּ און רעדט ווייטער:

— איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, ווען איך ווייס, אַז עס דאַרפן פאַרקומען אַ פּאָר היימישע חתונות, האָב איך תמיד חשק איר אַוועקצושיקן ווייט פון דער היים, צו אונדזערע קרובים אין אַן אַנדער שטאָט. איך האָב אין שפּאָלע אַ שוועסטער און אין וואַסילקאָוו האָט מיינער זיין איינציקע שוועסטער. זי איז זייער רייך און מיינס אַ קינד איז ביי איר אַן אָנגעלייגטער גאַסט. אַ חוץ צו זיי קאָן זי אויך פאָרן קיין בעלאַצערקאָוו, וווּ עס געפינט זיך אונדזער גאַנצע משפּחה. אין קיעוו האָב איך מיין ברודער מאיר. וואָס מען זאָל נישט וועלן זאָגן וועגן אים, איז ער דאָך זייער אַ פיינער יונגערמאַן און מיין שוועגערין ריסל איז אַ גרויסער אַנטיק, וואָס מען זעט נישט אַזוינס. זייער עלטערע טאָכטער, סאָניע, איז אַלט פופצן יאָר, שפּילט זי פּיאַנע, אַז עס עקט זיך די וועלט. פון קליינוווייז אָן גייט זי אין קאָנסערוואַטאָריע.

— האָט איר שוין אַמאָל אַוועקגעשיקט יהודיתן פון דער היים, כדי זי זאָל נישט דאַרפן טאַנצן אויף די היימישע חתונות? — פרעגט איידל דער לערער גערב.

— ניין, אַזוי ווייט נישט, ווייל מיין שמאַי זאָגט, אַז פאַרשיקן איז אויך נישט קיין פּעולה און קיין איבעריק געלט אויף קיין רייזע־הוצאות איז אויך נישטאָ. עס האָט זיך אָבער געמאַכט, אַז זי האָט זיך גענומען קלאָגן, נישט היינט געדאַכט, אַז עס טריקנט איר אין האַלדז. נו, האָב איך מיר דערשראָקן. מעגלעך, אַז עס איז אַ נאַרישקייט צו זיין אַזוי איבערגעקלערט, ווייל סוף־כל־סוף איז מען דאָך ביי גאָט אין די הענט. נאָר אַזוי ווי מיין מאַן איז פון תמיד אָן אַ שוואַבער מענטש, ציטער איך שטענדיק איבער מיינע קינדערס געזונט. האָב איך געבומען איינטענהן מיט מיין מאַן, אַז מען באַדאַרף אַ פרעג טאָן אַ האַלדז־דאָקטאָר. אין טאַלנע איז קיין האַלדז־דאָקטאָר נישטאָ און אַ חוץ דעם, וואָלט מען שוין איר דאָ געמאַכט אַ שם פאַר אַ קראַנקער. נאָך דאָס האָט מיר געפעלט!

— דאַנקען גאָט — שמייכלט די מאַמע — דער דאָקטער פון קיעוו האָט געזאָגט, אַז עס איז נישט מער ווי אַ פאַרקילעכץ. ער האָט איר פאַרשריבן אַזעלכע טראָפּנס אַריינצוטאָן אין דער נאָז און עס איז איר, געלויבט דער אויבערשטער, איבערגעגאַנגען. איז וואָס קאָן מיר אַרן — האָב איך גערעדט צו מיין מאַן —

אַז זי וועט אַביסל פאַרברענגען אין קיעוו? און פאַר איין וועג זיין ביי דער גאַנ־צער משפחה? מיינער, זאָל געזונט זיין, האָט געשריבן קיין קיעוו עטלעכע ווער־טער און באַלד זענען אָנגעקומען פון אַלעמען בריוו און אַלע האָבן זי פאַרבעטן צו זיך. זאָל אַ קינד האָבן פאַרגעניגן — טראַכט איך מיר — זאָל די משפחה איר קענען און צוריק וועט זי שוין קומען נאָך אַלע היימישע חתונות. וועט זיין ווי אין ווערטל: דער וואָלף זאַט און די שאָף גאַנץ.

— אָבער ווי אַרום קומט איר צו מעדוועדיעוון? — שטעלט געזב אַ פראַגע.

— דאָס טאַקע גיי איך אייך דערציילן — ענטפערט די מאַמע — איך בין נאָך געווען גאָר אַ קליין קינד, אַט אַזוי ווי זי (די מאַמע ווייזט אָן אויף מיר). האָט מען צו מיין טאַטן אין שטוב געבראַכט אַ קליין יינגעלע פון טעטיעוו. אַ קינד פון אַ יאָר צען פאַר אַ משורדל. אַז דער טאַטע האָט פאַרהערט דאָס קינד זינגען, האָט ער באַלד געזאָגט מבינות, אַז ער וועט אויסוואַקסן אַ באַרימטקייט. ער איז געבליבן אין דעם טאַטנס קאָמפּאַניע בלויז איבער די יום־טובים. נאָך דעם האָט מען אים אַוועקגעשיקט אין אַ גרויסער שטאָט שטודירן. ער האָט גע־זאָלט ווערן אַ גרויסער חזן. מיט דער צייט האָט ער זיך גאָר „איבערגעקערט" און איז געוואָרן אַן אַרטיסט, אַ זינגער און שפּעטער איז ער אָנגעקומען קיין פּע־טערבורג אין קייזערלעכן טעאַטער, ווו ער איז געוואָרן זייער באַרימט און רייך.

און פונדעסטוועגן — זאָגט מיין מאַמע מיט גדלות — האָט ער מיין טאַטנס שטוב קיינמאָל נישט פאַרגעסן. איין מאָל איז ער געקומען צו אונדז אין אַ קאַ־רעטע מיט אַ געשפּאַן פון פערד „נאַשפּיץ". ער האָט זיך אַוועקגעזעצט און אי־בערגעזונגען אַלע אָפּערעס, אין וועלכע ער טרעט אויף פאַרן קייסער. עס איז זיך צונויפגעלאָפן אַן עולם. עס האָט זיך אָנגעפולט די שטוב, דער הויף, די גאַס. קינד און קייט האָבן נישט געפעלט. ביים געזעגענען זיך האָט ער פאַרזיכערט דעם טאַטן, זיך ממש געשווירן, אַז ער איז פאַרבליבן אַ ייִד. מיט טרערן אין די אויגן האָט ער געבעטן נישט צו גלייבן, אַז ער האָט זיך געשמדט. דאָס האָבן אויף אים די שונאים און נישט־פאַרגינערס אויסגעטראַכט אַ בילבול. ער האָט זיך שטענדיק אָנגעבאָטן צו טאָן טובות יעדערן. איצטער ווייס איך נישט, צי זינגט ער נאָך ביים קייסער אין טעאַטער, צי דער רוח ווייס אים ווו ער איז. דער עיקר: מיין ברודער האָט איבערגעלייענט אין בלאַט, אַז מעדוועדיעוו געפינט זיך צופעליק אין קיעוו, איז ער אים געפאָרן זען, מיטגענומען מיט זיך זיין טאָכטער סאָניע, וואָס שפּילט פּיאַנע און מיין יהודיתן, און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן די צרה.

די מאַמע בלייבט אַ ווײַלע שטיל. באַלד הייבט זיך אָן ווייטער צו דערציילן:

— מעדוועדיעוו האָט פאַרהערט ביידע קינדער. מיינער איז זינגען און סאָ־ניען — אין פּיאַנע שפּילן. וועגן סאָניען האָט ער גלייך דערקלערט, אַז זי שפּילט

טאָקע גוט פּיאַנע, נאָר קיין טאַלאַנט האָט זי נישט. יהודיתן האָט ער אויסגע־פּרוווט אויף פאַרשידענע אופנים און דריידלעך און האָט געזאָגט, אַז איר שטימע איז ווילד און רייסט דאָס אויער, אָבער עס איז אַ כלי. מיין ברודער האָט אָפּ־געשיקט די קינדער אַהיים מיט דעם טראַמוויי און ער איז מיטגעפאָרן מיט מעד־ווערדיעוון אין טעאַטער מיט אַ דראָזשקע. אויפן וועג האָט אים מעדוועדיעוו גע־זאָגט, אַז אַזאַ שטימע ווי יהודיתעס, איז צו טרעפן איינע צווישן טויזנטער. אָבער מען באַדאַרף זי לאַנג בילדן. עס איז אַ שטודיום פון אַן ערך צען יאָר. עס איז אָבער כדאַי. ער, מעדוועדיעוו אַליין, איז גרייט צו קריגן פאַר איר וווינרעכט אין פּעטערבורג און נעמט זיך אונטער צו צאָלן פאַר איר אין קאָנסערוואַטאָריע און פאַר קעסט. ער וועט זי אַפילו קליידן און שיכן, וויל ער איז זיכער, אַז מיט דער צייט וועט זי אים אומקערן דאָס געלט מיט פּראָצענט.

עס טרעט ווידער אַריין אַ שווייגן. די מאַמע רויטלט זיך.

— נעמט מיין קלוגער ברודער — זאָגט די מאַמע פאַרשעמט.

— אָט דער שוטה, דער טיפּש — שרייט בייז דער טאַטע, וועלכער קומט אַריין פון אַלקער.

די מאַמע וויל פאַרזעצן ווייטער, אָבער דער טאַטע כעסט זיך:

— ער שרייבט אַריין צו מיר אַ בריוו, אַן איר ויסן פאַרשטייט זיך. בעטנ־דיק מיין הסכמה דערויף. האָט איר געהערט אַזוינס?

— וואָס זאָל איך אייך זאָגן — קלאָגט זיך די מאַמע — וואָס איך האָב דעמאָלט איבערגעלעבט! מיין מאַן האָט נאָר געוואָלט פאָרן קיין קיעוו און זי תיכף ברענגען אַהיים. שטעלט אייך פאָר, וואָס טאַלנע וואָלט אויף איר געזאָגט, ווען איך דערלאָז אַזאַ זאַך. אָבער איך קען ברום־השם מיינע קינדער — לייגט די מאַמע אַרויף די האַנט אויפן האַרצן — און איך בין געווען זיכער, אַז זי וועט אונדז נישט אָנטאָן קיין בזיון. איך האָב קוים געפּועלט ביי אים, אַז ער זאָל אַוועקשיקן אַ פּאַדראָבנעם בריוו צו זיין שוועסטער קיין וואַסילקאָוו. „אויף בתיהן קאָן מען זיך פאַרלאָזן", האָב איך געטענהט, „זי וועט שוין אַלץ דורכפירן כשורה". איר דאַרפט וויסן, אַז בתיה איז אַ גרויסע חכמה און אַ געבילדעטע און ווייסט ווי אַזוי צו רעדן מיט אַ קינד. בתיה איז צוגעפאָרן קיין קיעוו. עס איז דאָך נאָענט, איין סטאַנציע אינגאַנצן. זי איז געקומען צו מאירן אין שטוב, כלומרשט אומגעריכט, געכאַפּט יהודיתן און געפאָרן מיט איר ווייזן די שטאָט. זי האָט איר געקויפט אַ פאַרטיק מאַנטעלע אַ מתנה. נישטקשה, מיין שוועגערין איז רייך און קאָן זיך דאָס פאַרגינען. ווען זי האָט שפּעטער אַ רעד געטאָן מיט דער קליינער וועגן מעדוועדיעוון, האָט זי באַלד געזען, אַז יהודית איז נעבעך גאָט די נשמה שולדיק, זי ווייסט נעבעך פון גאָרנישט, פון מיין ברודערס פּלענער. האָט בתיה

אונדז באַלד געענטפערט אַ בריוו, אונדז באַרויקט און יהודית איז געקומען אַהיים.

— נו, ווען אייער טאָכטער איז געקומען אַהיים, האָט זי עפּעס גערעדט וועגן מעדוועדיעווס פאַרהערן איר און וועגן גאַנצן ענין? — פרעגט גערב.

— זי האָט נאָך נעבעך נישט געהאַט קיין צייט צו רעדן וועגן דעם — זאָגט טרויעריק די מאַמע — זי איז געקומען אַ דאַנערשטיק פאַרנאַכט, אַ פאַר־בענקטע נאָך אונדז און נאָך די קינדער. דעם זעלבן אָוונט זענען געקומען אירע חברטעס איר צו זען. האָט זי זיי געוויזן די מתנות, וואָס די מומעס האָבן איר געגעבן, זיי האָבן געפּלוידערט פון דער רייזע און אָפּגערעדט זיך צו טרעפן שבת ביי איינער פון די מיידלעך, און יענעם גאַנצן טאָג האָט זי זיך גענומען צו דער שטוב. נאָך זעקס וואָכן פעלן פון דער היים, איז טאַקע די שטוב געווען אַביסל אָפּגעלאָזט און זי, יהודית, איז אַ ווילדע בריה, האָט זי זיך אַ לאָז געטאָן צו רוימען, שייערן, וואַשן און פרעסן. ביז פאַרנאַכט צו ליכטבענטשן האָט זי גע־האָרעוועט. נו, און פרייטיק ביינאַכט, איז מיינער, צען מאָל נישט איצט געדאַכט, קראַנק געוואָרן. אַזוי אַז זי איז נעבעך היינט צום ערשטן מאָל אַרויס אין גאַס. אַפילו אין ביבליאָטעק איז זי נישט געגאַנגען — זיפצט די מאַמע.

— צום עיקר — זאָגט דער טאַטע — דאָס ע. גסטע איז ווען אַ קינד האָט צו עפּעס אַ טאַלאַנט. מען טראָגט זיך שטענדיק אַרום מיט אַ בויך פול מיט צרות. מען לעבט אין אייביקער שרעק און ציטערניש.

— איר הערט — זאָגט די מאַמע פאַרטראַכט — איך ווייס שוין וואָס אַ טאַלאַנט מיינט... איך האָב געהאַט גענוג צו טאָן מיטן „טאַלאַנט" פון מיין זון דעם רב... איך וועל דאָס געדענקען אַפילו ווען איך וועל שוין ליגן מיט די פיס צו דער טיר...

גערב שמייכלט מיט אַ לייכטן שמייכל.

— אַזאַ בוך — צענעמט די מאַמע די הענט אין דער גאַנצער ברייט — אַזאַ בוך וואָלט מען געקאָנט דערפון אָנשרייבן.

— איך האָב געהערט דערפון — זאָגט גערב קורץ.

— אַזוי, מען האָט אייך שוין דערציילט דערפון? — וווּנדערט זיך די מאַמע.

— וואָס דען, טאָלנע וועט שווייגן? — זאָגט בייזלעך דער טאַטע — זיי זענען נאָך גערעכט. פון פערצן יאָר אַ קינד רעדט מען איין, אַז ער זאָל אַנטלויפן אַזש קיין פּאַריז. אַפילו אויף הוצאות און אַן אַדרעס וווהין צו פאַרפאָרן, האָבן זיי שוין געהאַט צוגעגרייט פאַר אים... די מאַמע זיינע האָט קוים אויסגעווײנט ביי אים, אַז ער זאָל אויפגעבן דעם געדאַנק.

דער טאַטע לויפט אַרום אַ נערוועזער, מיט גיכע טריט איבערן צימער.

— אַזאַ קלאַפּ וואָלט איך נישט אַריבערגעטראָגן!

— איך וואָלט פון דער וועלט געגאַנגען — זאָגט די מאַמע — נאָר מיט גוטן האָב איך ביי אים געפועלט, ער זאָל בלייבן. איך קען, געלויבט דער אויבערשטער, מיינע קינדער זייער גוט. איך וויים שוין ווי אַזוי מען דאַרף צו זיי רעדן. אויף דעם בין איך אַ מאַמע.

גערב גיט אַ קליין הוסטל און זאָגט, נישט דרייסט:

— וויבאַלד נישט געלערנטערהייט, נאָר פון זיך אַליין, האָט ער שוין גע־קאָנט אַזוי גוט מאָלן, איז עס דאָך טאַקע אַ סימן, אַז ער האָט אַ גרויסן טאַלאַנט.

— אַזוי — צעהיצט זיך דער טאַטע אויף ס'ניי — עס איז אַ סימן פון אַ גוי אין אַ גרויער קוטשמע...

דער טאַטע פאַרהיסט זיך און רעדט דערנאָך אַביסל רויִקער:

— עס קאָן זיין, אַז איך אַליין בין דערין שולדיק. איך האָב אים געגעבן צו־פיל פרייהייט. איך האָב זייער פיינט באַנקקוועטשערס און אַזוי ווי ער האָט אַן אויסגעצייכנטן קאָפּ, האָב איך אים נישט געשטערט צו גיין זיין אייגענעם דרך. לערן וויפל דו ווילסט און אויב דיר געפעלט מאָלן, שניצן, מייסטרעווען, איז מילא, וואָס קאָן דאָס מיר אַרן? אָבער ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן אויף אַזאַ צרה? זאָגט מיר נאָר איך בעט אייך, טאָמער האָט אַ יינגל פּעיקע הענט, מיט געשיקטע פינגער, איז דערפון געדרונגען, אַז ער דאַרף פאַרלאָזן די היים, אַוועק קיין פּאַריז און ווערן דאָרטן אַ הפקר־יונג, אַ שיכור, אַ הולטאַי, אַ וואָס אין דער קאָרט? מחמת וואָס, טאָמער האָט עפּעס איינער אַ מאָלער געזאָגט אויף אים נביאות, אַז ער וועט אויסוואַקסן אַ גרויסער מאָלער, איז שוין צוליב דעם פאַר־פאַלן די קו מיט דעם שטריק?

— שמאַי! — בעט זיך די מאַמע — צו וואָס דאָס היצן זיך? עס מאַכט דאָך דיר שלעכט. גאָט פּירט אונדז תמיד אַרויס פון אַלעם בייזן. וואָס איז דאָ פאַראַן אַ סך צו רעדן? — ווענדט זי זיך צו גערבן — קליינע קינדער גיבן קליי־נע דאגות און גרויסע קינדער — גרויסע דאגות.

— ניין! — טעהנט דער טאַטע — צי דוד וואָלט געוואָרן אַ גרויסער מאָ־לער, וויים איך נישט. אָבער אַ גרויסער הולטאַי, דאָס איז זיכער. שטעלט אייך פאָר, אַ קינד פון פערצן יאָר איינער אַליין אין פּאַריז...

— דוד זאָל לעבן — זאָגט די מאַמע פאַרטראַכט — קאָן אַלץ און זיין גוטסקייט האָט צו זיך קיין גלייכן נישט. ווי שטאַרק פאַרטיפט ער האָט געמעגט זיין אין לערנען, איז געווען גענוג, אַז ער זאָל דערהערן, אַז איך גיי אין קעלער, אָדער אויפן בוידעם, אָדער אין קאַמער נאָך האָלץ, אַזוי איז ער שוין אויסגע־וואַקסן לעבן מיר, אַרויסגעכאַפּט די משא פון מיינע הענט און געטאָן פאַר מיר די אַרבעט. און אַז איך האָב אים געזאָגט: „זונעניו, הלמאַי ביסטו מפסיק אין

לערנען?״, פֿלעגט ער מיר ענטפֿערן, אַז כּיבוד־אָם, איז אַ גרעסערע מצווה ווי לערנען.

די מאַמע רעדט שטיל, מיט אַ סך בענקשאַפֿט. דער טאַטע וואַרט אַז זי זאָל ענדיקן. ער וואַגט נישט איר איבערצושלאָגן, כאָטש ער טראַכט ביי זיך, אַז דאָס האָט נישט קיין שום שייכות צום ענין. ער ווייסט, אַז ווען זי רעדט פֿון דודן, גלוסט זיך איר נישט איבערצורייסן.

— דו געדענקסט, שמאַי, די מתנה פֿאַר דעם פֿעלדפֿעבל? — ווענדט זיך די מאַמע מיט אַ פֿראַגע צום טאַטן. אָבער באַלד ווענדט זי זיך צו גערבן:

— מיין עלטערער זון האָט געדינט פּאַניען, האָט ער געהאַט זייער אַ שווע־רע סלוזשבע און פֿלעגט שיקן אַהיים שלעכטע בריוו. מאַכט זיך איין מאָל, מיר באַקומען פֿון אים אַ בריוו, ווו ער שרייבט אונדז, אַז ער מוז געבן אַ מתנה דעם פֿעלדפֿעבל, ווייל ער לאָזט אים אָפּטמאָל אָפּ אין שטאָט אַריין, צו זיין אַביסל אויף דער פֿריי, אָבער קיין געלט צו קויפֿן אים אַ מתנה האָט ער נישט. מיר זענען דעמאָלט גראָד געווען שטאַרק פֿאַרענגט. מיר האָבן זיך אויסגעברענגט מיט די חתונות פֿון אונדזערע צוויי קינדער און טאַקע דאָס מיליטערדינסט האָט אונדז אויך געגנוג אָפּגעקאָסט. דערצו איז די הוצאה ביי אונדז געוואָרן גרעסער, ווייל מיר האָבן געהאַלטן אויף קעסט די טאָכטער מיטן מאַן און די שנור, דעם סאָל־דאַטס ווייב, איז אויך געווען ביי אונדז. זענען מיר אַלע געזעסן ביים טיש און געטראַכט, וואָס קויפֿט מען אַזוינס אַז עס זאָל נישט קאָסטן קיין סך און עס זאָל דעם פֿעלדפֿעבל געפֿעלן ווערן. ווייל סתם אויסגעבן געלט, ווען מען איז אַ בעל־חוב, איז נישט פֿון די געשמאַקע זאַכן.

רופֿט זיך אָפּ מיין איידעם שלמה: „אפשר קויפֿן אים רויטע שלייקעס?״ פֿרעגט אים דוד: „פֿאַרוואָס עפּעס שלייקעס, און פֿאַרוואָס רויטע?״ ענטפֿערט אים שלמה: „איך מיין, אַז אַ פֿעלדפֿעבל דאַרף ליב האָבן רויטע שלייקעס״. אין מיטן דריינען שפּרינגט דוד אויף, לויפֿט אַרויס אין דרויסן, הייבט אויף פֿון דער ערד צוויי רויטע ציגל און נעמט זיך רייבן איינעם אין דעם אַנדערן. איך וועל אייך לאַנג נישט ברייען. נאָך עטלעכע שעה פֿאַרען זיך מיט די ציגל, האָט ער אַריינגעבראַכט אין שטוב אַ שרייבגעצייג: אַ טינטער מיט אַ פֿיגור. האָבן מיר דאָס אַוועקגעשיקט און עס איז געקומען אַ בריוו פֿון מיין זון, שרייבט ער, אַז דעם פֿעלדפֿעבל איז דאָס שטאַרק געפֿעלן געוואָרן און ער האָט זיך דערמיט באַ־רימט פֿאַר זיין עלטסטן און יענער וויל אויך אַזאַ שרייבגעצייג. און דערנאָך האָבן זיך געפֿונען ברוך־השם נאָך בעלנים.

— בקיצור — שלאָגט איבער דער טאַטע — ער האָט זיך אָפּגעריבן די פֿינגער. נו, איז וואָס? איז דאָס שוין אַ סימן אַז ער איז אַ קינסטלער?

— ווען איר ווייסט למשל, אַז אייער זון ווערט יאָ אַ גרויסער קינסטלער, וואָלט איר אים געלאָזט פאָרן קיין פּאַריז שטודירן? — פרעגט גערב פּאַרזיכטיק.

— איך בין נישט מחויב צו געבן דער וועלט קיין מאָלער מיט קיין אַר־טיסטקעס — ענטפערט דער טאַטע קורץ.

— נו, און גרויסע רבנים זענט איר יאָ מחויב צו געבן? — כאַפּט זיך אַרויס ביי גערבן אַ פראַגע.

דער טאַטע שפּרינגט אַזש אויף ביי די ווערטער, ווי עפּעס וואָלט אים אַ ברי געטאָן.

— ווער דען וועט געבן דעם יידישן פאָלק רבנים? איוואַנציע? וואָס, דאָס יידישקייט גייס חס־ושלום אונטער? איר וואָלט בעסער באַדאַרפט הערן, וואָס פאַר אַ גרויסן איך נעם אָפּ פון מיין זון פון די וואָס פאָרן קיין לייפּציג אויפן יאַריד. זיי דערציילן מיר, אַז ער איז דאַנקען גאָט זייער אָנגענומען דאָרטן. ער שפּילט אַן אָנגעזעענע ראָל. ער באַווייזט זיך גרויסאַרטיק. ער גייט שיין געקליידט און ער זעט אויס ווי אַ מאַגנאַט — הייבט דער טאַטע אויף די האַנט אין דער הויך — און וואָס מיינט איר, עמעץ האָט אים געצוווּנגען צו פאָרן קיין לייפּציג פאַר אַ רבֿ? ער האָט דען נישט געקאָנט לעבן רויִק אין מאַרמעראָש ביים שווער אַלע זיינע יאָרן? איך האָב טאַקע אַזוי געמיינט. דער שווער איז רייך. ער האָט אים געוואָלט געבן אייביקע קעסט. מיין זון אַליין האָט דאָרטן אויך אַן אייגענעם סאָד און אַביסל ערד און איבער הונדערט יאָר, וועט דעם שווערס גאַנצער פאַרמעגן אויך ווערן זיינס. אים האָט גאָרנישט געפעלט, אַז ער זאָל דאַרפן גיין זוכן אַ רבנישע שטעלע. איך בין געווען ביי אים און האָב געזען אַלץ מיט מיינע איי־גענע אויגן. איך בין נישט פון די טאַטעס, וואָס אינטערעסירן זיך נישט מיט זייערע חתונה געהאַטע קינדער. פאַראַן אַזעלכע וואָס קוים האָבן זיי חתונה געמאַכט אַ קינד, איז ביי זיי אַראָפּ דער עול פון קאָפּ און דעם קינדס צוקונפט אינטערעסירט זיי נישט.

די מאַמע פון איר זייט גיט צו:

— ווען מיר זענען געווען ביי אים אויף דער חתונה, דאָרטן אין גאַליציע, האָבן מיר געזען מיט וואָס פאַר אַ רעספּעקט מען האַלט אונדזער קינד. מען האָט אים פּשוט געטראָגן אויף די הענט. מיט אונדז האָט מען זיך אויך געצאַצקעט און אונדז אָנגעטאָן כבוד אויף טריט און שריט. חוץ דעם האָב איך זיך איבער־צייגט, אַז עס איז דאָרטן פאַראַן עשירות, אויף אַלע יידן געזאָגט געוואָרן. ערשט, האָט איר באַדאַרפט זען די כלה, ווי שיין און חנעוודיק זי איז געווען — ממש אַ פּרינצעסין. צו דער חתונה איז מיין שנור אַלט געווען זעכצן יאָר, אַ קינד נאָך, אינגאַנצן טאַקע נאָך אַ קינד.

— פונדעסטוועגן — רעדט ווידער דער טאַטע — איז מיר געווען דערווי־דער די גאַנצע חברה, די ווילדע כאַפּטע פון די גאַליציאַנער חסידים, פאַנאַטי־קער, פרומאַקעס, מיט זייערע מאָדנע תנועות און געגנ. זייער הולך, די שטריימ־לען און די לאַנגע קאַפּאָטעס ביז צו די פּיאַטעס, און זייער גאַנץ פּירעכץ, אַלץ איז מיר געווען דערווידער. וואָס זאָל איך אייך זאָגן? זיי אַנטקעגן מיר, זענען ווי איך אַנטקעגן אייך...

נאָך דריי וואָכן רעש פון דער חתונה, האָבן מיר זיך אַרומגעקוקט, איך מיט מיינער, אַז מיר דאַרפן שוין פאָרן אַהיים און מיט אים, מיט אונדזער דודן, האָבן מיר נאָך גאָרנישט גערעדט. אויפן האַרצן איז געווען פּאַסקודנע, קודם־כל צו־ליב דעם, וואָס מען דאַרף זיך שיידן מיט אונדזער ליב קינד, ווער ווייסט אויף ווי לאַנג. והשנית, איז מיר נישט געווען צום האַרצן די גאַנצע סביבה זיינע, סיי מיט זייער פרומקייט און סיי מיט זייער פּראַסטקייט... נעם איך אים אין אַ פּאַר־נאַכט שפּאַצירן אין די בערג, איך וויל ביי אים אַלץ געוווּיר ווערן, אויסטאַפּן ביי אים אַלצדינג און זיך דערוויסן, צי איז ער טאַקע באמת צופרידן מיט דעם נייעם לעבן.

די נאַטור איז דאָרטן שיין, אַ פאַרגעניגן. איך קאָן דאָס אייך גאָרנישט אויסמאָלן. די לופט איז ריין, געשמאַק, ממש אַ חיות.

— פונקט ווי מען מאָלט אויס אַ קאַרטינע — מישט זיך אַריין די מאַמע.

— דערווייל איז נאָך נישט געבוירן געוואָרן אַזאַ מאָלער, וואָס זאָל זיין בכוח דאָס אויסצומאָלן — ענטפערט אָפּ שניידיק דער טאַטע און ווענדט זיך ווידער צו געדבן:

— זאָגט צו מיר מיין דוד: „גיב נאָר אַ קוק, טאַטע, ווי שיין די זון פאַר־גייט אין די בערג. און נאָך שענער איז פאַרטאָג דער זון־אויפגאַנג. דאָס אַליין איז גענוג פאַר מיר זיך צו פילן גליקלעך. צו זען אַלעמאָל אַזאַ שיינקייט אַרום זיך. אַ חוץ דעם זענען דאָ די מענטשן ערלעכע, ריינע, אויפריכטיקע. זיי האָבן מיר ליב און איך האָב זיי ליב. דו טאַטע קאָנסט זיך פאָרן אַהיים רויק. מיר איז דאָ גוט.״ אויסגעהערט זיין ענטפער, האָב איך שוין גאָרנישט געהאַט אים וואָס צו זאָגן. און פאַר אים בין איך טאַקע רויק. ער פאַרמאָגט אין זיך אַן אייגנשאַפט צו זען נאָר דאָס שיינע און דאָס גוטע. ער באַמיט זיך צו זיין גליקלעך און צו מאַכן יענעם גליקלעך. ער איז דערמיט געראָטן אין מיין טאַטן עליו השלום און אויך אין זיין אייגענער מאַמען. ער איז פול מיט בטחון און פרייד. ער האָט פיינט צו וויינען און צו קרעכצן. ער איז ענערגיש און לעבנסלוסטיק. ווען ער האָט אויפגעגעבן דאָס מאָלעריי, האָט ער זיך מיט ברען גענומען צום לערנען און מיין ברודער בענציע האָט אים מיטגענומען קיין קיעוו און פון דאָרטן איז ער

צוריקגעקומען מיט סמיכות אויף רבנות פון דריי גרויסע רבנים. זעט מען דאָך שוין באַשיינפּערלעך, אַז עס איז אַ באַשערטע זאַך מן השמים. דער השם־יתברך האָט אַזוי געפירט, טאָ צו וואָס איז דאָ שייך צו האָבן טענות?

גערב האָט די גאַנצע צייט געשוויגן. אַנשטאָט צו ענטפערן דעם טאַטן, זוכט ער איבערצופירן דעם געשפּרעך אויף אַן אַנדער טעמע. גאָר פלוצלינג גייט ער צו צו מיר, גיט מיר אַ גלעט איבערן קאָפּ און פרעגט דעם טאַטן:

— זאָגט מיר, איך בעט אייך ר' שמאַי, מיט דער מיט די גלעקלעך, וואָס קלערט איר צו טאָן מיט איר? זי איינזאַלצן אָדער אפשר גאָר איינמאַרענירן?

— זעט איר — ענטפערט דער טאַטע שמייכלענדיק — ווען איר האָט אַ שולע פאַר מיידלעך, וואָלט איך זי אייך אָפּגעגעבן בכבוד גדול.

— ביי אונדז אין „שוואַרץ־טומאה" (בעלאַצערקאָוו) — זאָגט די מאַמע — איז פאַראַן אַ שולע פאַר מיידלעך, ווו מען לערנט העברעיִש און גלייכצייטיק קאָן מען ענדיקן די „זשענסקי גימנאַזיע". מיין שוואָגערס קינדער לערנען דאָרטן. נישט ווי דאָ, אין טאַלנע, ווו ייִדישע מיידלעך דאַרפן גיין אין דער „סעלסקי־שקאָלע" (דאָרפס־שול) און שרייבן אום שבת.

ענטפערט גערב:

— מיט דער צייט וועלן מיר אין טאַלנע אויך שאַפן אַ שולע פאַר מיידלעך. לעת־עתה האָט איר אַ שולע פאַר אים — ווייזט ער אַן אויף מיין ברודערל.

דער טאַטע נעמט אַריין זיין שוואַרצע באָרד אין דער רעכטער האַנט און זאָגט אַזוי:

— איך זאָג נישט, אַז ניין. שפּעטער וועל איך אים געבן אין אייער מאָדערנער שול, צוליב רוסיש און אויך צוליב העברעיִש. צוערשט אָבער מוז ער דורכמאַכן דעם זעלבן מאַרשרוט, וואָס אַלע מיינע קינדער האָבן דורכגעמאַכט.

גערב שפּרינגט אויף:

— וואָס? אייער ייִנגעלע וועט איר שיקן צו אַ דרדקי־מלמד?

דער טאַטע צעלאַכט זיך פלוצלינג. ער האָט זיך משמעות עפּעס דערמאָנט.

— יענער טאַקע — זאָגט ער — דער רב מייגער. דו געדענקסט, פייגל? אַ נאַרישקייט געדענק זיך...

דער מאַמעס פּנים שיינט אויף פאַר גליק, ווייל עס ווערט נאָכאַמאָל דערמאָנט דוד און דער טאַטע זעצט ווייטער פאָר:

— דער קליינער איז נאָך דעמאָלט קיין דריי יאָר נישט אַלט געווען. איז ער נאָכגעלאָפן דעם עלטערן ייִנגל אין חדר. האָט אים דער רבי אַוועקגעזעצט אויף דער באַנק, כדי ער זאָל זיך באַצייטנס צוגעוווינען צום חדר. זיצט ער און הערט זיך צו, ווי אַזוי דער מלמד לערנט מיט די קינדער די סדרה. און ווען ער איז גע־

קומען אַהיים, נעמט ער, דודל, שרייען מיטן זעלביקן ניגון פון לערנען: „די ייִדן האָט מען פאַרקויפט אין אַ גויִיש העמד, זייער קול האָט זיך געהערט אין אימען״. אים האָט זיך געדאַכט, אַז ווען ער האָט געהערט דעם רבין זאָגן „גוייִשע הענט״, האָט ער געמיינט „גויִשע העמד״ און ווען ער האָט געהערט „הימל״ האָט ער פאַרטוישט אויף „אימען״.

— וואָס הייסט? — פרעגט גערב — איר מוזט אוודאי מיינען די שטאָט אומאַן?

— נו, יאָ — לאַכט די מאַמע — ווי זאָגט שלום עליכם: ווי גערעדט, איז גערעדט; אַבי גוט געמיינט.

— איר האַלט פון שלום עליכמען? — פרעגט גערב.

— נו, אַ שאלה! וואָס הייסט? ער איז דאָך אַן אונדזעריקער, פון אונדזער קאַנט — ענטפערן ביידע מיטאַמאָל, דער טאַטע מיט דער מאַמען.

— ער איז נישט פון אייער שטאָט — שפּאַרט זיך גערב.

— וואָס איז די נפקא־מינא? — זאָגט דער טאַטע — דאָרטן און ביי אונדז איז איין לעבן. איר נעמט די אַלע שכנישע שטעטלעך: בעלאַצערקאָוו, קאָרסון, באַיאַרקע, פאַסטאָוו, זיי זענען אַלע געבונדן איינס מיטן אַנדערן און אַלע קענען אים, דעם שלום עליכמען.

— מיין שוואָגער — באַרימט זיך די מאַמע — איז אַ באַיאַרקער איידעם און ער קען אים „ליטשנע״ (פּערזענלעך). איר ווייסט — זאָגט זי באַגייסטערט — עס קומען אַן בריוו פון אַמעריקע, פון די לאַנדסלייט, וואָס קומען צו אים אין שטוב. דערציילן זיי, אַז ער האָט אַזאַ טאַלאַנט, אַז בשעת ער זיצט און שרייבט, ווייסט ער אַליין נישט וואָס ער שרייבט, ערשט דערנאָך, ווען ער לייענט עס איבער, קאַטשעט ער זיך פאַר געלעכטער.

— אַזאַ לץ! אַ פאַרשלעפּטע קרענק! — לאַכט דער טאַטע.

— אַזוי? — רופט זיך אָפּ די מאַמע אַ באַליידיקטע — דער עיקר איז גאָר ביי אים דער שטאָך, דער מיין, די קריטיקע.

— איר זעט — שמייכלט דער טאַטע — מיינע פאַרשטייט אַ בוך. נישט אומזיסט פלעגט מיין עלטסטער זון זאָגן אויף איר: „די מאַמע קאָן רעכט לער־נען; זי קאָן נאָר נישט קיין לשון־קודש״...

— דער שלום עליכם איז באמת אַ ריזן־טאַלאַנט — זאָגט גערב זייער ערנסט — עס איז בלויז אַ שאָד, וואָס ער שרייבט „זשאַרגאָן״.

די מאַמע צאַפּלט־אויף און קוקט אויף גערבן מיט אַ פאַרוואורף. איך מיט משהלען קוקן זיך איבער. מיר פאַרשטייען דער מאַמעס פאַריבל אויף אים און

מיר זענען אויך קעגן „לשון־קוילעטש", ווי יהודית רופט דאָס און מיר האָבן אַ פאַרוואָס.

איין מאָל, געדענק איך, איז אָנגעקומען פון דודן אַ בריוו. אויף דעם בריוו האָבן מיר זייער לאַנג געוואַרט. אַפילו דער „פּאָטשטאַליאָן" (בריווטרעגער) וואָס־סיליעוו האָט געוווּסט, ווי מען קוקט ביי אונדז אויס דעם בריוו, איז ער אַריין מיט אַ פריילעכן אויסגעשריי:

— אָט איז דער בריוו פון דודן!

די מאַמע האָט אַרויסגעכאַפּט ביי אים דעם בריוו און מיט ציטערנדיקע פינגער אים געעפנט. אָבער באַלד האָט זי, נאָכן באַטראַכטן די באַשריבענע ביי־געלעך פּאַפּיר, אַן אַנטוישטע און טרויעריקע אים אַוועקגעלייגט אויפן טיש.

— אין גאַנצן געשריבן אויף לשון־קודש — האָט זי זיך קרעכצנדיק באַ־קלאָגט פאַר יהודיתן — דער טאַטע וועט קומען פון דער „בוינע" הלוואַי אין אַ דריי שעה אַרום. און מיר איז די נשמה אויפן שפּיץ נאָז. שוין אַזאַ לאַנגע צייט קיין בריוו נישט געווען פון אים און איצט, ווי אויף צו להכעיס, איז דער טאַטע נישטאָ אין דער היים.

דו וועסט זען מאַמע — האָט יהודית געסטראַשעט — איך וועל מיר אַוועק־זעצן און אים אָנשרייבן אַ בריוו און אים אָנרייבן אַ מאָרדע דיין ראַבטשיק, וואָס עס פּאַסט אים נישט צו שרייבן יידיש, ווי מאָטל שרייבט אונדז. עס שטייט אים נישט אָן, אַז מיר אַליין זאָלן קאָנען לייענען און פאַרשטיין זיינע בריוו. וואָס מיינט ער דאָס מיט זיין לשון־קוילעטש?

די מאַמע האָט זיך דעמאָלט קיין אָרט נישט געקאָנט געפינען. איז אַרום־געגאַנגען איבער דער שטוב אַ נערוועזע און געשוויגן. גאַרנישט ווי דער מאַמעס טבע איז.

און איצט וויל גערב, אַז די מאַמע זאָל נישט פאַרשטיין שלום עליכמען. נישט די מאַמע זאָל אים קאָנען לייענען און פאַרשטיין, נישט יהודית, נישט ריסל און נישט איך מיט משהלען, זאָלן לאַכן און הנאה האָבן, ווען מען לייענט אים.

מיין כעס אויף גערבן ווערט וואָס אַמאָל גרעסער. דערפאַר בין איך שטאַרק צופרידן, ווען איך באַמערק, אַז דער טאַטע קלייבט זיך אים עפּעס צו זאָגן. דער טאַטע נעמט די באָרד אין האַנט מיט אַ שמייכל. איך רוק זיך אומגעדולדיק אויף דער סאָפקע. די מאַמע וואַרפט אויף מיר אַ שטרענגן בליק און איך הער ווי דער טאַטע הייבט אָן:

— איר זענט, עס זאָל אייך נאָר נישט פאַרדריסן, ווי יענער ישיבה־בחור.

— וואָסער ישיבה־בחור? — פרעגט גערב.

— אָט, הערט. מען דערציילט אַזאַ מעשה: עס זיצן צוויי אָרעמע, אָפּגעריסענע ישיבה־בחורים און רעדן זיך אַראָפּ פון האַרצן איינער פאַרן אַנדערן. קלאָגט זיך איינער: „די מאַמע איז קראַנק, דער טאַטע פאַרדינט נישט קיין פּרוטה, מיט דער שוועסטער וואָלט מען שוין באַדאַרפט טאָן אַ שידוך, איז נישטאָ פאַר איר קיין נדן און קיין אויסשטייער; פאַר די ברידערלעך פעלט אויף שכר־לימוד. אָפּילו אויף קיין ברויט קלעקט נישט און דערצו גייט צו ווינטער און מען דאַרף האָלץ און ער אַליין איז נאַקעט און באָרוועס״. ענטפערט אים דער צווייטער: „דו מיינסט אַז ביי מיר איז בעסער? איך טראַכט נאָר, ווי גוט עס וואָלט געווען, ווען דער רבונו של עולם טוט מיט אונדז אַ נס. אָט למשל, ווען מיר גייען פון קלויז, געפין איך אויפן וועג אַ מיליאָן רובל. איי וואָלט דאָס געווען גוט! איך וואָלט באַלד איינגעקויפט פון אַלעם גוטן, באַקליידט דאָס גאַנצע הויזגעזינד, חתונה געמאַכט די שוועסטער און מיר וואָלט נאָך געבליבן אויף טיילן צדקה אויך״.

ענטפערט אים דערויף זיין חבר קרעכצנדיק:

„וואָס אַ שטייגער, וואָלסטו געטאָן ווען דעם מיליאָן פאַרלירט אַן אָרעמאַן, אַזעלכער דהיינו, ווי אונדזער שמש פון קלויז? וואָלסטו דען געהאַט אַ האַרץ צו־צונעמען ביי אַזאַ אָרעמאַן אַזוי פיל געלט? אים וואָלסטו עס געמוזט צוריק אומקערן.״

געערב לאַכט:

— מיט וואָס זשע בין איך דאָס אַזוי געגליכן צום נאַרישן ישיבה־בחור?

לאַכט דער טאַטע:

— דערמיט וואָס איר האָט געלאָזט זיך צעפלאַקערן די פאַנטאַזיע וועגן לשון־קודש, פונקט ווי דער ישיבה־בחור, וואָס האָט זיך אַזוי פאַרטרוימט, אַז ער האָט גאָר פאַרגעסן אין אַזאַ קלייניקייט ווי דאָס, אַז אָרעמעלייט האָבן נישט קיין מיליאָנען צו פאַרלירן... איר האָט גאָר פאַרגעסן, ווייזט אויס, אַז שלום ראַבינאָוויטש האָט זיך אַ נאָמען געגעבן „שלום עליכם״ ווייל ער האָט זיך אונטערגענומען צו זיין אַ גוטער ברודער מיט יעדן איינעם. יעדער איינער זאָל אים קאָנען לייענען און פאַרשטיין. ער שרייבט פאַרן כלל: פאַר אָרעמע, רייכע, פאַר פּראָסטע ייִדן, פאַר ווייבער, מיידלעך, פאַר אַרבעטער און דינסטמיידלעך. פאַר די אַלע וואָס קאָנען לייענען מאַמע־לשון. און אַפּילו די וואָס קאָנען אים נישט לייענען, האָבן אויך הנאה און פאַרשטייען אים, ווען מען לייענט פאַר זיי שלום עליכמען. קומט איר מיט אַן עצה, ער זאָל שרייבן אין לשון־קודש, וואָס איז בלויז פאַר יחידים, אָדער יחידי סגולה. ווייל ווי אָרום וואָלט מיינע געוווּסט, אַז ער שרייבט מיט אַ מיין, ווען ער וואָלט נישט געשריבן אין דער שפּראַך וואָס עס

רעדט דאָס פֿאָלק, אין מאַמע־לשון? — צענעמט דער טאַטע ברייט די הענט.
— דערפֿאַר טאַקע — רופֿט זיך אָפּ גערב — ווילן מיר אַז דאָס גאַנצע פֿאָלק זאָל קאָנען העברעיִש. דערפֿאַר טאַקע גרינדן מיר העברעיִשע שולעס. אָבער וואָס איז פֿאַראַן צו רעדן, אויב אַזאַ ייִד ווי איר גיט נאָך זיין קינד צום דרדקי־מלמד! איר רעדט זיך אַוודאי איין, אַז אייער קליינער וועט אייך אויסוואַקסן אַ רב?...
דער טאַטע קוקט שאַרף און דורכדרינגלעך אויף גערבן. ער שטעלט זיך אויף, דרייט זיך אַרום אַביסל שווייגנדיק איבער דער שטוב. עס איז קאַנטיק אַז ער לייגט זיך עפּעס איבער. דערנאָך זעצט ער זיך אַנטקעגן דעם גאַסט און הייבט אָן שטיל:
— זאָגן אייך דעם אמת, האָב איך גאָר אַ קנאַפּן חשק געהאַט, אַז אויך מיין דוד זאָל ווערן אַ רב. איך וועל אייך דערציילן נאָך שענערס: מיין טאַטע, עליו השלום, האָט אויך נישט געוואָלט, אַז איך זאָל ווערן אַ רב. איך אַליין האָב שוין לאַנג געהאַט סמיכות אויף רבנות, ווען איך האָב ערשט געקראָגן קבלה אויף שחיטה.
דעם טאַטנס קול ווערט אַביסל שטילער און ער דערציילט ווייטער:
— מיין שווער האָט געטענהט, אַז פֿאַר מיר איז גלייכער רבנות, ווייל איך בין נישט קיין געזונטער. אָבער מיין פֿאָטער האָט זיך קעגנגעשטעלט. מיין פֿאָטער איז געווען אַ מנקר און אַ משגיח. אונדזער שטאָט איז אַ גאַנץ גרויסע, אַ כרך גדול, האָט ער געהאַט שיין פּרנסה. ער האָט דעריבער געהאַלטן, אַז מיטן קלינגל איז מען זיכערער, עלעהיי אַ בעל־מלאכה. רבנות האָט ער פֿיינט געהאַט. שטענדיק סיכסוכים און מחלוקתן, האָב צו טאָן מיט צדדים און תקיפים. צום שוחט מוז מען פֿאַרט אָנקומען. איצט, זע איך, אַז ער איז געווען גערעכט. נעמט טאַקע למשל טאָלנע: די רבנים זענען דאָ אַלע קבצנים און אביונים. בלויז איין הערצל דער רב האָט געלט און דאָס איז דערפֿאַר ווייל ער איז אַן אויסטויגער, אַ פּראַצענטניק. — דער טאַטע פֿאַרהוסט זיך דערביי בייז.
— שוין, נו! וואַרפֿט די מאַמע אַ שאַרפֿן בליק אויפֿן טאַטן.
דער טאַטע כאַפּט זיך און זעצט ווייטער פֿאָר:
— יאָ, נישט דאָס בין איך אויסן... ווען איך בין נאָר אַראָפּ פֿון קעסט, בין איך באַלד געוואָרן שוחט אין קיעוו. הלוואַי וואָלט איך דאָרט געווען געבליבן. לייבל דער שוחט, וואָס האָט פֿאַרנומען מיין אָרט, איז היינט אַ גביר. אמת, ער האָנדלט דאָרט צו מיט פֿעדערן, אָבער אים איז גוט. איך האָב זיך דאָרטן אָפּגעפּלאָגט דריי לאַנגע יאָר. איך בין אָבער אַ גרויסער פּחדן, אַ טרוס — זיפֿצט אָפּ דער טאַטע שווער און בלייבט זיצן שטיל.
— פֿאַרוואָס? — פֿרעגט גערב.

דער טאַטע גיט בלויז אַ מאַך יאושדיק מיט דער האַנט אַנשטאָט אַ תשובה.
עס מישט זיך אַריין די מאַמע:

— עס זענען דעמאָלט געווען ביטערע יאָרן. מען האָט באַדאַרפט זיין פון אייזן זיי איבערצוטראָגן. פאַר אונדזערע כוחות איז דאָס נישט געווען. נאָר ווי גאָט פירט אַזוי איז גוט.

איצט קלערט אויף דער טאַטע:

— פאַרשטייט זיך, אַז אַ ייִד האָט דעמאָלט אויך נישט געטאָרט וווינען אין שטאָט. האָט מען זיך געמוטשעט אין די פאַרשטעטלעך אויסער דער שטאָט. אָבער צום אומגליק איז אין סלאָבאָדקע, ווו מיר האָבן געוווינט, געווען באַזעצט מיט אַן ערב־רב. גנבים, רוצחים, כוליגאַנעס און כלערליי אויסוואורפן. מען איז דאָרטן נישט געווען זיכער מיטן לעבן. עס איז געווען אַ סכנה אַרויסצולאָזן אַ קינד אויפן גאַס. ייִדיש האָב־און־גוטס איז געווען הפקר. אין מיטן העלן טאָג האָט מען גע־ראַבעוועט, געגזלט און גערצחנט און פאָליציי האָט זיך געמאַכט נישט וויסנדיק.

— עס איז אַ סברה, אַז די פאָליציי האָט געהאַט אַ חלק אין דעם — זאָגט אַ נאַיווע די מאַמע.

— אַ נייעס אין שטעטל — זאָגט דער טאַטע מיט אַן איראָניע. און די מאַ־מע זעצט פאָר:

— די רוצחים האָבן זיך פאַר קיינעם נישט געשראָקן. ווען אַ גויע האָט גע־טראָגן אין אַ טאָרבע עפּעס צו פאַרקויפן און איר האָט זי געפרעגט, וואָס אַזוינס זי האָט דאָרטן צו פאַרהאַנדלען, האָט זי זיך נישט געשעמט און געענטפערט: „דאָס זענען פעדערן פון ייִדישן בעטגעוואַנט”.

דער טאַטע הייבט אָן ווידער צו דערציילן:

— איך און מיין פייגל האָבן געלעבט אין הוילע ציטערניש און שרעק. ווען איך פלעג אַוועקגיין מיט די חלפים אין שעכטהויז, פלעגט זי שטיין כסדר ביי דער טיר און מיר אָפּוואַרטן ביז איך וועל צוריקקומען. זי פלעגט זיך קוים דער־וואַרטן מיר זען אַהיימקומען צוריק אַ לעבעדיקן. גרין און געל איז זי געוואָרן פון איבערקלערן. איך ווידער בין געלאָפן אָן אַ נשמה אַהין און צוריק, טראַכטנ־דיק וועגן איר און די קינדער. מיר האָבן סוף־כל־סוף איינגעזען, אַז עס איז נישט קיין פּלאַן אַזוי צו לעבן ווייטער. דאָס האַרץ קאָן זיך חלילה אָפּרייסן פאַר שרעק און ציטערניש. זענען מיר אַוועק פון קיעוו. איך האָב שוין קיין אַנדער ברירה נישט געהאַט, ווי פאָלגן מיין שווער און קומען קיין טאַלנע פאַר אַ שוחט. דאָ אין קליינעם שטעטל, האָט מען כאָטש נישט געהערט פון אַזעלכע צרות. פאַר דער חזקה האָבן מיר באַצאָלט אַ סך געלט. איך האָב אָבער אויף גאַרנישט געקוקט. איך האָב געזוכט מנוחה — אַביסעלע רויִקייט. אָבער אויך דאָ איז מיר נישט באַ־

שערט געוועז צו האָבן לאַנג קיין מנוחה. אין אַ שטיקל צייט אַרום, נאָך מיין באַזעצן זיך אין טאַלנע, האָט זיך צעפלאַקערט אַזאַ מחלוקת, וואָס איך קאָן אייך גאָרנישט אויסמאָלן.

גערב שפּרינגט אויף אומדערוואַרטעט און זאָגט צום טאַטן:

— אָט, אָט, דאָס האָב איך שוין לאַנג דערוואַרט צו וויסן. איך וויל דאָס טאַקע הערן פון אייך, פון אייער מויל. גיט מיר צו פאַרשטיין, וואָס איז דאָ אַזוינס פאָרגעקומען? איך קאָן דאָ ביי אייך אין טאַלנע קיין שום טאָלק נישט דערגיין. אַלע רעדן דאָ וועגן דעם „אַלטן", דעם הייליקן, ליכטיקן צדיק און וועגן דעם „יונגן", דעם אויסוואורף. אָבער עס גלייבט זיך קוים דאָס אַלץ, וואָס מען דערציילט אין שייכות מיט זיי.

דער טאַטע פאַרטראַכט זיך אַ רגע, גלעט דערביי די באָרד, דערנאָך זאָגט ער:

— נישט בלויז דאָ רעדט מען וועגן טאַלנער הויף, נייערט אומעטום. דער טאַלנער הויף איז געוואָרן אַ שם־דבר. אויף דער גאַנצער וועלט האָט מען געקענט דעם „אַלטן". לפּחות געהערט פון אים. אַ קלייניקייט עפּעס, ר' דודל טאַלנער! וואָס אַ שטייגער, וואָלט איר וועלן איך זאָל אייך דערציילן? וועגן דעם גלאַנץ און עשירות פון דעם טאַלנער הויף בכלל און בפרט וועגן דער גרויסקייט פונעם „אַלטן" זכר צדיק לברכה און אויך וועגן דער „ירידה", דאָס פאַלן פונעם הויף, קאָן מען אָנשרייבן אַ גרויס בוך. און עס דאַרף טאַקע קומען איינער, וואָס זאָל אָנשרייבן די היסטאָריע.

דער טאַטע שפּאַנט איבערן צימער און שטעלט זיך אָפּ אַנטקעגן גערבן, וואָס זיצט ביי אַ קאַלט געוואָרענער גלאָז טיי.

— איר גלייבט טאַקע, ר' שמאי, אַז דער „אַלטער" האָט באַוויזן די מופתים, וואָס מען דערציילט וועגן אים? — פרעגט מיטאַמאָל גערב.

אַלס ענטפער אויף דעם, טוט דער טאַטע אויס אַ רגע די יאַרמולקע און ווישט אָפּ דעם שטערן. ער שווייגט אַ ווײַלע און דערנאָך זאָגט ער:

— עס ווענדט זיך, וואָס ביי אייך הייסט אַ מופת. אויב נאָר שיסן מיט אַ בעזים, אָדער שפּרינגען איבערן ים, איז פאַרשטענדלעך, אַז אין דעם גלייב איך נישט.

דער טאַטע שפּאַנט ווידער אַהין און צוריק. דערנאָך שטעלט ער זיך אָפּ און נעמט ווידער רעדן:

— איך, פאַרשטייט איר מיר, בין אַן אייניקל פון אַ פאַרברענטן חסיד און אַ זון פון אַ פאַרביסענעם מתנגד. איך, פון מיין זייט, האָב מיר תמיד געהיט נישט צו ווערן קיין חסיד פון מתנגדות... אָבער אַ חסיד פון אַ רבין האָב איך שוין אַוודאי נישט געקאָנט זיין.

גערב לאַכט. דער טאַטע ציט אויס די האַנט צו גערבן אין אַ זשעסט, ווי אָפּצוהאַלטן אים פון לאַכן.

— וואַרט — זאָגט ער און הייבט אָן צו רעדן זייער שטיל — דעם „אַלטן" זכרונו לברכה, האָב איך נישט געהאַט די זכיה צו זען. איך האָב אָבער געהערט פון למדנים און פון קלוגע ייִדן, אַז עפּעס איבערנאַטירלעכס, עפּעס אויסערגע־ווײַנלעכס איז געווען אין אים. ווער עס האָט נאָר געזען די צורה זײַנע, איז צו אים צוגעצויגן געוואָרן ווי מיט אַ מאַגנעט. זאָגט מיר — רעדט פאַרטראַכט דער טאַטע — קאָן נאָך זײַן עפּעס שענערס און נוצלעכערס ווי גרויסע עדות ייִדן זאָלן ווערן אָנגעפּירט פון אַ חכם, אַ למדן, אַ צדיק, אַ מענטש מיט אַ גרויס ייִדיש האַרץ און מיט אַלע מעלות וואָס אַ בן־אדם קאָן זיך ווינטשן? קיינער לייקנט נישט, אַז ער האָט פאַרמאָגט אין זיך אַ גרויסן כוח. אַנדערש וואָלט זיך אים נישט געווען אײַנגעגעבן צו פאַרזאַמלען אַ סך, אַ סך הונדערטער, אויב נישט טויזנטער ייִדן בײַ זײַן טיש און דערוועקן בײַ זיי די שענסטע געפילן און פאַר־לאַנגען. מאַכן אַז זיי זאָלן זיך אויסטאָן פון אַלע זייערע קלייניקע וואָכעדיקע זאָרגן און אויפהייבן זיך צו אַ העכערע מדרגה פון באַגערן. די מענטשן, פרײַער אומבאַקאַנטע צווישן זיך, האָבן זיך ליב באַקומען ווי ברידער, האָבן אַרויסגע־האָלפן איינער דעם אַנדערן מיט וואָס נאָר מעגלעך. זיי אַלעמען האָט פאַראיי־ניקט אַ גרויסע באַגייסטערונג און פאַרן רבין זענען זיי גרייט געווען אָפּצוגעבן ממש דאָס לעבן. איז דאָס נישט קיין גרויסע זאַך?

— נו, און ווען דער רבי איז געשטאָרבן — פרעגט גערב — איז טאַקע פינצטער געוואָרן אין מיטן העלן טאָג?

דער טאַטע קוקט אויף אים פאַרחידושט און בייז.

— איך ווייס נישט — זאָגט ער שאַרף — איך בין דערבײַ נישט געווען, קאָן איך אײַך דעריבער נישט זאָגן צי עס איז געווען כמאַרנע אין דרויסן, צי עס איז געווען אַ ליקוי־חמה אין יענעם טאָג. צי די מענטשן איז גלאַט געוואָרן פינצ־טער אין די אויגן ווען דער צדיק איז נפטר געוואָרן. איין זאַך קאָן איך אײַך יאָ זאָגן: אין „הויף" איז זיכער געוואָרן פינצטער, ווען נאָך דעם גרויסן צדיק איז אויף זײַן כסא־הכבוד אַרויף אַזאַ נואף, אַזאַ מנובל, אַז אויסוווּרף.

— זײַט נישט בייז ר' שמאי — זאָגט גערב שטיל — אָבער אין דעם גלייבט זיך מיר אויך נישט. עס לייגט זיך מיר נישט אויפן שכל, אַז פונקט בײַם צדיק אין הויף זאָל אויסוואַקסן אַזאַ מין סאָרט מענטש. איך מיין אַז מען טרײַבט אַ שיין ביסל איבער.

— דאָס לייגט זיך שוין גראָד יאָ אויפן שכל. איך וועל דאָס אײַך געבן צו פאַרשטיין. ווען דער „אַלטער" האָט געליטן דעם גרויסן קלאַפּ, ווען עס איז בײַ־

אים געשטאָרבן זיין בן־יחיד פון דרייסיק יאָר, וואָס עס איז אַ סברה, אַז ער וואָלט נאָך איבערגעשטיגן זיין גרויסן פאָטער, האָט דער רבי נאָכן גרויסן אומגליק זיך כמעט צוריקגעצויגן פון דער וועלט, האָט זיך אָפּגעזונדערט פון מענטשן. זעלטן ווען ער האָט זיך באַוויזן אויף אַ פּאָר מינוט ביים טיש. לאַנג האָט ער שוין אויך נישט אָנגעצויגן. ער איז גאָר בקרוב נאָכגעגאַנגען דעם זון... אויף זיין אייניקל, דעם תכשיט, האָט דער אַלטער זכרונו לברכה, נישט געלייגט קיין שום אַכט. מיט זיין שאַרף אויג האָט ער אַ פּנים תופס געווען, אַז פון דעם קינד וועט קיין לייט נישט אויסוואַקסן. דאָס יִינגל איז פון גאָר קליינערהייט אָן געווען אָנגעוויזן נאָר אויף דער מוטער און זי, די מאַמע זיינע, האָט אים שטענדיק נאָר געצערטלט, געפּאַשעט און געבאַלעוועט. לערנען האָט ער נישט געוואָלט און קיינער האָט אים דערצו נישט געצוווּנגען. ער איז געוואַקסן אין גרויס לוקסוס. דער הויף איז געווען זייער רייך, מחמת די גרעסטע גבירים פון דער גאַנצער גובערניע זענען געווען געוווינט צו פאָרן צום רבינס טיש און דאָרט לאָזן גרויסע סומעס געלט. די גבאים, אינטריגאַנטן און חניפהניקעס, האָבן אים דאָס איבעריקע איבערגעפירט. די „מיניסטאָרן" אירע און טאַקע זי אַליין, די „מאַריאַ פּיאָדאָרעוונאַ", האָבן שוין פאַרשטאַנען ווי אַזוי צו פירן דעם הויף. אים האָט מען פּרי התונה געמאַכט און פון קרוינפּרינץ איז ער אין גיכן געוואָרן דער גאַנצער הערשער.

— איך פאַרשטיי נישט, — פאַלט אַריין גערב דעם טאַטן אין די רייד — ווער איז דאָ די „מאַריאַ פּיאָדאָרעוונאַ"?

— וואָס הייסט, איר ווייסט נישט ווער? — פרעגט דער טאַטע פאַרוווּנדערט.

— איך ווייס אַז דעם קייסערס מוטער הייסט אַזוי — ענטפערט גערב

— נו, דערפאַר טאַקע האָט טאַלנע זי געקרוינט מיט דעם דאָזיקן נאָמען. דעם „יונגנס" מאַמע, דעם „אַלטנס" שנור, סימעלען, פּאַסט גוט דער דאָזיקער נאָמען. אויף טאַלנע קאָנט איר זיך פאַרלאָזן...

גערב שמייכלט און דער טאַטע דערציילט ווייטער:

— סימעלע איז זייער אַ קלוגע. איך קען זי, ווייל זי האָט אונדז נישט איינמאָל געשיקט רופן, מיר און נאָך אַזעלכע. זי האָט זיך געפּרוווט אונדז אַריבערציִען אויף זיין צד. מיך האָט מען אַפילו אין אַ צייט — דעמאָלט, ווען איך בין, נישט היינט געדאַכט, אָפּגעברענט געוואָרן — געוואָלט אונטערקויפן מיט אויסבויען מיר אַ שטוב. זי האָט זייער גוט פאַרשטאַנען ווי אַזוי צו פירן די מלוכה.

— באַלד אין סאַמע אָנהייב האָבן זיך געשאַפן די צוויי צדדים? — פרעגט גערב.

— עס קאָן זיין — ענטפערט דער טאַטע — ווען מען זאָל דאָס נישט גע־וועזן טשעפען, נאָר לאָזן דאָס גיין, ווי עס גייט, וואָלט דאָס פון זיך אַליין בטל געוואָרן, ווייל דעם הויף האָט געפעלט די נשמה. מיר זענען אָבער געווען יונג און היציק, האָבן מיר דאָס נישט געקאָנט תופס זיין און פאַראויסזען. טאַלנע — דאַרפט איר וויסן — האָט דעם הויף נישט אויסגעהאַלטן, נאָר פאַרקערט: די שטאָט האָט געלעבט פון הויף. איר זעט איצטער דעם רבינס הויף? עס איז אַפילו נישט קיין פערטל פון דעם, וואָס עס איז געווען פריער. דאָרט, ווו עס איז די בית־השחיטה זענען געשטאַנען די קיכן און די אַלע הינטערשטע הייזער, זענען געווען שטאַלן. אַ גאַנצע שטאָט איז דאָס געווען. היינט איז דאָס צעטיילט און איבערגעבויט. נו, האָט איר דען אַן אָנונג, וואָס מען האָט אין דעם הויף אויפ־געגעסן און אויסגעטרונקען? אַ סך קרעמער, קצבים, ווייַנשענקער, פישער און סתם בעלי־מלאכות זענען געווען פאַרבונדן מיט דעם הויף, געלייזט געלט און געאַרבעט פאַרן הויף. אָבער מיר האָבן דאָס אַלץ נישט פאַרשטאַנען.

— דער רבי האָט זיך אַרומגערינגלט מיטן פּראָסטן נאַראָד — מישט זיך אַריין די מאַמע.

— וואָסער נאַראָד? — דערווידערט איר דער טאַטע — קיין לייטישער בעל־מלאכה האָט אים נישט געשטיצט. אים האָט גאָרנישט געלוינט זיך צו מישן! אַזעלכער האָט ביי זיך געטראַכט: כאַפּט זיי אַלעמען דער רוח, סיי די איידעלע יידן, סיי דעם רבין... דער רבי האָט זיך אַרומגערינגלט מיט הפקר־יונגען, מיט אויסוואורפן. זיי האָט ער געשטיצט קעגן די איידעלע יידן, וואָס מיאוסן זיך, כלומרשט, צו זיצן מיטן המון ביי איין טיש. קיין נאַר איז ער נישט דער כלב. עס זענען דאָ פאַראַן בעלי־עגלות און קאַוואַליעס. יונגערהייט זענען דאָס געווען אַ מסוכהנע חברה. זיי פלעגן זיך גיין שלאָגן אויף טויט.

— מיט הענטשקעס אַזוינע — וואַרפט אַריין די מאַמע אַ באַמערקונג.

— טייל באַלעבאַטים פלעגן גיין צום טיש, פשוט פאַר מורא. פרעגט גאָר־נישט וואָס דאָ האָט זיך אָפּגעטאָן! — פאַרגלאָצט דער טאַטע די אויגן — תחילת זענען מיר געווען אַ סך יונגעלייט, וואָס האָבן זיך קעגנגעשטעלט, געגוואַלדע־וועט, געליאַרעמט: „סטייטש, עס איז אַ חרפה, אַ בזיון! מיר וועלן נישט דער־לאָזן אַזאַ שווינדל, אַזאַ הפקרות! עס איז אַ חילול־השם!" — אָבער נאָך די ער־שטע קלעפּ, וואָס זיינע שלעגער האָבן איינגעטיילט, איז געוואָרן אַ מורא, אַ פחד. אַן אימה איז אָנגעפאַלן אויף אַלעמען. איך קאָן אייך גאָרנישט אויסמאָלן וואָס פאַר אַ בהלה עס איז געוואָרן.

— מען איז געווען הפקר — זאָגט די מאַמע, — פּאָליציי איז געווען אָפּגע־

קויפט, אַפילו אין דער גובערניע — גיט זי צו שטיל, ווי זי וואָלט דערציילט עפּעס אַ סוד.

גערב שאָקלט אומצוטרווילעך מיטן קאָפּ.

— וואָס, איר גלייבט נישט? — שרייט כמעט דער טאַטע — אליהו גראַנאַדיר, טאַקע משה גראַנאַדירס ברודער, האָבן זיי געשלאָגן מכות רצח, אַז ער איז פון די קלעפּ געשטאָרבן. און ווען די פאַמיליע האָט דערלאַנגט וווהין מען דאַרף, האָט גאָרנישט געהאָלפן. „נישטאָ קיין באַווייז", — איז געווען די תשובה.

— מיינער — זאָגט די מאַמע — ווען ער פלעגט גיין אין גאַס, איז ער שטענדיק געגאַנגען באַגלייט פון זיין גוואַרדיע...

דער טאַטע לאַכט.

— איינער אַליין, — זאָגט ער — האָט זיך קיינער פון אונדז נישט איינגעשטעלט צו גיין. מיר פלעגן זיך צונויפזאַמלען אַמאָל ביז דרייסיק פּערזאָן.

— יאָ — רופט זיך אָפּ גערב — אברהם דער חזן האָט מיר וועגן דעם דערציילט. ער האָט מיר איבערגעגעבן, ווי אַזוי איר האָט איבערגעצויגן אויף אייער צד אַלע קצבים און שינדער־יונגען.

— שטותים — ענטפערט דער טאַטע פאַרשעמט — אברהם איז אַ בעל־גוזמא. שטעלט אייך פאָר, אַז פון דעם תכשיטס גענג און הוליאַנקעס האָבן די דאָזיקע לייט געוווּסט בעסער ווי איך. מיר איז נישט געגאַנגען אין לעבן, צו טשאַטעווען און נאָכקוקן, כדי צו וויסן, צי קריכט ער צו מייטען צי נישט. ווייל, ווען נישט אַ שטייגער, הייסט עס, אַז ער איז שוין יאָ אַ רבי?

— אָט די מייטע, זי איז דאָס די לילית וואָס מען זאָגט? — פרעגט גערב — איז דאָס טאַקע אמת וואָס מען דערציילט? ווער איז זי אייגנטלעך געווען?

— וואָס, איר ווילט וויסן איר יחוס? — לאַכט דער טאַטע.

— זי איז געווען דוד מאַטעלעס אָם — זאָגט די מאַמע — ווען דעם רבינס ערשטער זון איז געבוירן געוואָרן, האָט מען זי געבראַכט פון אַ דערבייאיקן שטעטל. תחילת פלעגט צו איר קומען אַ מאַן, וואָס פלעגט באַלד פאַרשווינדן. נאָר דערנאָך האָט ער אינגאַנצן אויפגעהערט צו קומען.

— מיר האָבן געהאַט דעם כבוד צו ווינען פּונקט אַנטקעגן איר שטוב — זאָגט דער טאַטע מיט איראָניע.

און די מאַמע דערציילט:

— זי מיטן קינד האָבן געווינט אין אַ באַזונדער שטיבל. זי האָט געלעבט אַ משוגענעם טאָג. געטאָן האָט זי גאָרנישט. מען האָט איר נאָך באַדינט. עסן פלעגט מען איר טראָגן פון הויף, פון שענסטן און בעסטן. פאַרפּוצט איז זי געגאַנגען ווי אַ בת־מלכה. אַ הולטאַיקע איז דאָס געווען — זיפצט די מאַמע — זי

איז זיך אַרומגעגאַנגען מיט די אייגענע האָר, מיט אַראָפּגעלאָזטע צעפּ ווי אַ שיקסע. ווען עמעצער איז אָנגעקומען, האָט זי כלומרשט געכאַפּט און אויף גיך צוגעדעקט דעם קאָפּ. אַ פּאַרשון אַ קראַסאַוויצע, פּשוט אין צורה נישט צו קוקן...

— דעם שיינעם גבאיניו וואָלטן געמעגט די אויגן אַרויסקריכן פאַר אַזוכן אַזאַ סחורה — רופט זיך אָפּ דער טאַטע און שפּייט דערביי אויס בייז אין זיין שפּייקעסטל אַריין.

— שוין, זאָל זיין אַזוי — ענטפערט די מאַמע און רעדט ווייטער צו גערבן:

— ווען אַ קינד איז קליין, טאָר מען עס אַמאָל נישט אַרויסנעמען אויף דער קעלט. און אַ טאַטע וויל זען זיין קינד, איז ער עס געגאַנגען זען צו איר, ווו דאָס קינד האָט זיך געפונען. אָבער פאַרוואָס קומט איר אַ לעבנס־פּענסיע, דער חצופה? דער קליינער איז שוין געגאַנגען אין חדר אַריין און אַלע אין שטאָט האָבן געהאָט צו טאָן מיט אים און ער האָט זיך אַלץ געלאָזט ווילגיין, גלייך ווי נישט אים מיינט מען.

— פונדעסטוועגן, וואָסער זיכערקייט איז פאַראַן, אַז די אַלע רעדעכצן זענען אמת? — פרעגט גערב — מאַלע וואָס...

דער טאַטע לאָזט אים נישט ענדיקן. ער שטרעקט אויס די האַנט צו אים:

— איר ווילט וויסן, ווי אַזוי אַרום איך האָב מיר איבערצייגט דערין?

גערב גיט זיך אַ הייב פאַר נייגעריקייט. די מאַמע ווישט זיך אָפּ די ליפּן. זי לייגט אַוועק דעם זאָק, וואָס זי שטריקט און פירט מיט די אויגן פון דעם טאַטן צו גערבן און פון גערבן צום טאַטן.

דער טאַטע הייבט אָן:

— מיין עלטערע טאָכטער, ריסל, איז קליינערהייט געווען פונקט אַזאַ פּלאַפּלערן ווי זי... — ווייזט דער טאַטע אָן אויף מיר — געוווינט האָבן מיר אין יענער צייט, ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט, אַנטקעגן מייטען. האָט זיך די קליינע געמאַכט אַ מאָדע צו גיין צו מייטען אין שטוב אַריין. מיין פייגל האָט זיך געבייזערט, נישט געוואָלט זי לאָזן גיין אַהין. דאָרטן אָבער איז געווען פריילעך, געלעכטער און אַ סך נאַשעריי. האָט עס זי געצויגן אַהין. אַ קינד בלייבט אַ קינד. איר מיינט אַוודאי, אַז איך האָב מורא געהאַט, אַז זי זאָל „חלילה נישט קאַליע ווערן", הייבט זיך דאָס נישט אָן. געווען נאָך אַ פּיצל קינד, איז וואָס איז דאָ געווען מורא צו האָבן? איך האָב מיר פּשוט געשראָקן, טאָמער ווערט מען דורך איר געוווּיר, וואָס מען רעדט אין שטוב, וואָלט מען נישט זיכער געווען מיטן לעבן... בקיצור, — זאָגט דער טאַטע — די קליינע איז איינמאָל געקומען פון מייטען און דערציילט, אַז דאָרטן איז געווען כאַסיע, וואָס האָט געדינט אין הויף ווי אַ „פּאָקאָיאָווע". די דאָזיקע כאַסיע איז אויך געווען אַ קליינע צנועה. האָט

מײַטע איר דערצײלט, אַז זי האָט אָנגעקוקט בײַם גאָלדשמיד אַ בראָסלעט באַ־זעצט מיט דימענטן. זי האָט זיך געװוּנטשן מיט כאַסיען, אַז מאָרגן װעט זי דעם בראָסלעט האָבן. זײ האָבן זיך געװוּנטשן אויף אַ האַלב קערבל און זי, ריסלען, האָבן זײ געמאַכט פֿאַר אַן עדות. מיר האָבן נישט געלײגט קײן שום אַכט אויף דער קלײנערס פּלאַפּלערײען, מאַלע װאָס אַ קינד פּלאַפּלט דאָרט... נאָר פּונקט האָט זיך געמאַכט, אַז דעם גאָלדשמידס זון, לײזער, איז געװען מײַן בעסטער גוטער פֿרײַנט. דרך אגב, איז ער אַן אויסגעשפּילטער יונגערמאַן, אַ גרויסער קענער פֿון העבֿרעיִש. זײַן העבֿרעיִש װאָלט אײך שוין יאָ געפֿעלן געװאָרן.

די מאַמע האַלט נישט אויס און מישט זיך אַרײַן:

— ער האָט געהאַלטן עקזאַמען אויף אַלע אַכט קלאַסן מיט אײן מאָל און האָט אויסגעהאַלטן אויף אַלע „פּרעדמעטן". נאָר פֿאַר זײַן אַקצענט פֿון דער רו־סישער שפּראַך איז ער דורכגעפֿאַלן.

— יאָ, ער איז דורכגעפֿאַלן, — איז מודה דער טאַטע — אָבער ער האָט שוין אײן מאָל אַ קאָפּ אויף זיך! און טאָמער האָבן די כוליגאַנעס געלאַכט פֿון זײַן שפּראַך, איז עס נאָך אויך נישט קײן סימן, אַז ער האָט טאַקע נישט געקאָנט. אַ חוץ דעם איז ער אַן אויסגעצײכנטער בעל־מלאכה און ביז ער איז אַװעק פֿון טאַלנע, האָט ער זיך געהאַלטן בײַ זײַן פֿאַך, נישט אַזוי װי די אַלע הײנטיקע — װײַזט דער טאַטע אַן אויפֿן פּענצטער — װאָס קוים ענדיקט מען אַ פּאָר קלאַסן, װאַרפֿט מען שוין אַװעק די אַרבעט און מען לויפֿט אַרום מיטן טײטל, געבן „אור־ראָקן"; מען האַלט דרשות װעגן אַרבעט און אַרבעטער, נאָר אַרבעטן זאָל יענער... דער עיקר: לײזער דער גאָלדשמיד איז געװען אַן אַנטיק. אַ יונגערמאַן אין מײַנע יאָרן. מיר האָבן זײער ליב געהאַט צו כאַפּן אַ שמועס, אָבער איך בין צו אים נישט געגאַנגען צו גאַסט און ער נישט צו מיר. נאָר לאָמיר זיך אומקערן צו אונ־דזער ענין. אויף דעם אַנדערן טאָג, נאָך דעם װי מײַן קלײנע האָט מיר דערצײלט װעגן בראָסלעט, מיט דעם געװוּנטש, בין איך מיר אויפֿגעשטאַנען גאַנץ פֿרי. איך האָב געשטעלט דעם סאַמאָװאַר. מײַן פֿײגל איז זיך גראָד פֿאַרשלאָפֿן. אַ גאַנצע נאַכט האָט זי געהאַט צו טאָן מיט אַ קינד, צוליב די צײנדלעך... איך מאַך מיר גרײט צו גײן דאַװנען מיטן ערשטן מנין איך גיב אַ קוק, לײזער גאָלדשמיד גײט צו מיר. װאָס איז? װער איך פֿאַרחידושט. דערצײלט ער מיר און ציטערט אַזש און װײנט דערבײַ: עס איז אַ חרפּה און אַ בושה פֿאַר דער װעלט. מיר טאָרן נישט דערלאָזן אין טאַלנע אַזאַ שאַנד! ער װײַזט מיר הונדערט פּופֿציק קערבלעך און זאָגט צו מיר בזה הלשון: „איר זעט, דאָס װאָס איך גײ אײַך דערצײלן, איז נישט קײן חלום. אָט האָב איך דאָס געלט. און הערט זיך צו: נעכטן איז געקומען די זונה און האָט אָנגעקוקט דעם בראָסלעט. איך האָב פֿאַר אים געבעטן הונדערט

פופציק רובל און צען אַזייגער בייגאַכט איז געקומען דער גבאי פון הויף מיט אַ גרויסן לאָמטערן אין האַנט און מיר דערציילט אַ מעשה, אַז ער מוז שוין קויפן פאַר זיין זונס כלה אַ מתנה. ער האָט זיך נישט געדונגען, האָט באַצאָלט און גע־נומען דעם בראַסלעט"... דערהערט די דאָזיקע מעשה, האָב איך מיר תיכף דער־מאָנט ריסלס פלאַפלעריי און אַלץ איז מיר געוואָרן קלאָר. איך בין געוואָרן אוי־סער זיך פון דער מעשה.ביידע זענען מיר אַריין אין בית־מדרש. קיינער, חוץ משהלע בעל־עגלה, איז נאָך דאָרטן נישט געווען. איר קענט דאָך אים, דעם אַלטן. טאַלנע האָט אים געגעבן אַ צונעמעניש „דער רמבם", ווייל ער איז אַ קלוגער און האָט אַ גוטן קאָפּ. מיר האָבן אים דערציילט די גאַנצע מעשה. ווייסט איר, וואָס ער האָט אונדז געענטפערט? „איך גלייב אויף אים, אַלץ וואָס איר זאָגט" — מאַכט ער צו אונדז. „ער איז, וואָס אין דער קאָרט" — זאָגט ער. „אָבער ער איז דאָך פאָרט אַ צדיק!"...

דער טאַטע לאַכט מיט גיפט.

— אַנטקעגן דעם, וואָס איר זאָגט „דער נאַראָד", עולם־גולם — גיט ער צו מיט ביטול.

גערב פאַרטראַכט זיך. נאָך אַ ישוב־הדעת רופט ער זיך אָפּ:

— אָט זעט איר, און איך האָב נישט געוואָלט גלייבן די אַלע מעשיות, וואָס אברהם דער חזן האָט מיר דערציילט.

— אברהם — זאָגט דער טאַטע — האָט דעמאָלט איינגעשטעלט זיין לעבן. ער איז געווען אַ בעלן אים נאָכצושפּיאָנירן. ער האָט גענוג קלעפּ געכאַפּט, כאָטש ער באַרימט זיך, אַז ער האָט אויך געטיילט קלעפּ... פונדעסטוועגן גלייב איך, אַז אהרן דער קאָוואַל האָט געקאָנט בעסער שלאָגן ווי ער. אים איז נישט אָנגעשטאַ־נען צו גיין מחנותווייז. ער איז אַ גרויסער גדלן.

— אַ פעסטער ייִד, אַ געזונטער — לויבט אים גערב.

דער טאַטע צעלאַכט זיך מיט חוזק, נאָר האַלט זיך באַלד אָפּ.

— וואָס ווייסט איר, וואָס רעדט איר „אַ געזונטער פעסטער ייִד?" — אברהמל איז געווען אַ גבר, אַ פאַרשוין, אַ גיבור! און היינט זיין פריילעכקייט, זיין געוואַגטקייט!

ביים טאַטן רייסט זיך אַרויס אַ קרעכץ. מען פילט, אַז עס קומט ביי אים אַרויס פון דער סאַמע טיפעניש.

— עס איז פון אים אַפילו קיין העלפט נישט געבליבן, — זאָגט ער — קיין סימן נישט פון אַמאָליקן אברהמל. אַש און פאָרך איז פון אים געוואָרן. ער איז נאָך אַזוי אויך גענוג אַ העלד. איך פאַרשטיי נישט ווי אַזוי ער האַלט דאָס אויס.

— צער בנים — שאָקלט די מאַמע טרויעריק מיטן קאָפּ — מען זאָל גאָר־

נישט געפּרוּווט װערן דערמיט. דאָס װײַב זײַנס האָט אַ האַרץ־פּעלער. הלוואַי זאָל איך ליגן זאָגן. זי איז מיר לעצטנס גאָרנישט געפעלן — װישט די מאַמע אָפּ בגניבה אַ טרער.

— ער האָט קינדער „פּאַליטיטשעסקע״? — פרעגט גערב.

— אַלץ הייסט „פּאַליטיטשעסקע״ — זאָגט דער טאַטע — איך, וואָס בין אַ פּרעמדער, האָב דעמאָלט שיעור נישט אָפּגעלייזט צוליב זײַן זון... איר ווייסט דאָך שוין וואָס פאַר אַ בריה איך בין. פון צייט צו צייט ווייזט זיך מיר בלוט אין לייכעץ. גיב איך אַ שפּיי און דערזע בלוט. האָב איך שוין אַזאַ רפואה, טראָפּנס אַזעלכע, נעם איך זיי. חוץ דעם ליג איך רויק און שלינג אייז, ביז עס גייט איי־בער. אָבער אַזאַ פאַל האָב איך נאָך קיינמאָל נישט געהאַט. ווען עס איז געגאַנ־גען דער פּראָצעס אין פּעטערבורג פון זײַן איציקל מיט זײַנע חברים, האָט עמע־צער געבראַכט אין בית־מדרש אַ בלאַט און האָט דאָרטן איבערגעלייענט, אַז דער פּראָקוראָר בעט טויטשטראָף פאַר איציקלען. אינעווייניק האָט זיך מיר געגעבן אַ קאָך איבער און פון מויל האָט זיך געגעבן אַ גאָס דאָס בלוט, אַזוי ווי פון אַן אָפענעם קראַן. די גאַנצע וואָך דערנאָך בין איך געלעגן און געשלונגען אייז.

— אָבער דער זון זײַנער לעבט דאָך — זאָגט גערב.

— אויך מיר געלעבט! — קרעכצט ביטער דער טאַטע — אייביקע קאַטאָר־גע... ווי איז דאָס גאָר מעגלעך אין דער וועלט אויסצוהאַלטן?

— ביי גאָט איז מעגלעך, אַז ער זאָל אַלע רוצחים איבערלעבן — זאָגט שטרענג די מאַמע — דו, שמאי, ווייסט בעסער פון מיר — מוסרט זי דעם טאַטן — אַז אין אונדזערע הייליקע ספרים זאָגט זיך, אַז כל־זמן עס רירט זיך אַן אבר, טאָר מען די האָפענונג צו גאָט נישט פאַרלירן.

דער טאַטע שפּאַנט נערוועז איבער דער שטוב. עפּעס פּלאָגט אים.

— ווען איר ווייסט — זאָגט ער צו גערבן — וואָס פאַר אַ גאָלדענעם קאָפּ דער בחור פאַרמאָגט! איך גלייב, אַז איך זאָג נישט קיין ליגן: מיר דוכט זיך, אַז ער האָט נאָך אַ בעסערן קאָפּ פון מײַן דודן. ביי מײַנעם איז דער זכרון אַ גוטער, אַן אײַזערנער זכרון, ווי מען זאָגט, אָבער די תפיסה איז ביי איציקלען אַ שאַר־פערע. ער כאַפּט אויף און באַנעמט אַ זאַך אַ סך שנעלער. און אַ קלוגער איז ער — אַ דורכגעטריבענער יונג!

דער טאַטע רייסט איבער דאָס דערציילן, צעלאַכט זיך פּלוצלינג און זעצט פאָר ווייטער:

— ווען ער איז געווען אין דער היים, איידער ער איז אַריינגעפאַלן, האָט מיר דערציילט אברהם, האָט די מוטער געהאַלטן אין איין בעטן זיך ביי אים, ממש געחלשט און געפאַלן אים צו די פיס. ער, דער פאָטער, האָט געהאַלטן אין

איין איינטענהן: „געוואַלד געשריגן! פאַרוואָס ברענגסטו אום דיין יונג לעבן? פאַר וועמען גייסטו אויף קידוש־השם? פאַר דעם רוסישן פאָלק, וואָס דאַנקט אונדז אָפּ מיט פּאָגראָמען? נעם, גיב אַ קוק אין דער היסטאָריע, שטענדיק האָט מען דעם יידישן פאָלק אָפּגעדאַנקט מיט שטיינער, פאַר זיין מפקיר זיין זיך פאַרן לאַנד. טאָ פאַרוואָס ביסטו מפקיר דאָס לעבן פון דיין מאַמען און טאַטן און דיין אייגן לעבן?". האָט ער, איציקל, אויף יעדן וואָרט צען תירוצים. „אַמאָליקע צייטן איז געווען עפּעס אַנדערש. אַמאָל האָט דאָס אָרעמע, דאָס פּראָסטע פאָלק נישט פאַרשטאַנען און נישט געוווּסט דעם אמת און היינט מאַכט מען, אַז דאָס פּראָס־טע פאָלק, די אַרבעטער און פּויערים און אַלע אָרעמע און אָפּגעשטאַנענע זאָלן וויסן און פאַרשטיין. און ער, איציקל, צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע קעמפן פאַר אַ צוקונפט פון פרייהייט און גערעכטיקייט. אַז יעדן איינעם זאָל ווערן גוט און עס זאָל ווערן לייכט צו לעבן אַלעמען און במילא וועלן יידן אויך געהאָלפן ווערן דערפון". פּאָלט אברהם אויף אַן עצה. ער זעט דאָך שוין, אַז ער שפּילט זיך דאָ מיט פייער און קיין שום טענות ומענות וועלן שוין דאָ קיין פּעולה נישט האָבן. זאָגט ער אים אַזוי: „ווייסטו גאָר וואָס? פאָר אַוועק קיין אויסלאַנד. איך וועל זיך אָנטאָן אַ כוח און דיר העלפן, אַז זאָלסט דאָרטן קענען לערנען, שטודירן אין אוני־ווערסיטעט. און אויב דו ווילסט און מוזט דווקא זיין אַ „פּאָליטיטשעסקע", ווייס איך, אַז עס זענען פאַראַן אין אויסלאַנד אַ סך פון דיין חברה, וואָס אַרבעטן דאָרטן פאַר דער רוסישער רעוואָלוציע, וועסטו זיין איינער פון זיי". ווערט דער בחור ערנסט און ענטפערט דעם פאָטער בזה הלשון: „איך לייקן נישט טאַטע, אַז דו און שמאי דער שוחט, האָבן זייער גוטע קעפּ און זענט באמת מוטיקע מענטשן, וויבאַלד אייך האָט זיך איינגעגעבן דורכצופירן די „רעוואָלוציע" דאָ אין טאַלנע און אַרויסיאָגן פון דאַנען דעם רבין... אָבער זעסטו, אויף אַראָפּצו־וואַרפן די „סאַמאָדערזשאַוויע" (זעלבסטהערשאַפט) און אָנפירן די רעוואָלוציע אין גאַנץ רוסלאַנד — גלייב איך, טאַטע, אַז עס זענען פאַראַן נאָך בעסערע קעפּ ווי אייערע"... נו, האָט איר עפּעס צו אים — פאַרענדיקט דער טאַטע מיט אַ שמייכל.

גערב זיצט די גאַנצע צייט פאַרטראַכט. ער האָט געקוקט דעם טאַטן גלייך אין מויל אַריין און זיך צוגעהערט אויפמערקזאַם צו איטלעך וואָרט.

— עס איז באמת אַ שאָד — רופט ער זיך אָפּ שטיל, מיט אַ באַדויער אין קול — עס איז אַגרויסער שאָד, וואָס צוליב אַזאַ מנובל, ווי דער מסור, דער גע־וועזענער בעל־טאַקסע, זאָל אומקומען אַזאַ גרויסער העלד, זאָל פאַרלירן ווערן אַ יונג און וויכטיק לעבן, וואָס וואָלט געקאָנט ברענגען אַ סך נוצן.

דער טאַטע צעעפנט ברייט די אויגן און קוקט פאַרחידושט אויף גערבן.

— וואָס קער זיך אָן דער מסור מיט דעם דאָזיקן ענין? — פרעגט ער פאַר־וווּנדערט.

— נישט איציקל האָט דאָס אָוועקגעלייגט דעם דאָזיקן פאַרשוין? — פרעגט איבערראַשט גערב — מיר האָט מען אַזוי דערציילט.

— עס הייבט זיך נישט אָן — ענטפערט דער טאַטע — איציקל, איז זאָל זיך אייך דוכטן, איז אַריינגעפאַלן פאַר אַ גרעסערן העכט. ער און דעם ווייַנ־שענקערס טעכטער און נאָך אייניקע חברהלייט אַרבעטן אין פעטערבורג. וואָס, איר האָט קיינמאָל נישט געהערט זיך חכמהנען דעם היגן לץ, בעניען, אָדער ווי מען רופט אים אויפן צונעמעניש „בעניע פלוט"? ער זאָגט, אַז דעם ווייַנשענ־קערס מיידן האָבן זיך נישט באַגנוגנט דערמיט וואָס זיי האָבן געזידלט דעם קייסער הינטער די אויגן, זענען זיי געפאָרן קיין פעטערבורג, כדי אים צו צווי־קען אין די אויגן. איר שפּילט זיך מיט טאַלנע! וואָס מען קאָן דאָ אַלץ געפינען! ביי אונדזער בחור, ביי איציקלען הייסט עס, האָט מען געפונען באָמבעס און ער האָט זיך געיאָגט נאָך גאָר גרויסע העכט.

— וואָס, פון די טעראָריסטן? — פרעגט גערב קורץ און קוים וואָס מען הערט אַ וואָרט.

דער טאַטע שאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ.

— גיט מיר צו פאַרשטיין דעם שכל — ווענדט זיך דער טאַטע צו גערבן — ווי קומט צו אברהמס זון אַזאַ שטאַרקייט און וואָסער שייכות האָט ער, איך בעט אייך, מיט באָמבעס?

גערב הייבט מיט די פּלייצעס און זאָגט פאַרטראַכט:

— פרעג קשיות היינטיקע צייטן. אַ שיטה אַזאַ. מיר פאַרדריסט בלויז, פאַר־וואָס איך האָב געמיינט, אַז דאָס האָט ער אָפּגעטאָן דאָס „שטיקל אַרבעט" טאַקע דאָ, אין טאַלנע. ווערליק מען האָט מיר דערציילט, איז אַזוי אויסגעקומען.

— איר האָט איבערגעקערט דעם פעלץ מיט די שמויסן אַרויף — לאַכט דער טאַטע — און פאַרגעקומען איז פונקט קאַפּויער: דער מסור פון טאַלנע, וועמען זיי האָבן אָפּגערוימט פון וועג, ווי זיי דריקן זיך אויס, האָט גאָר באַצאָלט מיט זיין פעל פאַר איינעם פון דער חברה; דער „חברהמאַן" האָט געהייסן מאיר ווי־נאָקור און דער בעל־טאַקסע, דער מסור האָט אויך געהייסן מאיר. מען דאַרף זאָגן להבדיל. מאיר בלאַנק האָט מען אים גערופן.

— דערפאַר זאָגט מען דאָך אין טאַלנע אַ ווערטל, אַז אַ מייער צו אַ מייער איז נישט גלייך... — וואַרפט אַריין די מאַמע אַ באַמערקונג.

— אָט דעם, זעט איר, מאיר ווינאָקורן, קאָן איך פאַרשטיין — זאָגט דער טאַטע און ווייזט אָן אויפן קאָפּ — ער האָט געהאַט אמונה אין זיין סאָציאַליזם,

אַזוי ווי אַ פרומער ייִד האָט אמונה אין תורת־משה. ער האָט געגלייבט אין דעם כוח פון בילדונג, אויפקלערונג און וויסן און געזען אין דעם די לייזונג פון אַלע אומגערעכטיקייטן און דערפאַר האָט ער אָפּגעגעבן זיין לעבן. ער פלעגט גיין פון דאָרף צו דאָרף, געדולדיק געלערנט מיט די אומוויסנדיקע און אויפגעקלערט דאָס פאָלק. אַ שם האָט ער געהאַט ווי אַ גוטער ייִד און ביים פאָלק איז ער פשוט גע־בליבן פאַרהייליקט.

— שאַט — רופט אויס גערב — ער איז דער, וועמען מען האָט געסמט אין טורמע?

— אַזוי זאָגן זיי, די חברה — ענטפערט דער טאַטע — זיי האָבן אַרויס־געלאָזט פּראָקלאַמאַציעס, ווו עס זאָגט זיך שוואַרץ אויף ווייס, אַז מען האָט אים געסמט. זיי האָבן זיך אָנגעכאַפּט אין דעם, ווייל מען האָט נישט אַרויסגעגעבן דעם טויטן קערפּער. און די פּאָליציי האָט נישט געוואָלט אַרויסגעבן דעם קער־פּער, ווייל זיי האָבן מורא געהאַט פאַר אַ גרויסער מאַניפעסטאַציע און איך טראַכט, אַז ער איז געשטאָרבן אַ פשוט נאַטירלעכן טויט. אַזוינס לייגט זיך גי־כער אויפן שכל און ווייטער ווייס איך נישט — צענעמט דער טאַטע ברייט די הענט.

— וואָס פאַר אַ ראיה האָט איר, אַז מען האָט אים נישט אומגעבראַכט, נאָר אַז ער איז געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט? — פרעגט גערב.

— גאָר פשוט — ענטפערט דער טאַטע — אַלע קינדער ביי זיינע עלטערן זענען שוואַכע, און מאיר אַליין איז אויך געווען געפערלעך קראַנק. דער פאָ־טער זיינער, הערש פּרץ, אַ פּראָסטער ערלעכער און לייטישער ייִד, איז גראָד יאָ אַ געזונטער מענטש. אויך די מוטער זיינע, אַ פּראָסטע ייִדענע אָן אשת־חיל, איז אָן אָן עין־הרע אַ געזונטע פרוי. וואָס איך קאָן נישט פאַרשטיין איז פאַר־וואָס אַלע זייערע קינדער זענען פון דער חברה און אַלע גרויסע אויפטוער.

— עס איז ווי אַ צרעת — זאָגט די מאַמע — איינער שטעקט זיך אָן פון אַנדערן.

— נאָר קערפּערלעך איז קיין איינס פון די קינדער נישט אַרויס קיין גע־זונטס — זעצט פאָר דער טאַטע — אויף די עלטערן איז ממש אַ רחמנות. עס איז נאָך קיין יאָר נישטאָ ווי עס האָט זיך ביי זיי אָוועקגעלייגט אַ מויד פון זי־בעצן יאָר. וועלטן האָבן זיי איינגעלייגט כדי איר צו ראַטעווען, נאָר עס האָט נישט געהאָלפן. דער תירוץ איז געווען, אַז זי האָט זיך גענומען צום האַרצן דעם ברוי־דערס טויט. נאָר מסתמא איז זי געווען אָנגעגריפן, ווייל פון צרות, זאָגט די וועלט, שטאַרבט מען נישט.

— אַז טאַטע־מאַמע טראָגן דאָס איבער — זאָגט מיט באַדויער די מאַמע און טוט דערביי אַזאַ טיפן זיפץ, אַז עס רייסט אויס אַ שטיק האַרץ.

גערב קוקט אויפן טאַטן. ער וואַרט אַז דער טאַטע זאָל ווייטער דערציילן.

— אַזוי ווי איך דערצייל אייך. דער דאָזיקער מאיר זייערער האָט זיך אַרויס־געכאַפּט אַ בחור אַן אַנטיק, אַ גאָלדענער כאַראַקטער, אַ שטילער, אַ דימענטענער מענטש. אַ געדולדיקער, אַ פאַרטיפטער שטענדיק אין מחשבות און אַ גרויסער אויסטויגער צו זייער אַרבעט. ווען ער איז נאָך געווען אַ יונג קינד, איז ער שוין געווען באַוווּסט איבער דער גאַנצער געגנט. ער האָט שוין איינמאָל געהאַט פאַר־זוכט די טורמע. פון דאָרט איז ער אַרויס אַן אָפּגעצערטער און אויסגעבלייכטער. אין אָסיען־צייט האָט ער זיך פאַרקילט. האָט די חברה אים געצוווּנגען, אַז ער זאָל זיך אָפּרוען, פאַרריכטן דאָס געזונט און קומען צו זיך. דער פאָטער זיינער וווינט דאָך הינטער דער שטאָט, לעבן בית־עולם און די לופט איז דאָרט פריש און גוט אַ מחיה. איינמאָל ביינאַכט איז ער געקומען צו פאָרן אַהיים אויף אַ פויערישע פור. אין שטאָט האָט קיינער נישט געוווּסט, אַז ער איז דאָ, און די מוטער האָט זיך גענומען צו אים, אים אָפּהיטן און פלעגן.

— איר קאָנט זיך פאָרשטעלן — רייסט איבער די מאַמע — אַז געפעלט האָט זיי גאָרנישט. זיי האָבן צוויי קי און די מילך פאַרקויפן זיי נישט. אין שטוב איז תמיד פאַראַן אַ שטיק פּוטער, אָדער קעז.

— דער עיקר — זאָגט דער טאַטע — די מאַמע זיינע האָט אים צוריקגע־שטעלט אויף די פיס. ער האָט שוין געזאָלט פאָרן צוריק פון וואַנען ער איז גע־קומען. נאָר איידער וואָס־ווען, האָט אַ פּניב דער היגער כלב ימח־שמו דערשמעקט, אַז ער איז דאָ און אַ ווונק געגעבן אַהין וווהין מען דאַרף... פּלוצלינג האָבן די ווינאָקורס באַמערקט עפּעס אַ פרעמדן פאַרשוין זיך דרייען און נישטערן אַרום דער שטוב. מאיר האָט פאַרשטאַנען וועמ דאָס קאָן זיין. ער איז שוין געווען גע־ניט. האָט מען צו וויסן געגעבן דער חברה און ער איז נאָך די זעלבע נאַכט צו־ריק אַוועקגעפאָרן. ער האָט זיך אָבער ווידעראַמאָל פאַרקילט און איז ווידער איינ־געפאַלן. און אַזוי, אַ קראַנקן האָט מען אים פאַרנומען פון אַ פויערישער כאַטע, ווו ער איז געלעגן אויפן אויוון און געברענט פון היץ. די נאַסע טורמע האָט אים שוין צום איבעריקן פאַרענדיקט די יאָרן.

פּלוצלינג, מען ווייסט נישט ווי אַרום, האָבן זיך פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז ער א"ז געשטאָרבן. לעבן דער תפיסה האָט זיך פאַרזאַמלט אַ גרויסער עולם, מיטן פאָטער בראש, און געפאָדערט דעם טויטן קערפּער. ביי טאָג און ביינאַכט זענען געשטאַנען מענטשן ביי דער טורמע. סאָלדאַטן און פּאָליציי האָבן געטריבן, גע־שלאָגן, אַרעסטירט. אָבער דער עולם איז געוואַקסן אַלץ גרעסער און גרעסער.

מער ווי אַ וואָגן מיט גנאַי, פערדיש מיסט, האָט מען פאַר דער גאַנצער צייט נישט געזען פון דאָרט אַרויספירן. ווייסט מען נישט דערפאַר, צי ער איז געלעגן אונטער דעם מיסט, אָדער זיי האָבן אים באַגראָבן אין הויף פון דער טורמע.

— פון וואַנען האָט זיך גענומען דער קלאַנג אָדער די השערה, אַז מען האָט ווינאָקורן געסמט? — פרעגט גערב.

— דאָס וואָס מען האָט דעם בר־מנן נישט אַרויסגעגעבן דער פאַמיליע, האָט געמאַכט אַ גוואַלדיקן רושם. אין די פּראָקלאַמאַציעס האָט זיך געזאָגט, אַז מען האָט דעם קערפּער נישט אַרויסגעגעבן, ווייל מען האָט אים פאַרסמט. איך האַלט מיר אָבער ביי מיינעם: אַז ער איז געשטאָרבן מיט זיין אייגענעם טויט. עס האָט זיך דעמאָלט אַרויסגעוויזן, אַז ביי די צוויי און צוואַנציק יאָר איז דער בחור גע־ווען באַרימט, נישט בלויז ביי די אָרעמע שיכטן פון דער געגנט, נאָר אַפילו אין די „הויכע פענצטער״.

— אָבער דעם אויסוואורף, דעם געוועזענעם בעל־טאַקסע, האָט מען דאָך אָפּ־גערוימט אַ סך שפּעטער. ווי קומט עס? — שטעלט גערב ווידער אַ פראַגע.

— די טאַלנער אָרגאַניזאַציע האָט דעמאָלט אָנגענומען אַ באַשלוס צו באַ־זייטיקן דעם מסור פאַר ווינאָקורן און אויך פאַר אַנדערע שיינע מעשים זיינע. אָבער זיי האָבן נישט געוואָלט באַצאָלן דערפאַר מיט פאַרפאַלגונגען און אַרעסטן, וואָס וואָלטן רויִנירט די אָרגאַניזאַציע. האָבן זיי דאָס אָפּגעלייגט אויף שפּעטער זיך אָפּצורעכענען מיט אים. עס איז אַוועק אַ היפּש שטיקל צייט זינט דעמאָלט. מען האָט געמיינט, אַז דאָס איז שוין פאַרגעסן. ביז עס האָט זיך געמאַכט די מעשה קיריענקאָ. וועגן אים, וועגן קיריענקאָן, האָט איר געהערט? — גיט פּלוצ־לינג דער טאַטע אַ פרעג.

— יאָ. ער איז אַ דעפּוטאַט פון דער צווייטער גאָסודאַרסטווענע דומע — ענטפערט גערב.

— יאָ, דער זעלביקער — זאָגט דער טאַטע — ער האָט דאָ נאָענט אַ גוט. אַ זעקס וויאָרסט פון טאַלנע. נאָך דעם, ווי מען האָט צעטריבן די דומע, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז אין קיין פּושקעלע קאָן ער זיך נישט באַהאַלטן. ער איז אַ סאָ־ציאַליסט־רעוואָלוציאָנער און זיינע שאַרפע רעדעס געדענקט מען. ער האָט גע־ווּוסט, אַז מען וועט זיך איצט זוכן נוקם צו זיין אין אים פאַר זיינע אַרויסטריטן, וואָס בעת ער איז געווען דעפּוטאַט, האָט מען דאָס נישט געקאָנט טאָן. איז ער געקומען תיכף אַהיים פון פּעטערבורג און אויף גיך פאַרענדיקט דאָס איבערגעבן זיין ערד די פּויערים. קיין גרויסער נגיד איז ער נישט געווען, אָבער אַוועקגעגעבן האָט ער זיין גאַנצע נחלה. אַזוי ווי ער איז אַן אַדוואָקאַט, האָט ער גערעכנט, אַז ער וועט נישט פאַרפאַלן ווערן.

— ער איז דאָך פֿאַרשיקט קיין סיביר? — פֿרעגט גערב.

— יאָ, כאַפּט נישט — שטעלט אים אָפּ דער טאַטע — ווען ער האָט זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיט דער חלוקה און זיך געזעגנט מיט דער שוועסטער איז קי־ריענקאָ געקומען קיין טאַלנע נעמען די באַן. אָפּגעשטעלט האָט זיך ביים דאָק־טער בעלינקי. דאָס גאַנצע דאָרף זיינס איז מיטגעפֿאָרן אים באַגלייטן. די פּויערים האָבן אים געטראָגן אויף די הענט. עס איז געווען דינסטיק, אַ יאַריד־טאָג. אַ חוץ פֿון זיין דאָרף האָבן זיך דאָ געפֿינען פּויערים פֿון די אַרומיקע דערפֿער. די גאַס איז געווען שוואַרץ פֿון פּויערים, פֿורן און פֿערד. ממש זיך נישט דורכצושטופּן. ווען דער עולם האָט דערזען קיריענקאָן ביי בעלינקען אויפֿן גאַנעק, האָט ער אָנ־געהויבן שטורעמען, פֿאָדערן אַז ער זאָל רעדן. מען האָט אויסגעשפּאַנט אַ וואָגן, אַרויפֿגעלייגט אַ פּאָר ברעטער. געמאַכט אַזאַ בימה און קיריענקאָ האָט זיך אָוועק־געשטעלט דרשענען. דאָס מאָל האָבן זיך געפֿינען אין די טאַלנער קאַזאַרמעס אַ פּאָר סטראַזשניקעס מערער ווי געוויינלעך. נו, האָבן דען עפּעס אַ ווערט פּופּצן סטראַזשניקעס אַנטקעגן אַזאַ גרויסן עולם? און בפֿרט נאָך, אַז דער עולם איז צעהיצט? ווען דער פּריסטאַוו מיט די סטראַזשניקעס האָבן זיך געיאָוועט אויפֿן פּלאַץ, איז געוואָרן אַ טומל, אַ פּייפֿעריי, אַ געשריי „דאַלאָי באַרבאָס, דאַלאָי!״. מען האָט זיך געכאַפּט צו די גראַבליעס, רידלעס, ווידלעס, שטעקנס און בייטשן. אַפֿילו די שטיינער פֿון שאָסיי האָבן זיי אַרויסגעריסן. די פּאָליציי האָט אַ פּאָר מאָל אויסגעשאָסן אין דער לופֿטן. נו, איז געוואָרן אַ געדראַנג, אַ בהלה. די סטראַזשניקעס האָט מען אַראָפּגעשלעפּט פֿון די פֿערד און צעפּאַטשט.

דער טאַטע כאַפּט אָפּ דעם אָטעם. ער האָט גערעדט מיט אימפּעט און עס קאָן אים שאַטן. די מאַמע קוקט אויף אים און ער פֿאַרשטייט איר בליק. אָבער אַלע זענען שטאַרק פֿאַראינטערעסירט אין זיין דערציילונג. גערב, די מאַמע און אַפֿילו איך מיט מיין ברודערל, וואָס פֿאַרשטייען נישט אַזוי גוט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, וואַרטן מיט אומגעדולד ער זאָל פֿאַרזעצן. ביז מען דערוואַרט זיך ענדלעך.

— איך האָב דעמאָלט געוווינט פּונקט אַנטקעגן דעם דאָקטער בעלינקי, אין דעם הויף וואָס האָט געהערט צו יהושיע בערנשטיין. דאָרט איז געווען אַ סקלאַד פֿון געהילץ. אין דעם זעלביקן הויף איז פֿאַראַן אַ טויער, וואָס פֿירט אַרויס אויף דער גאַס פֿון טייך און אויף דער צווייטער זייט טייך געפֿינען זיך די קאַזאַרמעס. פֿאַרשטייט זיך, אַז ווען קיריענקאָ האָט זיך אָוועקגעשטעלט האַלטן די דרשה, האָט מען אין דער גאַנצער גאַס פֿאַרמאַכט טיר און טויער. מען האָט פֿאַרשפּאַרט פֿאַר מורא. איך האָב געכאַפּט אַ קוק דורכן פֿענצטער און איך דערזע ווי עס לויפֿן דער פּריסטאַוו מיט דעם אוריאַדניק, מיט אַלע סטראַזשניקעס צו מיר אין הויף.

איך האָב זיך שטאַרק דערשראָקן, נישט פאַרשטאַנען וואָס דאָס באַטייט. נאָר באַלד איז מיר אַלץ קלאָר געוואָרן. אין איין אויגנבליק האָבן זיי צענומען דעם פאַרקאַן (אמת, אַ פאַרקאַן פון צעפּוילטע ברעטער) און פּייל אויסן בויגן, זענען זיי אויף די פערד אַנטלאָפן איבערן וואַסער צו די קאַזאַרמעס, אַנשטאָט צו לויפן איבער דער בריק און אין די קאַזאַרמעס, זאָל זיי צו קיין שאַנד נישט זיין, האָבן זיי זיך פאַרשלאָסן. אייניקע פון עולם האָבן זיי געוואָלט נאָכלויפן, אָבער קיריענקאָ האָט זיי נישט געלאָזט. ער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט: כאַפּט זיי דער רוח — הייסט דאָס... עס איז געוואָרן פריי, אַ לעבעדיקע וועלט. קיריענקאָ האָט נאָך געהאַט אַ סך וואָס צו זאָגן און ער האָט זיך צערעדט. און צוביסלעך האָבן זיך געעפנט אַלע טירן און פענצטער, אַפילו איך בין אויך אַרויס. די וואָס פאַרשטייען גוט רוסיש, האָבן געזאָגט, אַז פּערל האָבן זיך אים געשאָטן פון מויל. ווען ער האָט געענדיקט רעדן, האָבן אַלע געפּאַטשט בראַוואָ און אים האָט מען געהויבן אין דער לופטן. איך האָב נאָך אַזאַ התלהבות ביי מענטשן, ווי דעמאָלט, נישט געזען. ער האָט נאָכדעם זיך אַוועקגעזעצט אויף דער בריטשקע און אַלע, אַפילו קליינע קינדער, האָבן אים געדריקט די הענט. ער האָט זיך פּשוט און צוגעלאָזט זיך געזעגנט מיטן עולם, מיט אייניקע האָט ער זיך אַפילו צעקושט און ער איז אַוועק אויפן וואָקזאַל. אויף דער סטאַנציע כריסטינאָווקע זענען אַרויף זשאַנדאַרן און האָבן אים אַרעסטירט און נאָך אַ פּראָצעס אין קיעוו האָט מען אים פאַרשיקט קיין סיביר.

— וועגן דעם פּראָצעס און פאַרשיקונג ווייס איך פון די צייטונגען — זאָגט גערב — נאָר איך בעט אייך, זאָגט מיר, איז דאָ נאָך יענער דעמאָנסטראַציע פאַר קיריענקאָן, אַלץ אַראָפּ שטיל און רויק?

— אָט וועגן דעם גיי איך אייך טאַקע דערציילן. און דאָ וועל איך שוין אין איין וועגס אַרויפקומען אויך אויף דעם מסור מאיר בעל־טאַקסע און זיין וויסטן סוף.

אויף דעם טאַטנס פּנים שפּרייט זיך אויס אַ שמייכל.

— דאָ האָט מען דערווייל צוגענומען דעם פּריסטאַוו פון דאַנען. עס איז אַ סברה, אַז ער אַליין האָט געבעטן מען זאָל אים איבערשיקן אויף אַן אַנדער פּלאַץ. ער האָט שוין דאָ מערער נישט געקאָנט זיין פאַר בושה. אַ ליאַדע וועד האָט אים געקאָנט אויסוואָרפן „אַ נו, זאַ ריטשקו!״ — דער טאַטע לאַכט. — ווי פּאַסט דאָס אַ שטייגער, פאַר פּאָליציי צו אַנטלויפן איבערן טייך? שיינע העלדן, זייט מוחל! האָט מען דעריבער אין טאָלנע געביטן סיי דעם פּריסטאַוו און סיי דעם אוריאַדניק. זענען געקומען נייע נאַטשאַלניקעס און ביי יידן זאָגט אַ ווערטל, אַז אַ „נייער בעזעם קערט גוט״. איז האָט מען דאָס דעמאָלט פאַרנומען אַביסל

מענטשן! וואָס זאָל איך אייך זאָגן? כמעט אַלע טאַלנער יינגלעך און מיידלעך זענען געזעסן. אין יעדער שטוב איז געווען אויף עמעצן צו קלאָגן. מען איז אַפילו געזעסן פאַר אַזאַ חטא ווי פּאַטשן בראַוואָ קירילענקאָן. דער דאָקטאָר בעלינקי איז אָפּגעזעסן צוויי וואָכן צייט, בלויז דערפאַר, ווייל קירילענקאָ איז צו אים פאַר־פאָרן און די שטאָט האָט זיך געמוזט באַגיין אָן אַ דאָקטער. דעמאָלט איז עס אויך דער דאָזיקער „שיינער ייִד״, דער מסור מאיר בעל־טאַקסע, אַרויף אויפן פערדל. ער האָט געגומען טאָן דער שטאָט „טובות״, וועמען פאַר געלט און ווע־מען אומזיסט. מאַמעס זענען געלאָפן צו אים וויינען און בעטן, איז ער געפאָרן קיין אומאַן אין אויעזד און געפּועלט ביי נאַטשאַלסטוואָ, אַז מען זאָל אַרויסלאָזן.

— דעמאָלט האָט ער טאַקע געטאָן אַ סך טובות — זאָגט די מאַמע — וואָס אמת איז אמת.

— עס הייבט זיך נישט אָן — דערווידערט שטרענג דער טאַטע. און תיכף ווענדט ער זיך צו גערבן:

— ער האָט אַרויסגענומען בלויז די וואָס זענען אין ערגעץ נישט געווען פאַרמישט. און טאָמער האָט עמיצער געהאַט עפּעס אויף זיך, האָט מען אים פאַרפאַקט אויף אַבי געזונט. עס איז אַוועק אַ שטיקל צייט און דער געוועזענער בעל־טאַקסע, דער מנובל, האָט זיך דערפילט זיכער ביי זיך, אַ חשוב אין שטאָט. אַ בעל־טובה. פריִער האָט ער זיך געהיט צו גיין צופוס איבער דער שטאָט, נאָר תמיד פאָרן מיט זיין קוטשער. דער דאָקטער האָט אים אָבער געהייסן גיין אַ סך, ווייל ער איז געווען זייער דיק, האָט ער זיך אויפגעהערט היטן און מען האָט אים גאָר אָפט געזען שפּאַנען אַליין, טראָגנדיק דעם בויך פאָרויס, איבער טאַלנע, מיט גדלות, ווי ער איז דער באַלעבאָס פון שטאָט.

דער טאַטע הוסט זיך אויס. נאָך אַ קורצער הפסקה זעצט ער ווייטער פאָר:

— נו, דעמאָלט, משמעות, האָבן זיי באַשלאָסן אים אָפּצורוימען פון וועג. און זיי האָבן דאָס געמאַכט אַזוי געשיקט און ממזריש, אַז קיינער נישט, לחלוטין קיינער פון זיי, איז נישט אַריינגעפאַלן. דער פאַרשוין, וואָס האָט דורכגעפירט דאָס שטיקל אַרבעט איז טאַקע דעם זעלבן אָוונט אַוועק קיין אַמעריקע. דאָס הייסט, ער האָט יענעם אָוונט גענומען די באַן און דערנאָך די שיף און שאַ־שטיל, ווי גלייך גאָרנישט... שפּעטער זענען אָנגעקומען פון אים בריוו מיט אַ קאַרטע, אויף וועלכער ער שטייט מיט אַן אויסגעפּוצטער כלה, אונטער דער חופּה. ער לעבט דאָרטן אַ רויִק, גליקלעך לעבן.

— מען ווייסט ווער עס האָט דאָס געטאָן? — פרעגט גערב.

די מאַמע קוקט אויפן טאַטן מיט אַ געהיימניספולן אויסדרוק אויפן פנים. זי איז אים אויסן אָנצווינקען ער זאָל שווייגן.

— וואָס האָסטו מורא? — פרעגט דער טאַטע אַביסל אין אַ פאַרלעגנהייט.
— מען רעדט נישט דערפון — זאָגט די מאַמע געהיימניספול.
— עס איז אַ סוד פאַר גאַנץ בראָד — לאַכט דער טאַטע — וואָס הערט ער זיי איצט?
און צו גערבן:
— אַ שניידער־יינגל האָט עס דורכגעפירט. אַזוי גרויס אינגאַנצן — ווייזט דער טאַטע אָן מיט דער האַנט נישט שטאַרק הויך פון דער ערד — איר זאָלט דאָס זען אַ העלד! — רעדט דער טאַטע ווייטער האַלב איראָניש און האַלב ערנסט — איך אַליין האָב אים נישט געקענט. נאָר מען האָט געגנוג גערעדט דערפון. ער האָט געאַרבעט ביים נחום „אַנגליטשאַן", דאָס הייסט, ביי נחום דעם שניידער.
— פאַרוואָס רופט מען אים עפּעס „אַנגליטשאַן"? — פרעגט גערב.
— אַ קשיה אויף טאַלנע... ער האָט זיך באַרימט, אַז ער שניידט צו לויט דעם ענגלישן פאַסאָן, האָט מען אים שוין געקרוינט מיטן נאָמען „אַנגליטשאַן". הקיצור, ביי אים האָט ער עס געאַרבעט. ער איז געווען אַ שטילער. עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז ער קאָן קיין צוויי נישט ציילן. קיינעם האָט גאָרנישט געקאָנט איינפאַלן, אַז ער האָט עפּעס אַ שייכות מיט דער חברה. אין אַ שיינעם טאָג האָט ער זיך געזעגנט מיט זיין באַלעבאָס, מיט די געזעלן, מיט זיינע עלטערן און קרובים. די גאַנצע משפחה האָט אים באַגלייט צו דער באַן. ער האָט שוין געהאַט די שיפסקאַרטע און איז זיך געפאָרן מיט פעק און זעק, ווי מען פאָרט געוויינלעך קיין אַמעריקע. ער איז טאַקע דעמאָלט אַוועקגעפאָרן מיט דער באַן. אָבער ווי עס ווייזט אויס, האָט ער זיך אומגעקערט געהיים און געוואַרט ערגעץ פאַרשטעקט, ביז ער האָט דורכגעפירט דאָס „שטיקל אַרבעט".
דער טאַטע רייסט איבער אויף אַ רגע, גיט אַ לייכטן הוסט, ציט אָפּ דעם אָטעם און הייבט ווידער אָן:
— פאַרגעקומען איז דאָס אַזוי. צי איז דאָס געווען צוגעגרייט פון פריער, אָדער זיי האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט, דאָס קאָן איך אייך נישט זאָגן. די היגע מאָדע קענט איר דאָך שוין אַוודאי — זאָגט דער טאַטע בייז — אַז גאַנץ העלפט און „זיי" גייען אַרויס אויפן שפּאַציר, פאַרנעמען זיי די גאַנצע גאַס. עס איז נישטאָ קיין שפּאַרונע ווי אַרום אַדורכצורוקן זיך. בעת מיר גייען אַמאָל פון דאַוונען, גייען מיר שוין, ווי די גרויסשטעטישע, ביי די ווענט פון די הייזער, אין די זייטן. דער שאָסיי און די גאַס זענען פול מיט יונגען און מיידן. דער עיקר די מיידלעך, אַז זיי נעמען זיך צונויף — מאַכן זיי אַ וואַנט. זיי האַלטן זיך ביי די הענט, בלי־גוזמא, אַ צוואַנציק שטיק. און אַנטקעגן זיי גייט אַ וואַנט מיט בחורים, אָדער זיי גייען געמישט יינגלעך מיט מיידלעך צוזאַמען. ווייל אַז מען

באַגעגנט זיך, מישט מען זיך צונויף. ווײַל עמעצער איבערהאַקן די קײט פֿון די הענט, לאָזן זײ בשום־אופֿן נישט און עס ווערט אַ געלעכטער, אַ כאַכאַטשעניש. מען זאָגט זיך ווערטלעך און קאָמפּלימענטן און עס ווערט אַ שמחה, אַ גדולה — חי געלעבט!...

אין יענעם אָוונט איז געווען זײער הײס. האָבן זיך אַלע געדרײט לעבן דאָקטער בעלינקיס סאָד. דער מאיר בלאַנק האָט זיך געפֿילט זיכער בײ זיך ווי נאָך קײנמאָל נישט. ער איז געזעסן אינעווײניק בײַם דאָקטער אין סאָד און רויִק געטרונקען טײ, אָדער קאַלטע געטראַנקען און נאָך דעם איז ער געגאַנגען צופֿוס צו זיך אַהײם. איר ווײסט דאָך ווו עס וווינט זײַן פֿאַמיליע? אַנטקעגן דעם פּריסטאַוו, אויף יענער זײט בריק. בעלינקי איז מיט אים מיטגעגאַנגען אַביסל באַגלײטן. איר פֿאַרשטײט דאָך, אַז נישט דער דאָקטער, נישט ער האָבן מורא געהאַט, ווי מײַן חיים, איך מײן חיים דעם שוחט, דורכצוגײן צווישן די פּרויען... נו, האָבן זײ זיך בײדע, דער דאָקטער מיט בלאַנקן, געלאָזט גײן צווישן סאַמע געדיכטן עולם. פּלוצלינג זאָגט מאיר צום דאָקטער: „עפּעס אַ ייִנגל האָט מיר דערלאַנגט מיט אַ פּרוטיק אָט דאָ". און ער ווײַזט אָן אויפֿן גראָבן בויך. דער דאָקטער גיט אַ קוק: עס רינט בלוט.

— ער האָט אים דערלאַנגט מיט אַזאַ „גרינדזשאַל", אַז פֿאַר שאַרפֿקײט האָט ער אַפֿילו נישט געפֿילט דעם שטאָך — מישט זיך אַרײן די מאַמע.

— אַ קינדזשאַל? — פֿרעגט גערב.

— יאָ! — באַשטעטיקט דער טאַטע — אַזאַ קרום קאַווקאַזער מעסער. עס איז געוואָרן אַ גוואַלד, אַ געפּילדער, אַ בהלה. דער גאַנצער עולם האָט זיך געלאָזט נאָכיאָגן נאָך אײנעם אַ ייִנגעלע, וואָס האָט טאַקע געטראָגן אַ דין ריטעלע, אַ „פּרוטיקל". דאָס ייִנגעלע איז געלאָפֿן אין דער ריכטונג פֿון דער „טשײנע" אַרויף און דאָס מעסער האָט מען גאָר שפּעטער געפֿינען אין דער פֿאַרקערטער ריכטונג: לעבן קלויסטער, וואָס לעבן דער אומאַנער בריק. מיט דעם פֿאַרוווּנדעטן איז מען דערווײַל אַרײַן אין אַפּטײק און אים געגעבן די ערשטע הילף. דערנאָך האָט מען אים גענומען צום פּריסטאַוו און טאַקע דאָרטן האָט ער אויסגעצויגן די קאַפּיטעס... דער חברה־מאַן האָט ווײַזט אויס, עמעצן איבערגעגעבן דאָס מעסער און אַלײן איז ער אַוועק אויף אַ באַשטימט אָרט. דאָרט האָט אויף אים געוואַרט אַ געשפּאַן מיט שטאַרקע פֿערד. אין עפּעס אַ סטאַנציע האָט ער זיך געזעצט אויף דער באַן קײן קיעוו און פֿון דאָרטן ווײַטער ביז... אַלץ איז ווײַזט אויס געגאַנגען אויף רעדלעך... אַ בריה, וואָס איז פֿאַראַן צו רעדן? — פֿאַרענדיקט דער טאַטע זײַן דערצײלונג.

— ניין, אַ מערדער! זאָגט די מאַמע שאַרף — ווי די זאַך זאָל נישט זיין, האָט ער פאָרט געהרגעט אַ מענטשן. ער האָט דאָס אויפן געוויסן.

— אַזוי? — רעאַגירט דער טאַטע — ביי זיי איז ער דער גרעסטער העלד.

— אויב נאָר מען הרגעט, איז מען אַ מערדער — שפּאַרט זיך די מאַמע.

— און ווען מען הרגעט אויף דער מלחמה? — איז מען אויך אַ מערדער ביי דיר?

— דאָס איז עפּעס אַנדערש — ענטפערט די מאַמע — אויף דער מלחמה צווינגט מען צו גיין און הרגענען.

— נו, און ער טראַכט אַז ער האָט דערהרגעט אַ מיאוסן שרץ, וואָס האָט געבראַכט שאָדן די מענטשן — זאָגט שאַרף דער טאַטע.

גערב כאַפּט אָן דעם טאַטן ביי דער האַנט.

— ר׳ שמאַי — רופט ער אויס — איך פאַרזיכער אייך, אַז איך בין אַנט־ציקט פון אייער קלאָרן פאַרשטאַנד און פון אייער וויסן און חכמה.

דער טאַטע טוט אַ מאַך מיט דער האַנט. עט! דאָס מיינט צו זאָגן, אַז ער האָט פיינט חניפה.

— אויף מיין וואָרט. איך בין אויפריכטיק — פאַרזיכערט אים גערב — הלוואַי וואָלט איך אין טאַלנע געהאַט אַזאַ חבר פון מיין דור. איך וויל אייך נאָר פרעגן איין שאלה: איך בעט אייך גיט מיר צו פאַרשטיין, ווי קומט דאָס צו אייך, צו אַזאַ קלוגן און געבילדעטן יידן, איר זאָלט געבן אייער קינד צו דעם נאַרישן דרדקי־מלמד? איך פאַרשטיי, אַז מיט בערל שוסטער האָב איך באַדאַרפט לאַנג קנעלן און איינטענהן, ביז איך האָב אים איבערגעצייגט, אַז ער זאָל געבן זיינע קינדער אין מיין שולע. אָבער איר נייטיקט זיך אויך אַז מען זאָל אייך געבן צו פאַרשטיין?

— בערל שוסטער — רעדט שטיל דער טאַטע — קאָן גיכער אויספירן צו געבן די קינדער צו אייך אין שולע, ווי איך.

— פאַרוואָס? אדרבה, זאָגט. איך וויל עס אויך וויסן און פאַרשטיין — מאָנט גערב מיט אַ הייזעריק קול ביים טאַטן אַ דערקלערונג.

— פאַרשטייט איר מיך — זאָגט דער טאַטע פאַרטראַכט — אויף אים וועט קיינער נישט קוקן און קיינער וועט צו אים קיין טענות נישט האָבן. איך אָבער, אויב איך וועל אַרויסנעמען אַ קינד פון חדר, וועלן מיר אַלע נאָכטאָן. אויב איך וויל נישט געבן מיין קינד צו נחומען אין חדר, איז ווער וועט יאָ געבן? מעג מען דען קוילען אַ יידן פון פרנסה? און סוף־כל־סוף האָט זיין אַלטע מעטאָדע פון לערנען נישט געשאַדט אויף קיין האָר מיינע קינדער.

ענטפערט דערויף גערב:

— איך וועל אייך דערציילן אַ משל, פונקט ווי איר האָט מיר פריִער דער־ציילט.

— מהיכי־תיתי — איז מסכים דער טאַטע.

— די מעשה איז אויך וועגן צוויי חברים, וואָס האָבן פון קליינערהייט זיך געחברט, געוואַקסן און געלערנט צוזאַמען ביי איין רבין. זיי האָבן זיך ליב גע־האַט און געוועזן געטריי איינער דעם אַנדערן. צעשיידט האָבן זיי זיך ערשט, ווען איינער פון זיי האָט חתונה געהאַט און איז אַוועק וווינען אין אַ דאָרף. דער וואָס איז געבליבן אין שטאָט האָט אויך חתונה געהאַט. אָבער דאָס מזל האָט אים נישט צוגעשפּילט. אים איז געגאַנגען שלעכט אין דער פּרנסה. דער חבר אין דאָרף האָט געמאַכט גוטע געשעפטן און איז מיט דער צייט רייך געוואָרן. דאַקעגן דעם שטאָטישן איז געגאַנגען וואָס אַמאָל ערגער. ער האָט אָנגעוווירן דעם גדן און איז געבליבן אָרעם און נישט געהאַט צו וואָס זיך צו נעמען. דעמאָלט איז ער אַוועק אין דאָרף צו זיין רייכן פריינט, וועלכער האָט שוין געהאַט עטלעכע קינדער. דערזעענדיק זיין יוגנט־פריינט, האָט דער רייכער באַלעבאָס זיך שטאַרק דערפרייט. ער האָט באַלד געהייסן שעכטן עופות, אַ שעפּס און האָט אים אויפ־גענומען אויפן שענסטן אופן. נאָך דעם עסן זאָגט דער גאַסט: „איך בין געקומען צו דיר זיך אָנבאָטן פאַר אַ לערער פאַר דיינע קינדער, ווייל קיין אַנדער פּרנסה האָב איך נישט. איך בעט דיר, זיי מיר מוחל — ענטפערט אים דער באַלעבאָס — צוליב אַ פריינט בין איך גרייט צו קוילען אַן עוף, אַ שעפּס, אָבער איך בין בשום־אופן נישט גרייט צו קוילען קיין קינד״...

גערב לאַכט מיט נצחון. דער טאַטע בלייבט אָבער קאַלט.

— דאָס — זאָגט ער — איז אַן אַלטע מעשה. ביי אונדז אין ביעלאָצערקאָוו איז דער דאָקטער טשערני געוועזן זייער באַפריינדעט מיט מיין שווער. (די מאַ־מע שיינט אויף, ווי שטענדיק, ווען דער טאַטע דערמאָנט דעם זיידן) דער דאָק־טער טשערני פלעגט תמיד האָבן טענות צום שווער: „סטייטש — פלעגט ער אים זאָגן — ווי קומט עס וואָס ביי אַזאַ קלוג פאָלק, ווי ביי יידן, זאָלן די וויכטיקסטע זאַכן זיין הפקר? אָט די קינדער־דערציִונג, דאָס פאָרמירן נשמות — ווי ער פלעגט דאָס אָנרופן — ביי וועמען שטייט דאָס איין? ווי עפּעס אַ שלימזל, וואָס טויג זיך נישט אויס צו קיין שום אַנדער פּרנסה, נעמט ער זיך צו מלמדות. דאָס צווייטע איז אַ געווינערין. אַ מענטש וואָס שפּילט מיטן לעבן, גיט מען איבער אין די הענט פון אַן אַלטער בלינדער „באָבע״ מיט שמוציקע נעגל. זי איז דאָס די אַקושערקע״...

— נו, פאַרוואָס איז דאָס טאַקע אַזוי? — רייסט גערב איבער דעם טאַטן אין מיטן רעדן.

דער טאַטע ציט מיט די אַקסלען:
— גיי מאַך איבער די וועלט!
גערב עקשנט זיך:
— אַט אַזאַ וועלט מוז מען אומבאַדינגט איבערמאַכן.
— זאָגט מיר, איך בעט אייך — גיט דער טאַטע פּלוצלינג אַ פרעג גערבן — אין וואָסער שולע האָט איר געלערנט?
— איך? — שפרינגט אויף גערב, ווי פון אַ ברי — איך האָב צריבן און אַ תל געמאַכט אומזיסט און אומגישט אַ וועלט מיט צייט. איך האָב זיך געוואַלגערט אין חדרים און ישיבות, געקוועטשט די באַנק אין קלויז, אָן קיין שום תכלית, ביז איך בין ענדלעך אַוועק אין אַ גרויסער שטאָט און דאָרטן געענדיקט דעם סעמינאַר.
גערב איז אויפגערעגט. דער טאַטע שמייכלט רויִק.
— טאַקע? עס וואָלט נישט געשאַדט אייך צו דערציילן דאָס קינדער־מעשה־לע פון דער כרעסטאָמאַטיע. — דער טאַטע ווייזט דערביי אָן מיט דער האַנט צום טישל, וואָס שטייט אין ווינקל אויף וועלכן עס ליגן אויסגעלייגט סימעטריש רוסישע ביכלעך.
איך מיט משהלען קוקן זיך איבער פיל־באַטייטיק. אונדז איז באַוווסט, אַז אויפן טישל ליגן נאָר די נייערע, די גאַנצע ביכלעך. די כרעסטאָמאַטיע ליגט אין שופלאָד, צוזאַמען מיט נאָך צעריסענע ביכער.
— וואָס איז פאַראַן אין דער כרעסטאָמאַטיע? — פרעגט גערב נערוועזלעך.
— אַזאַ מעשהלע — ענטפערט דער טאַטע געלאַסן — עס קומט אַ פויער אין שטאָט אויפן יאַריד און ער דערפילט, אַז ער איז הונגעריק. נעמט ער אַרויס פון טאָרבע אַ ברויט מיט אַ שטיק קאַלבאַס און עסט אויף. אָבער דער פויער שפּירט נאָך אַלץ, אַז ער איז הונגעריק. פאַרבייסט ער מיט אַ קליין, זיס בייגעלע און ער דערפילט זיך זאַט. זאָגט צו זיך דער פויער: „אַט בין איך אַ שוטה! ווען איך עס באַלד דאָס בייגעלע, וואָלט איך דאָך געוואָרן זאַט און דאָס ברויט מיטן קאַלבאַס וואָלט מיר געבליבן אויף שפּעטער"... פאַרשטייט איר מיר — פירט אויס דער טאַטע דעם משל — פונקט ווי פון איין בייגעלע ווערט מען נישט זאַט, אַזוי וואָלט פון סעמינאַר אַליין נישט אַרויס קיין למדן ווי גערב.
דער טאַטע לאַכט. די מאַמע קוקט מיט טריומף אויף גערבן.
— וועגן דעם איז פאַראַן אַ סך צו רעדן. איר ווייסט דאָך, אַז אויף יעדן משל קאָן מען ברענגען אַ קעגן־משל. אָבער עס איז שוין איצט שפּעט. אַט קומט שוין אייער טאָכטער פון שפּאַציר — ווייזט גערב אָן אויף דער אַהיימקומענדיקער יהודית.

יהודית באַגריסט זיך שעמעוודיק מיטן לערער. גערב נעמט פון דער סאָפקע דעם טולופ און טוט אים אָן. ווען ער דערלאַנגט דעם טאַטן די האַנט אויף צו געזעגענען זיך, זאָגט ער, אַז אים איז געווען זייער אינטערעסאַנט צו שמועסן מיטן טאַטן, כאָטש ער איז מיט אים נישט מסכים מיט אַ סך זאַכן.

— אייך איז קיינמאָל נישט אויסגעקומען צו פאָרן מיט אַ וואָגן באַרג־אַראָפּ?

— פרעגט דער טאַטע, פאַרהאַלטנדיק גערבס האַנט אין זיינער.

— אַנטקעגן וואָס פרעגט איר עס?

— אַ געניטער בעל־עגלה האַמעוועט דעם וואָגן און האַלט איין מיט אַלע כוחות די פערד. אויב נישט, ברעכט ער רוק־און־לענד.

— פון אייער שטאַנדפונקט זענט איר אפשר גערעכט — איז נאָך אַ קורצן ישוב־הדעת מסכים גערב. — איך האָף אַז מיר וועלן נאָך דערפון שמועסן. איצט איז נישט די צייט דערויף. אַ גוטע נאַכט און אַ גוטע וואָך — געזעגנט ער זיך.

— אַ גוטע וואָך און אַ גוט יאָר! — ווינטשן אים אַלע בעת ער גייט אַרויס.

— טאַטע, דו האָסט גוט פאַרבראַכט דעם היינטיקן אָוונט? — גיט יהודית אַ שטיפערישן גלאַנץ מיט די אויגן.

„פעו!“, פאַרקרימט זיך דער טאַטע פון דעם ביטערן רעצעפּט, וואָס ער נעמט איין. ער פאַרטרינקט מיט אַביסל וואַסער און ענטפערט שוין צום ענין:

— שטותים, פוסטע רייד. עס קומט גאָרנישט אַרויס פון דעם באַלאַקען — זאָגט ער מיט אַ געגעץ.

## קאַפּיטל פינף

# לייבל דעם טרעגערס טויט

ווי נאָר איך האָב פאַרענדיקט דאָס דערציילן פון שבת־צו־נאַכט, איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן, אַז די געשיכטע מיט די לייכטער האָט פאַר קיין פאַל נישט געקאָנט פאַרקומען זונטיק, ווי איך האָב ביז איצט געטראַכט, נאָר מאָנטיק.

ערשטנס דערפאַר, וואָס אין יענעם טאָג האָט זיך פון אונדזער קיך געטראָגן אַ געשמאַקער ריח פון פרישׁ אויסגעבאַקן קאָרנברויט און ווי באַוווּסט באַקט מען קאָרנברויט מאָנטיק. און דער צווייטער סימן איז דער, וואָס מיין שוועסטער יהודית איז בשעת־מעשה געווען אין ביבליאָטעק און די ביבליאָטעק איז דאָך זונטיק דעם גאַנצן טאָג געשלאָסן.

זונטיק איז אָפן בלויז דער לייען־זאַל און אָנשטאָט דער אַלטער, פאַרזעסענער פריילין נאַסטאַסיאַ מאַטווייעוונאַ, פון וועלכער אַלע אין טאַלנע לאַכן, ווייל זי איז אַ דאַרע און אַ מיאוסע, מיט אַ שיטער פאַרדרייט „קיבליקל" אויפן שפּיץ קאָפּ, איז גאָר געשטאַנען ביי דער גרויסער טיר דער בלאָנדער שייגעץ מיט אַ פאַררויסענער נאָז, וואַסילי.

די מיידלעך זאָגן, אַז נאַסטאַסיאַ מאַטווייעוונאַ טראָגט צען אונטערקליידלעך, כדי אויסצוזען פּילער... בחורים האָבן אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג, אַז זי האָט זיך פאַרקנסט מיט דעם בלעכענעם אָדלער, וואָס שטייט אויפן דאַך פון אַפּטייק... אין טאַלנע האַלטן אייניקע אַז זי, מיט אירע כלומרשט גוטע רייד, איז אַן אַנטיסעמיטקע, אַ כוליגאַנקע, האָט פיינט ייִדן תכלית שנאה. אַנדערע ווידער פאַרענטפערן איר און טענהן, אַז זי איז אַ פאַרביטערטע פון איר איינזאַמען טרויעריקן לעבן. און דערצו איז פאַר איר קיין סוד נישט דאָס גרויזאַמע שפּעטן און חוזקן פון איר.

יהודית זאָגט, אַז זי האָט צו איר גאָרנישט. מיט יהודיתן איז די ביבליאָטעקאַרין פריינטלעך אויף אַזוי ווייט, אַז ביי אַ געלעגנהייט האָט זי אַפילו אויסגעדריקט איר פאַרלאַנג איר צו הערן זינגען.

זונטיק, איז אָנשטאָט נאַסטאַסיאַ מאַטווייעוונאַ, וועלכע קאָן קיינמאָל אַליין נישט עפענען די גרויסע טיר פון טעאַטער־זאַל, דורך וועלכער מען קומט אַריין

אין ביבליאָטעק און מוז דעריבער אָנקומען צו איינער פון די שיינע פריילעכע מיידלעך פון דער משפחה וואָס באַדינט דאָס „פאָלקס־הויז“, אָנשטאָט דער פאַר־ וויקלטער, איינגעהילטער ביז דער נאָז און ציטערנדיקער פאַר קעלט באַרישניאַ נאַסטאַסיאַ, איז גאָר געשטאַנען דער יונגער שייגעץ וואַסילי.

ער איז געווען אָנגעטאָן לייכט, מיט אַ צעשפּילעטן קאָלנער פון דעם ווייסן אויסגעבייטן העמד און אַ לאַכנדיקער, האָט ער אָן שום שוועריקייטן געעפנט די גרויסע טיר און אָנשטאָט צו גיין אויף לינקס, אונטער דער סצענע, צו דער טיר פון דער ביבליאָטעק, האָט ער גאָר דורכגעשפּאַנט דעם גאַנצן זאַל און געעפנט די טיר אין דעם גרויסן צימער, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „טשיטאַלנע“ (לייען־זאַל).

ער האָט צעשטעלט די בענק אַרום טיש, געעפנט די טיר צו דער גאַס און דערמיט צוגעטראָטן צו זיין אַרבעט, וואָס איז באַשטאַנען אין היטן, אַז אין זאַל זאָל הערשן אַ טויטע שטילקייט, אַז די לייענער זאָלן נישט אַרויסטראָגן פון דאָרטן קיין צייטונג, אָדער זשורנאַל און חלילה נישט איבערלאָזן קיין שום ביכל, אָדער בלעטל... אַלע האָבן וואַסילין ליב געהאַט פאַר זיין געשיקטקייט און פריילעכקייט. מען האָט אויך געלויבט זיין גאַנצע משפחה, וועלכע האָט טאַקע געוווינט אין „פאָלקסהויז“. אַלע זענען געווען שיינע, געזונטע, שטאַלטנע און פריילעכע. האָבן געזונגען שיין און געטאַנצט גוט און געקאָנט לייענען און שרייבן.

געשמועסט האָט מען אין טאַלנע, אַז זיי פעלט נאָר קאַפּוּוויטיק. אַ דירה האָבן זיי אַ שיינע, אַ ליכטיקע און גערוימע. הויכע צימערן מיט געפּאַרבטע פּאָלן. פאַר באַדינען און האַלטן ריין דאָס פאָלקסהויז, קריגן זיי אַ שיינע „זשאַלאָוואַ־ ניע“ (געהאַלט). פאַרן באַדינען דאָס טיי־הויז, די „טשיינע“, שטעלט זיך זיי אָפּ הייצונג און טיי מיט צוקער, אַ חוץ דעם אַרבעט דער פאָטער מיט די זין אין צוקער־זאַוואָד דאָס גאַנצע יאָר און די טעכטער אַרבעטן דאָרטן אין דער צייט פון קלייבן די בוריקעס.

דעריבער זענען זיי אַזעלכע אויסגעפּאַשעטע און זאַטע. זייער קליידונג איז אַ נאַציאָנאַלע, דאָס הייסט אַ פּראָסט־כאַכלאַצקע, אָבער ריין און ציכטיק, מיט גאַנצע מלבושים — פונקט דער היפּוך פון דער אַלטער באַרישניע, די ביבליאָ־ טעקאַרין, וואָס טראָגט כלומרשט פּריצישע קליידער, אָבער זייער אָפּגעטראָגענע און אַלטמאָדישע און דער גאַנצער אויסזען אירער איז אַ נעבעכדיקער, אַ פאַר־ הונגערטער און אַ זויערער...

* * *

הייסט דאָס, אַז אויב יהודית איז דעם טאָג געווען אין ביבליאָטעק, איז אַן צווייפל, אַז דאָס האָט נישט געקאָנט זיין זונטיק.

זאָל דאָס, הייסט דאָס, האָבן פאַרגעקומען מאָנטיק? און איך האָלט ערשט ביי שבת־צו־נאַכט און ביז איך געפין נישט דעם זונטיק, קאָן איך נישט צוקומען צו דעם מאָנטיק. בלייבט מיר אַלזאָ אַן אָנגעשטרענגטע אַרבעט, אויסצוגעפינען יענעם זונטיק און נאָך דעם גלייב איך, אַז עס וועט זיך מיר שוין אַליין אויס־וויקלען דער מאָנטיק מיט אַלע זיינע געשעענישן.

ווייס איך אָבער, אַז עס וועט מיר אָנקומען שווער. טאַקע דערפאַר, ווייל פונדעווייטנס זענען אַלע וואָכעדיקע טעג זייער ענלעך איינער צום צווייטן. דאַרף מען דעריבער זיך באַוואָפענען מיט אַ סך געדולד און זוכן דעם פאָדעם אויף אַן אַנדער אופן.

געוויינטלעך, יעדן פרימאָרגן, ווען איך שטיי אויף פון שלאָף און טו מיר אָן, לויף איך באַלד אין קיך צו דער מאַמען, וואָס פאַרעט זיך ביי דעם אויוון, צוגרייטנדיק מיטאָג. די מאַמע זעט שוין אַז איך זאָל מיר אַרומוואַשן. זי הייסט מיר פאַר יוצא וועגן זאָגן מודה אני און דערלאַנגט מיר טיי מיט מילך, מיט עפּעס צו פאַרבייסן אויף פרישטיק.

עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין גנעסיע די שוחטקע. גנעסיע קומט אַריין מיט אַן עמער און בעט עטלעכע קוואַרט וואַסער, כדי זי זאָל האָבן אויף אָפּצוגיסן דאָס פלייש, ווייל זי האָט געמוזט אויסגיסן דאָס וואַסער, ווייל היינט איז געשטאָרבן אַ נאָענטער שכן לעבן זייער שטוב — לייבל דער טרעגער איז געשטאָרבן.

— האַ? וואָס? איך פלאָנטער. לייבל דער טרעגער איז גאָר געשטאָרבן פרי־לינג־צייט — דאָס געדענק איך גוט — און נישט זונטיק איז דאָס געווען, נאָר פרייטיק און נישט קיין פּראָסטער פרייטיק איז דאָס געווען, נאָר ערב שבועות און דעמאָלט איז מען שוין ביי אונדז אין שטוב נישט געגאַנגען דורך דער אונ־טערשטער טיר, וואָס געפינט זיך ביי דער קיך — ווי מען פלעגט דאָס טאָן ווינ־טער — נאָר דורך דער פעדערשטער טיר, דורך דעם גאַניק פון לעבן דער סוכה.

און די דאָפּלטע פענצטער האָט מען שוין פון לאַנג געהאַט אַרויסגענומען און צוריק אַרויפגעטראָגן אויפן בוידעם ביז איבער אַ יאָר ווינטער מירטשעשעם.

* * *

אין יענעם פרימאָרגן האָט מיר אויפגעוועקט אַ קיל ווינטעלע, וואָס האָט זיך דורכגעשלאָגן דורך אַ שפּאַרונע פון פענצטער און מיר געבראַכט אַ פרישן ריח פון בעז, פון רויזן, פון צוויט, פון בליענדיקעביימער, פון פריש גראָז אויף

לאַנקעס, פון צעאַקערטע פעלדער, פון אַ קיל לויטער טייכל און מיר אַנגעזאָגט אַ גרוס פון אַ ווייטער שיינער אומבאַקאַנטער וועלט.

איך האָב מיר דערמאָנט, אַז עס איז פרילינג, אַ פרייע וועלט. מען וועט שוין קאָנען אַרומלויפן אין דרויסן און זיך שפּילן מיט קינדער אויפן גאַס. איך האָב מיר דערמאָנט אַז עס איז ערב שבועות און אַז מיין שוועסטער האָט מיר צוגעזאָגט מיטצונעמען אין וואַלד. איך האָב מיר דערמאָנט, אַז איך וועל מיר פּאַרפּוצן מיט מיין ווייס קליידעלע, מיטן העל־בלויען גאַרטל און מיט דעם זעלביקן קאָליר סטענגע אין די האָר און אַז מען האָט מיר געקויפט געלע סאַנדאַלן, מיט געקעסטלטע קורצע זאָקן און אַז די מאַמע וועט אָפּבאַקן מילכיקע קנישעס אויף יום־טוב.

איך האָב מיר אויך דערמאָנט, אַז די מאַמע האָט געבראַכט פון מאַרק גרינע צווייגן אויף צו באַפּוצן די שטוב און אַז יהודית האָט געבראַכט פון איר חברטע אַ גרויסן פּאַק בעז און אים אַריינגעשטעלט אין אַ וואַזע מיט וואַסער. דער טאַטע איז גראָד געזעסן ביים אויבן־אָן פון טיש, האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין פּלאַץ און איז צוגעגאַנגען צו דעם קליינעם טישל אַ שמעק טאָן דעם בעז.

דעמאָלט האָט יהודית גענומען דערציילן ווי אַזוי זי האָט קוים פאַרטראָגן דעם פּאַק בעז. זי האָט אַנגעריסן אפשר דריי מאָל אַזוי פיל, נאָר אויפן וועג אַהער זענען איר באַפאַלן קינדער, יעדער האָט געבעטן אַ בינטעלע און זי האָט נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה, ווי צו צעטיילן מיט גוטן, ווייל אויב נישט וואָלטן זיי געוואָלט מיט געוואַלד אויסגעריסן.

דער טאַטע האָט אויף דעם אַלעמען געענטפערט מיט אַ זיפץ.

יהודית האָט זיי דערציילט אַז זי האָט אַמאָל געלייענט אַ בוך פון דער ביבליאָטעק, וואָס האָט געהייסן „גיב מיר אַ בלימל". דאָס בוך איז געווען איבערזעצט פון פּויליש און די שרייבערין האָט געהייסן עליזאַ אָרזשעשקאָווא. אין דעם בוך דערציילט זיך, ווי זשעדנע אַ ייִדיש קינד איז נאָך אַ בלום, אַ רויז, ווי וויים דאָס קינד איז פון דער נאַטור און ווי טיף און וויטיקלעך אַ ייִדיש קינד בענקט נאָך דער נאַטור־שיינקייט.

האָט די מאַמע געקוקט מיט גלאַנציקע אויגן אויף יהודיתן, אַנטציקט און שטאָלץ, וואָס יהודית פאַרשטייט אַזוי גוט אַ בוך און גערירט דערפון וואָס אויף דער וועלט איז פאַראַן אַ פּריצטע, אַ שרייבערין, וואָס „באַשרייבט" ייִדישע קינדער און האָט רחמנות אויף זיי.

יהודית האָט דערקלערט דער מאַמען, אַז די שרייבערין האָט ליב ייִדן. האָט דער טאַטע אַ מאַך געטאָן בייז מיט דער האַנט:

— איך בעט זיי נישט, אַז זיי זאָלן אונדז ליב האָבן. עס וועט זיין גענוג,

אויב זיי וועלן פאַרשטיין, אַז מיר זענען פונקט אַזעלכע מענטשן ווי זיי.

איך טראַכט מיטאַמאָל וועגן אַזוי פיל זאַכן, אַז מיר איז אוממעגלעך איינ־ליגן אין בעט. כאַפּ איך מיר אָנטאָן, כאַטש איך ווייס אַז פאַר מיר איז נאָך צו פרי זיך אויפצוהייבן.

איך בלייב שטיין, שוין אָן אָנגעטוענע, אויפן שוועל פון קיך און קוק מיר צו ווי די מאַמע האָט אויסגעקאַטשעט אַ קיילעכדיקן גרויסן בלאַט טייג, פון וועלכן זי נעמט אַרויס מיט אַ גלאָז קליינינקע קיילעכדיקע קיכעלעך.

דער טאַטע פאַרעט זיך ביים סאַמאָוואַר. ער פאַרקאַכט טיי און גיסט אָן דער מאַמען אַ שטאַרקע גלאָז טיי, פונקט ווי זי האָט ליב. אויף דער מאַמעס פּנים איז קענטיק, אַז זי איז צופרידן דערפון, וואָס דער טאַטע איז איר געטריי און זי קלאָגט זיך צעפּעשטשעט:

— דו מיינסט מיר ליגן אין קאָפּ די אַלע „צערעמאָניעס"? איך וואָלט אויף גיך צעשניטן מיטן מעסער דאָס טייג אויף קיכלעך און פּטור אָן עסק. וויל אָבער יהודית שיינע קיכעלעך, ווייל אויב נישט שעמט זי זיך מכבד צו זיין אירע חברטעס, פֿועלט זי ביי מיר. אַבי איך קאָן נאָר צופרידנשטעלן אַ קינד. אויב איך קאָן נאָר אויספירן, איז ביי מיר אַזאַ כאַראַקטער אַז איך גיב נאָך.

דער טאַטע האַקט איר איבער בייז:

— פייגל, פאַרוואָס ביסטו אַזאַ ביטערער עקשן? פאַרוואָס פאַרגינסטו דיר נישט כאַפּן אַ גלאָז טיי? דער טאָג איז שוין היינט גרויס. וועסט מירטשעשעם איינפאָרן.

פלוצלינג דערזעט מיר די מאַמע און באַגעגנט מיר מיט חוזק:

— ס'קאָצל קומט, מחותנתטע. דו ביסט שוין אויך דאָ? — און נעמענדיק טרינקען די קאָכיקע טיי זאָגט זי צום טאַטן — די „חכמה" דיינע.

ענטפערט איר דער טאַטע מיט אַזאַ סאָרט הוסט, וואָס קאָן פאַרשטאַנען ווערן, אַז חכמה איז אָן איידעלע זאַך און מען דאַרף דערצו אַ גרויסן מבין...

די מאַמע בייסט אָפּ אַ קליין שטיקעלע צוקער און שרייט אויס:

— דיין „חכמה" האָט שוין ווידער אַמאָל אָנגעטאָן די שיך קאַפּויער.

דרייט זיך דער טאַטע אויס מיטן פּנים צו מיר. ער בייגט צו צו מיר אַ לאַכנדיקע באָרד און זאָגט מיט אַ שמייכל:

— דו גרויסע בהמה בצורת קעלבעלע, ביז צו דיין חתונה, וועסטו נישט קאָנען זיך אָנטאָן די שיך?

איך זעץ מיר האַסטיק אַוועק אויפן שוועל. און פונקט אין דעם מאָמענט, רייסן זיך אַריין צו אונדז אין קיך הארצרייסנדיקע קולות און איך שפּרינג אויף אַ פאַרציטערטע.

דער טאַטע קוקט דערשראָקן דורכן פענצטער און די מאַמע פאַרברעכט די הענט.

— אוי ווי! — זאָגט זי — זע ווי זינדיק דער מענטש איז. עס איז מיר גאָר פון קאָפּ אַרויס!

דער טאַטע קוקט אויף איר פאַרחידושט.

— דאָס איז נעבעך לייבל דער טרעגער אויסגעגאַנגען — זאָגט די מאַמע אַ טרויעריקע — נעכטן, האָבן מיר ביי איר געפּועלט, אַז זי זאָל אים מער נישט „אָפּרופן". כמעט דריי טעג האָט געדויערט די גסיסה. אוי, אַן אומגליק נעבעך. האָט געלאָזט אַ ווייב אַ קאַליקע, מיט צוויי פּיצלעך קינדער.

— אַזאַ יונגער מענטש! — קרעכצט נערוועז דער טאַטע — אַ געמוטשעט לעבן, אַ שווערס און דער טויט איז אים אויך אַזוי שווער אָנגעקומען. פאַרוואָס, רבונו של עולם? וועמען האָט ער שלעכטס געטאָן? האָ? דוכט זיך, קיין פליג אויף דער וואַנט נישט געטשעפּעט. געהאָרעוועט ווי אַן אייזל, מיט דער נאָז די ערד געגראָבן, ביז ער האָט זיך אונטערגעריסן. איך האָב געהערט אין בית־מדרש, אַז מען האָט אים געמאַכט אַן אָפּעראַציע און אים פאַרזאָגט נישט אויפצוהייבן קיין שווערע זאַך.

— אוודאי — כאַפּט אונטער די מאַמע אַן אויפגערעגטע, אָפּוואַשנדיק די הענט פון דעם טייג — ער האָט נישט געטאָרט אויפהייבן קיין משא און ער איז געגאַנגען יעדן טאָג אין מיל און געשלעפּט זעק מיט מעל. ערשט נעכטן, האָט מיר דערציילט זיין ווייב ליבע, אָבער ווי מען רופט איר דאָ מיט צונעמעניש ליבע טאַניע.

דער טאַטע רייסט איר איבער.

— אַליין שולדיק מסתמא? — רעדט ער אַ בייזער — וואָס האָט ער נעבעך געקאָנט טאָן? שטאַרבן פאַר הונגער איז בעסער? ער האָט דען געהאַט אַן אַנדער פאַך? אָדער זאָל ער זיך גאָר אַוועקזעצן שרייבן ספרים? אַבי מען האָט אים חתונה געמאַכט. זיי האָבן זיך דערשראָקן פאַר דער כאָליערע האָבן זיי אים חתונה געמאַכט און ווייטער, שלאָג דיר קאָפּ אין וואַנט, וועמען אַרט דען אין טאַלנע, אַז אַן אָרעמאַן פאַלט אין מיטן גאַס?

די מאַמע ווערט בייז:

— האָסטו געהערט, אַז אַ מענטש זאָל דאָס האָבן אַ נאַטור כסדר צו פאַר־בייטן די יוצרות. וואָס כאָליערע? ווען כאָליערע? זיי האָט מען נישט חתונה געמאַכט צוליב דער כאָליערע.

דער טאַטע זאָגט מיט חרטה:

— יאָ, איך האָב געהאַט אַ טעות. בעת דער כאָליערע האָט מען גאָר חתונה

געמאַכט דעם אַנדערן לייבל. איך מיין דעם, וועלכער קומט אַמאָל שעכטן אַן עוף. דער שוואַרצער מיט די קוטשעראַווע האָר.

— עס הייבט זיך נישט אָן! — ענטפערט די מאַמע מיט חוזק — יענער הייסט נישט לייבל, נאָר יאָסל.

— איך מיין טאַקע יאָסל — זאָגט דער טאַטע שוין אינגאַנצן אַ באַזיגטער.

די מאַמע איז אָבער אומברחמנותדיק זיגעריש:

— דער דאָזיקער יאָסל, וואָס דו זאָגסט, איז נאָך גאָר אַ בחור...

— ווען דען האָט מען חתונה געמאַכט בעת דער כאָליערע, מיט אַ גאַנצן טאַראַראַם? — פרעגט שוין מיט כעס דער טאַטע — איך בין משוגע, צי וואָס? ענטפערט די מאַמע:

— בעת דער כאָליערע, האָט מען חתונה געמאַכט דער משוגענער כייקעלע, מיט דעם פון דער „פלעסע". ער האָט זייער אַ מיאוסן צונאָמעניש. ער האָט זי באַלד פאַרלאָזט. ער איז פון „יענע לייט", פאַראַן פון ווען צו רעדן. דער לייבל אָבער איז געווען אַן עלנטער בחור, אַן איינזאַמער. אַזוי אַ שיינער יונגאַטש, אָבער דער לשון זיינער איז אַ געשלאָגענער — כמעט אַ שטומער און זי איז אַ קאַליקע אַ האָרבאַטע און זייער אַ העסלעכע אויפן פנים. זי האָט אָבער געירשנט פון פאָטער דאָס שטיבל. און זעסט דאָך, זיי האָבן אָפּגעלעבט אַכט יאָר שטיל, לייטיש. ווען נישט זייער אָרעמקייט, וואָלטן זיך אַ סך געקאָנט ווינטשן אַזוי צו לעבן. ער האָט זי געהאַלטן מיט כבוד און זי נעבעך האָט נאָר געפּראַצעוועט, געזוכט, גענישטערט צו פאַרדינען אַ גראָשן. געהאָלפן די מאַרקזיצערינס אין אַ מאַרקטאָג, געפּליקט פעדערן דורך די נעכט, געגאַנגען פאַרקנעטן ברויט, אָפּפליקן גענדז און הינער. אויף שבת האָט זי אָפּגעפּראַזשעט שאַנישניק, קאַבאַק־קערלעך און פאַרקויפט אויף באַרג. און אַן ערלעכע איז זי — זי וועט חלילה נישט מאַנען קיין איבעריקן גראָשן. אין שטוב ביי זיי האָט גערוט די שכינה. ביסט אַריינגע־קומען אין שטוב, איז אַלצדינג זויבער און ציכטיק. דער דלות פאַרשפּרייט און פאַרדעקט. די ערדענע פאָל, איז גלייך אָפּגעשמירט, אונטערגעפּירט מיט קאַנטן, ווי אַ געוועקסלטער פאָל. ער פלעגט ליגן און רוען און נעבן אים די קינדערלעך. דאָס יאָ, קיין קינד האָט זי נישט געטאָרט שלאָגן, אַפילו מיט קיין פינגער נישט אָנרירן. דאָס לעבן און די נשמה זענען ביי אים געווען די קינדער.

— נעכטן — דערציילט ווייטער די מאַמע מיט אַ וויינענדיק קול — נעכטן האָט זי מיר דערציילט, אַז ער האָט ביי איר גענומען דאָס וואָרט, אַז זי וועט קיינעם נישט אָוועקגעבן די קינדער. ווייל די קינדער זענען קיין עין־הרע צוויי מיידעלעך ווי די ליאַלקעס. עס וואָלט זיך שוין געפינען עפּעס אַ „בעזדיטעכע"

וואָס וואָלט גענומען אַ קינד, האָט ער איר פאַרזאָגט, אַז זי זאָל אַליין אויסהאָדעווען די קינדער.

די מאַמע האָט שוין באַוויזן אָפּצוווישן די הענט מיטן האַנטוך, זי האָט אַראָפּגענומען דעם פאַרטוך, אַ טרייסל געטאָן דאָס קלייד און זיך געלאָזט צו דער טיר.

איך לאָז מיר לויפן נאָך דער מאַמען. דער טאַטע כאַפּט מיר אָן ביים קליידעלע און שטעלט מיר אַריבער צוריק איבער דער שוועל.

— עס וועט דאָרטן זיין אַ מנין אָן דיר אויך — אַ קליין מיידעלע גייט נישט צו קיין מת.

— אַ מת? — איך שוידער אויף. איך זעץ מיר אַוועק אויף דער שוועל און קוק בייז אויפן טאַטן — איך האָב אים פיינט!

פון אַלע מוראס און פּחדים, איז ביי מיר די סאַמע ערגסטע מורא — די שרעק פאַר אַ מת. איך געפין נישט קיין גלייכן דערצו.

וואָסער קינד האָט דען נישט קיין מורא, ווען אַ שטייגער עס לויפן די בהמות פון דער טשערעדע, מעקען און איילן זיך צו זייערע קליינע קעלבעלעך? דעמאָלט דאַרף מען זיך גוט היטן צו זיין אויפן גאַס, ווייל אַ קו קאָן כאַפּן אויף די הערנער. די דאָזיקע שרעק איז פונדעסטוועגן נישט גלייך צו דער שרעק, ווי צום ביישפּיל ערב אַ חגא, אָדער אַ יאַריד, ווען מען האָט מורא פאַר אַ פּאָגראָם. ווען אַ קינד מערקט, אַז דער טאַטע האָט מורא, דעמאָלט שפּירט דאָס ממש, ווי דער באָדן אַנטלויפט אונטער די פיס. אָבער אָט איז פאַרביי די חגא, אָדער די אַנדערע סיבה. אַלצדינג איז אָפּגעגאַנגען רויק. די שרעק איז פאַרביי, דאָס פיינלעכע געפיל פאַרשווינדט און מען פאַרגעסט זיך צוביסלעך.

אָבער גאַנץ אַנדערש איז די מורא פאַר אַ מת. דאָס איז עפּעס אַ מיאוסע, זלידנע, איינגעגעסענע שרעק, וואָס מען ווייס נישט ווי אַזוי זיך צו ראַטעווען פון איר; ווייל אַ מת קאָן אריין דורך פאַרמאַכטע טירן, זיך באַווייזן פּלוצלינג און פאַרשווינדן און ער קאָן אויך קומען צו חלום מיט באַפעלן.

און עס איז דאָ נאָך אַ זאַך: די וואָס זאָגן אייך, אַז זיי האָבן נישט קיין מורא און לאַכן כלומרשט דערפון, וואָס פאַר אַ זיכערקייט איז פאַראַן אַז עס איז אמת? איך האָב באַמערקט, אַז פאַראַן אַזעלכע וואָס מאַכן זיך האַרץ. אָבער אין דער אמתן, ווער האָט נישט קיין מורא פאַר קיין מת?

סיידן מיין ברודער דוד. ער האָט נישט קיין מורא פאַר קיין שום זאַך און אויך נישט פאַר קיין מת. אָבער דער טאַטע זאָגט: ווער קאָן זיך גלייכן צו דודן?

* * *

ערשט נישט לאַנג האָט מען אין שטוב גערעדט דערפון.

עס איז געווען חול המועד פסח און מיר, די קינדער, זענען געזעסן ביים טיש און געגעסן געשמאַקע געפּרעגלטע מצה מיט אייער.

דער טאַטע האָט „געשטעלט" די חלפים און די מאַמע האָט געקוקט מיט הנאה, ווי מיר עסן די אָפּגעפּרישטע מצה.

האָט יהודית דערציילט, אַז איר חברטע פּעסי, נחמיה דעם מעל־פּאַרקויפערס טאָכטער, האָט געדונגען ביי אפרים דעם ווייגשענקער אַ דירה אויף דער שול־גאַס. די שטוב איז אַ באַקוועמע און דאָרטן וועט פּעסי האָבן אַ צימער פאַר איר אַליין. נישט מער, וואָס זי, יהודית, וועט צו איר נישט קומען אין אָוונט, אַפילו נישט תחילת נאַכט, ווייל ווען מען שיט איר אָן אַ פולע שטוב מיט גאָלד, וועט זי נישט גיין ביינאַכט אויף יענער גאַס.

די מאַמע האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, נאָר דער טאַטע האָט זיך צעהיצט ווי זיין טבע איז:

— אַזוי זענט איר אַלע, די „לאַמטיליגענטן" משטיינס געזאָגט.

און ער האָט זיך פּלוצלינג גענומען לאַכן און שפּעטן און שיטן פעך און שוועבל, אויף איינעם אַ יונגענמאַן, אַ שכן, וואָס האָט געהייסן בערל ג. — פּונקט ווי יענער פילאָזאָפישער קאָפּ — האָט ער געטענהט — דער דאָזיקער קבצניוק מאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער איז אַזאַ גרויסער געשעפטסמאַן, אַז ער מוז וואַרטן ביז פרייטיק פאַרנאַכט, כדי צו נעמען די באַן און קומען אַהיים. ער פאָרט נישט איינמאָל מיט אַ קאַטש, ווען די באַן פאַרשפּעטיקט. אין בעסטן פאַל, שעמט ער זיך אַפילו נישט אַראָפּטראָסקען מיט אַ דראָזשקע, פּונקט ווען אַלע יִדן גייען פון דאַווענען. ער איז קראַנק אַראָפּצוגיין צופיס פון וואָקזאַל. נאָר וואָס איז דאָ צו רעדן פון אַ געגאָלטע מאָרדע, וואָס איז מחלל שבת בפרהסיה. אָבער דאָס איז נישט דער איינציקער חטא זיינער. אָט צום ביישפּיל, איז די סטאַנציע כריסטינאָווקאַ נישט מער ווי צוואַנציק מינוט רייזע פון טאַלנע, מוז ער, דער הולטאַי, פרעסן טריפה קאָטלעטן ביים בופעט. דאָס האָבן געזען אַ סך טאַלנער יִדן און אַז ער איז אין טאַלנע שפּילט ער גאַנצע נעכט אין קאָרטן, דער רוח ווייסט אים ווו. און פאַרטאָג אַז ער קומט אַהיים, שפּילט ער מיטן ווייב אין „קוואָרטן"...

— וואָס הייסט? — פרעגט די מאַמע נאַיִוו — ווער האָט דאָס שוין אויסגעטראַכט אויף ברכהן, אַז זי שפּילט אין קאָרטן?

— וואָס, דו ווייסט גאָרנישט? — לאַכט דער טאַטע — גאַנץ טאַלנע ווייס דאָס. ווען ער קיימט אַהיים פאַרטאָג, האַלט זיין ווייב ברכה פּונקט ביים אָפּגיסן נעגל־וואַסער... און אַז זי דערזעט אים, וואַרפט זי אים די שווערע קופּערנע קוואָרט אין קאָפּ און אַזוי ווי ער פּילט, אַז עס קומט אים דער ברוך־הבא, ענט־

פּערט ער איר מיט אַ גרינג קלײַן קווערטל, וואַרפט זי אים צוריק אַ מעשענע קוואַרט. עס זענען דאָרטן פאַראַן אַ סך פון דעם מין. זיי זענען במחילה איבער־געגאַנגען פון זײַן שווער דעם גבאי פון רבינס הויף.

— וואָס הייסט, טאַטע, ווי אַזוי? — פרעגט משהלע — די קוואַרטן האָבן דען פיסלעך?...

יהודית לאַכט מיט גרויס הנאה און די מאַמע זאָגט צום טאַטן:

— דו וועסט זיך צוהערן צו דעם וואָס טאַלנער לצים רעדן, וועסטו אַרויס אַ לײַט.

דער טאַטע לאַכט וווילויונגעריש:

— אַנטקעגן וואָס דערצייל איך דיר דאָס — זאָגט ער צו יהודיתן — קוק זיך צו. ער איז אַ גראָבער יונג און עם הארץ. קיין ייִדיש וואָרט קאָן ער נישט און באַרימט זיך דערמיט. אויף רוסיש, קאָן ער זיך אַפילו נישט איבערצלמען. ער דאַוונט קיינמאָל נישט און היט נישט אָפּ קיין שום ייִדישע מצווה. ער האָט בלויז אָפּגעהיט קדיש נאָך זײַן פאָטער, נישט צוליב דרך־ארץ צו אים, נאָר ער האָט פּשוט מורא געהאַט, טאָמער קומט דער טאַטע אים וואַרגן בײַנאַכט... מיינסט מיך אַרט זײַן נישט־פרומקייט? — זאָל ער זיך שלאָגן קאָפּ אין וואַנט! עס זענען פאַראַן אַזוי פיל גויִים, איז דאָ נאָך איינער. ער לאַכט כלומרשט פון אונדזער גלויבן, פון די צען געבאָט, פון תורת משה — נו, אויב ער איז שוין יאָ אַזוי ווייט אַוועק, טאָ, פועל ביי אים אַז ער זאָל אַרויספאָרן מאַנטיק! זעסטו, אין דער זאַבאַבאָנע גלייבט ער דווקא יאָ. מאַנטיק איז ביי אים אַ שלעכטער טאָג. אין נאַרישקייט און אין באָבע־מעשיות גלייבט ער גראָד יאָ.

און ווייסטו פאַרוואָס, ווייל ער איז אַ ליידיקער מוח, אַ פלאַכע זאַך, אַ פּוס־טע כלי, אַ גאָרנישט. זעסטו אונדזער דוד זאָל לעבן, איז פּונקט פאַרקערט. ווען ער איז נאָך געווען אַ קינד. אַ שנעק, האָט ער צעפּאַטשט אַ „מת"...

— וואָס הייסט, טאַטע? — פרעגט יהודית אַ פאַרוווּנדערטע און שטעלט זיך אויף — זאָגסטו דאָס ערנסט? דערצייל, טאַטע, בעט זי זיך.

די מאַמע רופט זיך אָן:

— פון דודן איז עס געווען אַ נאַרישקייט און אַ נאַרישקייט, אַז עס געראָט אַפילו, איז דאָס פאָרט אַ נאַרישקייט.

— פאַרוואָס? — לאַכט דער טאַטע.

— איך האָב אַמאָל געהערט — זאָגט די מאַמע — אַ מעשה וועגן איינעם אַ יונגנמאַן, אַ כוואַט, אַ גאַנצער אויפגעקלערטער. ער האָט נישט געגלייבט, אַז מתים שטייען אויף פון קברים. האָט ער זיך איינמאָל געוועט מיט אַנדערע יונגע־לײַט, אַז ער וועט אין אַ ליכטיקער לבנה־נאַכט אַרײַנגיין אויפן בית־עולם, צו־

קומען צו זיין טאַטנס קבר און אויפשרייבן אַ סימן מיט קרייד און אינדערפרי זאָלן זיי קומען זען, צי ער האָט געהאַלטן וואָרט. — ווייסטו וואָס עס האָט פּאַסירט? ווען זיי זענען געקומען אינדערפרי, איז דער יונגערמאַן געלעגן אַ פּאַר חלשטער נעבן זיין טאַטנס קבר און עס איז ביי אים פאַרבליבן אַ חולאת אויפן גאַנצן לעבן.

געשען איז אַזוי: ער האָט אָנגעשריבן די אותיות מיט קרייד און געוואָלט גיין צוריק, ווי ער האָט מיטאַמאָל דערפילט אַז מען שלעפּט אים ביי דער קאַפּאָטע, האָט ער זיך געוואָלט אַרויסרייסן און נישט געקאָנט, איז ער געפאַלן אין חלשות.

דער טאַטע לאַכט ווייטער:

— דו ווייסט וואָס עס איז געשען, פייגל? די מתים־שטיבלעך אויפן הייליקן אָרט זענען הילצערנע. פון דער זון ווערן זיי איבערגעטריקנט און פון דעם רעגן צעפּוילט און די טשוועקעס שטעקן אַרויס. דער יונגערמאַן האָט זיך אפנים פאַרטשעפּעט די קאַפּאָטע אין אַ טשוואַק, האָט ער זיך דערשראָקן און געמיינט אַז דער טאַטע שלעפּט אים אין קבר אַריין — אַוודאי, אַז מען קאָן נישט דאַרף מען זיך נישט אונטערנעמען.

עפּעס אַנדערש איז מיט דודן, זאָל געזונט און שטאַרק זיין. ער איז אַ יונג מיט ביינער, אַ חוץ דעם וואָס דער קאָפּ איז אַ גוטער, איז קיין עין־הרע דער קערפּער אַ שטאַרקער — אַ מאַלאַדיעץ! — זאָגט דער טאַטע מיט גדלות.

— אָבער דערציילט שוין אַמאָל, וואָס ער האָט געטאָן — בעט זיך יהודית.

— אָט הערסטו דאָך — ענטפערט די מאַמע — אין יענער צייט איז געווען אַ מאָדע, אַז בחורימלעך פלעגן לערנען ביינאַכט אין בית־מדרש. דוד האָט, ווי זיין שטייגער צוצושטיין צו יעדער חברה, אויך געוואָלט גיין מיט זיי לערנען, האָט אים דער טאַטע דאָס נישט דערלויבט. ער האָט זיך דערביי געהאַט זיין חקירה און איז אפשר געווען גערעכט.

— צו וואָס האָב איך באַדאַרפט ער זאָל נישט שלאָפן דורך די נעכט און זיך חברן מיט אַ סך עלטערע יינגלעך פון אים? אַז אַ קאָפּ האָט ער ברוך־השם אַ גוטן, ער האָט באַוויזן זיי איבערצויאָגן ביי טאָג — באַרימט זיך דער טאַטע — נאָר איינמאָל האָט ער זיך אַזוי צוגעטשעפּעט, אַז מען זאָל אים לאָזן גיין איינמאָל, נאָר איין און איינציק מאָל. מילא האָב איך אים נאָכגעגעבן. אָבער אויף מאָרגן האָט גאַנץ טאָלנע געקלונגען מיט אים — לאַכט דער טאַטע.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די בחורים, האָבן אים דערציילט, אַז שוין אַ פּאָר נעכט, ווי פּונקט 12 אַזייגער ביינאַכט, שטייט לעבן רבינס קרעניצע אַ ווייסער מענטש אין תכריכים.

יהודית גיט אַ ציטער איבערן גאַנצן קערפּער. איך האַלט מיך פעסט ביי דער מאַמעס קלייד און דער טאַטע זעצט זעצט פאָר:

— אין יענער נאַכט, האָבן זיי קוים דערצויגן ביז 12. זיי גייען אַרויס פון בית־מדרש און בלייבן שטיין ווי פאַרגליווערט. שמע־ישראל! שרייען די יינגלעך בלאַסע און ציטערנדיקע. די האָר האָבן זיך ביי זיי געשטעלט קאַפּויער. ערשט זיי גיבן אַ קוק, דוד לויפט גלייך צום „מת", מען קאָן זען, ווי ער הייבט אויף די הענט און עס דערהערט זיך מאָטל דעם בעדערס קול: — דו שגץ, עזות־פּנים! וואָס שלאָגסטו זיך? און דוד ענטפערט: — זייט נישט ברוגז, ר' מאָטל. איך האָב געמיינט, אַז עס איז אַ מת און אַ מת דאַרף מען אָפּשטופּן פון זיך, אויף צוריק...

דער טאַטע לאַכט צופרידן:

— דוד — זאָגט ער — האָט ביי דער שיין פון דער לבנה, דערקענט מאָטל דעם בעדערס „קאָרענע שטיוול", האָט ער באַלד פאַרשטאַנען, אַז דער גראָבער יונג האָט זיי געוואָלט אָפּטאָן אַ שפּיצל און איבערשרעקן די יאָלדן. דעריבער האָט ער זיך פאַרדעקט מיט אַ ווייסן ליילעך. זעסטו, טאָכטער — פאַרענדיקט דער טאַטע — דווקא נישט קיין אינטעליגענט, עס איז אָבער געווען גענוג אַז מען האָט אַ קאָפּ אויף די פּלייצעס.

משהלע האָט אין דער צייט באַוויזן אַרויפצוקלעטערן אויף יהודיתעס בענקל און זי אַרומנעמען הינטן־אַרום. יהודית שפּרינגט אויף מיט אַ דערשראָקענעם קוויטש. די מאַמע האָט קוים קוים פאַרכאַפּט משהלען אַז ער זאָל נישט פאַלן און זי בייזערט זיך אויף אים:

— האָסטו געזען אַ נאַטיר ביי אַ קינד, אַרויפקלעטערן הינטן־אַרום? — ער וועט ווען עס איז גנהרגט ווערן.

דער טאַטע לאַכט מיט חוזק פון יהודיתן פאַר איר דערשרעק.

איך בין צופרידן, וואָס עס איז נישט נאַכט; ווען עס איז ליכטיק קומען נישט קיין מתים.

איך הער דעם טאַטנס קול. ער רופט מיר איך זאָל גיין איבערבייסן. איך בין בייז אויפן טאַטן און שאָקל מיטן קאָפּ אויף ניין.

עס הייסט, איך וועל נישט ער זאָל מיר געבן צו טרינקען „טיי מיט מילך".

* * *

ווען די מאַמע איז געקומען צוריק, איז גנעסיע געשטאַנען לעבן יהודיתן מיט אַן עמער וואַסער און איינגעטענהט מיט איר, אַז ליבע־טאַניען איז אייגנט־לעך אַלצאיינס, ווייל סיי ווי סיי, האָט איר לייבל שוין אַ יאָר צייט גאַרנישט

פאַרדינט און בלויז געקרענקט, זיך געמוטשעט און געפאַלן צו לאַסט. איצט וועט זי מוזן זאָרגן בלויז פאַר זיך און די קינדער. עס וועט איר נאָך אפשר ווערן גרינגער.

יהודית האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. אָבער די מאַמע האָט געהאַט אינגאַנצן אַן אַנדער מיינונג. אַן אָרעמע מלוכה, איז אויך אַ מלוכה. ווי שלעכט עס איז איר געווען, ווען ער איז געווען קראַנק, איז זי פאָרט נישט געווען קיין אלמנה און אירע קינדער זענען נישט געווען קיין יתומים. און איצט, ווער איז זי? און וועמענס איז זי? געבליבן נעבעך עלנט ווי אַ שטיין און יעדן שבת, אָדער יום־טוב, וועט זי מוזן אָנקומען צו אַ פרעמדן טיש.

פאַרנאַכט, ווען די מאַמע האָט זיך ווידער אַריינגעכאַפּט צו דער אלמנה, בין איך איר נאָכגעגאַנגען.

אויפן שוועל פון דעם נידעריקן שטיבל, איז געזעסן די האַרבאַטע ליבע־טאַני, מיט אַ מיאוס פאַרשוואָלן פּנים פון אַזוי פיל וויינען.

זי האָט זיך ריטמיש געשאָקלט און טרויעריק איבערגעחזרט מיט אַ סקאַר־באָווען ניגון:

— ווײ איז מיר!
און ווינד איז מיר!
אַן אומגליק האָט מיך געטראָפן!
און אַ בראָך האָט מיך געטראָפן!
אַ דונער האָט מיך איינגעשלאָגן!

און אַזוי ווייטער.

לעבן איר זענען געשטאַנען עטלעכע ווייבער, שכנות. איינע האָט געהאַלטן אַ גלאָז טיי. די ווייבער האָבן זיך ביי איר געבעטן, איינגעטענהט מיט איר און זי האָט קיין שום אַכט נישט געלייגט אויף זיי. די ווייבער האָבן זיך גענומען פאַרקלאָגן פאַר מיין מאַמען:

— שוין דריי טעג, ווי זי נעמט גאָרנישט אין מויל אַריין. אַפילו נישט קיין טראָפּן וואַסער.

ביידע מיידלעך האָבן געוויינט און זיך געבעטן:

— מאַמע, טרינק די טיי...

מיין מאַמע האָט זיך אָראָפּגעבויגן צו דער אלמנה און זיך געווענדט צו איר מיט די ווערטער:

— הער מיך אויס, ליבע, גלייב מיר, מיין פריינט, ווען מען וואָלט גע־קאָנט, מיט וויינען און שרייען, לעבעדיק מאַכן דיין מאַן, מעגסטו מיר גלייבן,

אַז נישט נאָר איך וואָלט דיר געלאָזט וויינען, נאָר מיר אַלע וואָלטן דיר נאָך מיטגעהאָלפן. אָבער דו ווייסט דאָך גוט, אַז וואָס די ערד דעקט צו, מוז מען פאַרגעסן. זיי דעריבער נישט קיין גזלן אויף זיך און אויף דיינע קינדער. פאַר־געס נישט, אַז איצט דאַרפסטו זיין פאַר די קינדער אַ מאַמע און אַ טאַטע. דיין מאַן, ליבע, איז געווען אַ כשרע נשמה און אַן ערלעכער ייִד. טאָ זיי אים נישט מבייש. עס איז איצט ערב שבת און ערב יום־טוב. פאַרגעס נישט, ליבע, אַז דו ביסט אַ ייִדישע טאָכטער. גאָט וועט דיר נישט פאַרלאָזן. ער איז אַן אב־יתומים. ער שפּייזט יעדער לעבעדיק באַשעפעניש.

דער מאַמעס קול רייסט זיך איבער און זי רעדט נאָכדעם ווייטער:

— פאָלג מיך, ליבע, גיי וואַש דיר אָרום און טו אָן דאָס שבתדיקע קאַפּטל.

און מערקווירדיק, ליבע שטייט אויף געהאָרכזאַם און פאָלגט מיין מאַמען און די ווייבער קוקן מיט דרך־ארץ אויף מיין מאַמען.

— קום, טאָכטער — נעמט מיר די מאַמע ביי דער האַנט — עס איז שוין באַלד צייט צו בענטשן ליכט.

## זעקסטער קאַפּיטל

# אָרעמע לייט

ווי אַזוי עס האָט זיך ביי מיר איינגעפּלאַנטערט איינגאַנצן אַ פרעמדער פּאַדעם, ווייס איך נישט. דאָס אַלצדינג וואָס איך האָב באַרוואָס דערציילט, האָט דאָך גאָר קיין שייכות נישט צו דער געשיכטע מיט די לייכטער. נאָך וואָס האָב איך דאָס אַלץ דערציילט?

נאָר אויב יענעם זונטיק, איז נישט אַריינגעקומען גנעסיע, איז דאָס אפשר געווען לאה די מנקרקע?

זי האָט דאָך שטענדיק אַ טבע אַריינצוקומען אין אַ ווינטערדיקן פריִמאָרגן, אויף צו כאַפּן אַ קוק אויף די געגנדז וואָס מען האָדעוועט און געבן עצות, צי מען דאַרף זיי שוין קוילען, אָדער זיי דאַרפן זיך נאָך האָדעווען.

די מאַמע איז נישט איבעריק צופרידן פון לאהס וויזיטן. זי איז זיי נישט שטאַרק געדן. פאַרקערט, זיי פאַרשאַפן איר אַ סך עגמת נפש, ווייל ווען זי קומט, ברענגט זי איר עפּעס אַ „פּאַטשט”, אַ נייעס, אַ פּליאַטקעלע און רכילותל, ווי למשל: זי האָט געהערט זאָגן אַז יהודית האָט געזונגען ביי אַ חברטע, איז זיך צונויפגעלאָפן די גאַנצע שטאָט. אָדער, אַז עס איז אַ סברה, אַז מען האָט געזען יהודיתן שפּאַצירן אויפן שאָסיי מיט בחורים. וועגן טאַטן צום ביישפּיל, פלעגט זי דערציילן דער מאַמען, אַז עס גייען אַרום קלאַנגען, אַז ער לייקנט אַפילו די ייִדישע היסטאָריע פון גרעץ — אַ זאַך וואָס עס פּאַסט נישט פאַר קיין פרומען ייִדן.

עס געשעט אַמאָל, אַז די מאַמע רעדט איבער וועגן דעם פאַרן טאַטן, פאַר יהודיתן, אָדער פאַר פייגעלע דער שוחטקע. שרייען זיי אַלע אויף איר. אַז זי איז אַליין שולדיק דערמיט, וואָס זי הערט זיך צו צו לאהס געשיכטעס.

— ביי מיר — שטעלט זיך פייגעלע אויף די שפּיץ־פינגער און זאָגט מיט גדלות — ביי מיר, וואָלט זי געעפנט די טיר מיטן קאָפּ.

— איך וואָלט איר אַרויסגעוואָרפן אויף צוויי שפּענדלעך — רעדט יהודית באַרימעריש.

דער טאַטע גיט מיט פאַרדרוס אַ מאַך מיט דער האַנט:

— אַזוי איז זי שוין — װײַזט ער אָן אויף דער מאַמען — זי לאָזט זיך טרעטן אויפן קאָפּ.

די מאַמע װיל אָבער בשום־אופן נישט גלייבן, אַז לאה איז איר אַ שונא. און פאַרוואָס זאָל זי דאָס איר זיין — איך האָב איר אַ קינד געקוילעט? אָט די אַלע מעשיות, וואָס לאה דערציילט מיר אויף מיינע קינדער, צי אויף מיין מאַן, די אַלע חסרונות, קריכן מיר פון איין אויער אַריין און פון דעם אַנדערן אַרויס — זאָגט די מאַמע.

— דאַנקען גאָט, מיינע קינדער קען יעדער איינער און מיין מאַן, וועט קיי־נער נישט אַסרן דאָס „קלינגל", כאָטש ווי לאה זאָגט, לייענט ער די „טריף־פסולס".

אויב די מאַמע איז מיט עפּעס נישט גערן לאהן, איז דאָס דערפאַר, וואָס זי ווייס, אַז לאה האָט אַ שלעכט אויג.

— מעג מען פון מיר לאַכן, וויפל מען וויל — זאָגט די מאַמע — איך האָב שוין אָבער דאָס גוט אויסגעפּרוווט. גיט לאה אַ טאָפּ די גענדז, אַזוי פאַלן זיי באַלד אָפּ און, להבדיל, אַ קינד. קוקט זי אויף דעם לאַנג, באַקומט עס גלייך אַ „גוט־אויג". אַנומעלטן, איז לאה אַריינגעקומען און דערזען משהלען און אַ זאָג געטאָן: — זעט נאָר אַ מין רויט קאָבאַקל, אַ קיילעכיקס! האָט דאָס קינד באַלד אויפן אָרט זיך אַזוי פאַרהוסט און פאַרקייכט, אַז די מאַמע האָט געמיינט, אַז עס איז חלילה אויס מיטן קינד. אָבער וואָס קאָן מען איר טאָן? צי קאָן מען דען יענעם אָנשפּייען אין פּנים?

איך פאַרשטיי נישט פאַרוואָס די מאַמע זאָגט, אַז זי לאָזט טרעטן אויפן קאָפּ. ווייל דעמאָלט ווען מען באַדאַרף, פאַרשווייגט איר נישט די מאַמע. מען האָט שוין פאַרגעסן, ווי אַזוי די מאַמע האָט אָפּגעהאַקט לאהן די פליגל, אַז יענע איז נאָכדעם געווען עטלעכע יאָר ברוגז.

ביז היינט צו טאָג ליידט דוכט זיך די מאַמע דערפון — ווייל מען באַדאַרף וויסן, אַז לאה איז די איינציקע מיט וועמען די מאַמע איז געווען אַמאָל ברוגז; ווייל צוליב וואָס האָט די מאַמע געהאַט צו ווערן ברוגז מיט איר? קיין קרע־מערין איז זי נישט, אַז זי זאָל זיך דאַרפן קריגן איבער אַ קונה, אָדער איבער פּרנסה. נו, און מיט יענעם ביי איין קיך, ווױנט זיך דאַנקען גאָט אויך נישט — איז צוליב וואָס זאָל זי זיך סתם קריגן מיט יענעם? אָבער לאה האָט אַ ביטערן כאַראַקטער, האָט זי גורם געווען דערצו, אַז די מאַמע זאָל אַרויס פון די כלים און זי פאַרטרייבן פון שטוב.

און די מאַמע נעמט זיך דערציילן, די שוין פון לאַנג אַלעמען באַקאַנטע געשיכטע:

— זי הייבט נישט אָן צו פאַרשטיין, פאַרוואָס איז לאה אַזאַ שלעכטע שטיפמאַמע, אַז אייגנטלעך, איז זי, לאה, גאַרנישט קיין שלעכטע און מען קאָן אַפילו זאָגן, אַז זי האָט אַ גוט האַרץ. האָט אַמאָל פּאַסירט, אין דער צייט, ווען מען איז געווען נאָענטע שכנים, אַז שרהקע, לאהס שטיפטעכטערל, וואָס איז דעמאָלט געווען אַ קינד פון צען יאָר, איז אַריינגעלאָפן אין שטוב און זיך גע־נומען „באַרעדן" לאהן.

די מאַמע האָט דער קליינער נישט געוואָלט צוגעבן געךעכט. פאַרקערט, האָט איר נאָך געזאָגט מוסר, הלמאַי זי פאָלגט נישט, הלמאַי זי באַרעדט דער שטיפמאַמע אאַ"וו.

— נישט מער — דערציילט די מאַמע — פונקט דעם זעלביקן טאָג, האָב איך געהאַט אָפגעפּרעגלט פאָווידלע פון פלוימען און אַלע מיינע קינדער זענען געזעסן אַרום טיש, געטרונקען טיי און געגעסן ברויט מיט פאָווידלע, האָב איך אָנגעגאָסן נאָך אַ גלאָז טיי און אָנגעשמירט נאָך אַ רייפטל ברויט מיט פאָווידלע און קוים מיט צרות געפּועלט ביי דער קליינער, אַז זי זאָל פאַרזוכן מיין פאָ־ווידלע. איז מיט וואָס האָב איך דאָס חוטא־בעגל געווען?

— אָבער פונקט האָט דאָס איר „אָנגעטראָגן" פון ערגעץ — דערציילט ווייטער די מאַמע — נו, האָב איך דאָס אָפּגעלייזט פון איר! זי איז אַריין אין שטוב ווי אַ ווירבער, מיט געשרייען, געוואַלדן און קולות. איך האָב נאָך אין מיין שטוב אַזוינס נישט געהערט. צו מיר האָט זיך געשריגן: „כרעשטשנע מאַטקע" (טויף־מוטער) — האָסט רחמנות געקריגן אויף אַ יתומהלע? — און איידער איך האָב נאָך באַוויזן צו ענטפערן, האָט זי מיר אַ שליידער געטאָן אין פּנים, אָט די ווערטער: „ווער עס גלייבט מיר נישט, זאָל אויף מיין האַרץ איבערקומען" — אַז איך האָב דערהערט, אַז זי שעלט מיין מאַן, בין איך זייער בייז געוואָרן און איר געענטפערט מיט דעם גויִישקן גלייכווערטל: „דער הונט בילט און דער ווינט טראָגט דאָס אַוועק" און איך האָב איר געוויזן די טיר.

עטלעכע יאָר זענען אַוועק, זייט דאַן, איך האָב טאַקע געלעבט רויִק. אָבער ווען שמאַי איז — נישט איצט גערדאַכט — געווען קראַנק, בשעת דער „גרויסער שלאַפקייט", דעמאָלט האָט זיך לאה ווידער געיאָוועט. זי האָט געקאָכט, געוואַשן דאָס געפעס, געגאַנגען אין מאַרק, געטראָגן די פּאַמויניצעס, געהייצט די הרובעס, געצוואָגן די קינדער און — איר ווייסט דאָך מיין נאַטור — זאָגט די מאַמע טרויעריק — ווען דער טאַטע איז נישט געזונט, טרעט איך פון אים נישט אָפּ. איך לאָז אַפילו קיין קינד נישט צו צו אים, סיידן ווען איך פאַל שוין פון די פיס.

— איך בין אויך נישט ווי אַנדערע, וואָס לויפן אין די שולן בעטן גאָט, אָדער מעסטן קברים אויפן הייליקן אָרט. שטיל, לעבן זיין בעט, האָב איך גאָט

געבעטן פאַר זיין געזונט און דעמאָלט — צען מאָל נישט היינט געדאַכט — האָבן איך דען געוווסט, אויף וואָס פאַר אַ וועלט איך גיי אַרום? אַ דאַנק לאהן, האָבן דעמאָלט מיינע קינדער געגעסן אַ וואַרעם געקעכץ. זי האָט זיי געלייגט שלאָפן און געהאַלטן ריין. קאָן מען דאָס פאַרגעסן? איי, דאָס וואָס זי רעדט? מילא, רעדט זי. וואָס קאָן דאָס מיך אַרן? איך ווייס דאָך, עס איז ביי איר אַזאַ נאַטיר, אַזאַ כאַראַקטיר.

* * *

נו, איז מסתמא טאַקע דעם זונטיק אַריינגעקומען לאה.

לאה קומט אַריין, רייבט זיך די הענט פאַר קעלט און זאָגט:

— אַ גוט מאָרגן!

די מאַמע ענטפערט:

— אַ גוט יאָר!

און טראַכט דערביי: עס איז נאָך גאַנץ פרי און זי האָט שוין צייט, צו קור־מען „גוט־יום־טוב״־ביטן.

לאה רוקט זיך צו צו דעם אויוון, קוקט אַריין אינעווייניק, וואַרעמט זיך די הענט און פרעגט:

— און וואָס מאַכט פייגל?

— וואָסער פייגל? — מאַכט זיך די מאַמע תמעוואַטע.

קרימט זיך לאה נאָך:

— וואָסער פייגל? — די גאָלדענע. איך מיין פייגל, דוד דעם שוחטס.

— דאַנקען גאָט, נישטקשה — ענטפערט די מאַמע.

— נו, עס האָט איר אָפּגעגילט. זי האָט זיך דאָס מאָל אויסגעדרייט.

— איך פאַרשטיי נישט, וואָס דו רעדסט — זאָגט די מאַמע.

— גאַנץ טאַלנע קלינגט דערמיט — פּלאַצט אויס לאה — מען שמועסט, אַז די אָפּטע מפלען וואָס פייגעלע האָט, איז ווייל זי „טרייבט אָפּ״.

— וואָס? — שרייט די מאַמע אויסער זיך — זאָגט מיר, ווער האָט דאָס דיר געזאָגט?

— איך האָב דאָס פון פינגער נישט אויסגעזויגן — זאָגט לאה.

די מאַמע שפּייט אויס בייז, אין פּאָמויניצע. זי איז שטאַרק אויפגערעגט.

— אַזאַ זאַך אויסטראַכטן! איך זאָג דיר, אַז טאַלנע איז ערגער ווי סדום.

— ווער וועט גיין שווערן פאַר איר? — פרעגט לאה פאַרביסן — זי איז טאַקע אַ גוטע שוועסטער דיינע, אָבער נישט אַלץ, איז זי דיר מחויב צו דער־ציילן.

— און דו, פּונוואַנעט ווייסטו אַז יאָ? — פרעגט די מאַמע מיט כּעס.

— איך ווייס טאַקע נישט, נאָר אַז מען קלינגט, איז מסתּמא אַ חגא. זי איז דאָך עפּעס אַ הײַנטוועלטיקע.

— אַזוי! — שרײַט ווילד די מאַמע — איך וועל יענעם דעם פּנים צעד־רײַסן, ווער עס האָט דאָס אויסגעטראַכט אויף פֿייגלען, אויף אַזאַ גאָלדן ווײַבל. איך קען זי גוט און ווייס אַז זי איז נישט ביכולת צו טאָן אַזאַ עבֿירה. דאָס איז דאָך אַ פֿאַרברעכן. עס איז דאָך פּונקט ווי טויטן אַ קינד, ווײַזט די מאַמע אָן אויף מיר.

הייסט דאָס, אַז לאה האָט געמיינט אָפּטרײַבן קינדער. איך קאָן פּשוט נישט אײַנשטיין אויפֿן אָרט. איך בין שרעקלעך נײַגעריק צו וויסן, וווהין גייען אַוועק די קינדער, ווען מען טרײַבט זיי אָפּ און נאָך אין אַזאַ קעלט... איך היט מיר צו פֿרעגן, ווײַל איך ווייס, אַז ווען איך פֿרעג איין וואָרט, וואָלט די מאַמע אויס־געלאָזט צו מיר איר גאַנצן כּעס. זי וואָלט זיכער מיר געשלאָגן. הלמאַי איך מיש מיר אין זאַכן, וואָס אַ קליין מיידעלע דאַרף נישט וויסן. בפֿרט נאָך פֿאַר לאהן, וואָלט די מאַמע נישט דורכגעלאָזט די געלעגנהייט צו ווײַזן, ווי אַזוי זי „לערנט קינדער".

איך שפּיץ דעריבער אָן די אויערן און הער זיך צו ווי די מאַמע טענהט, אַז פֿייגעלע האָט זיך געגנוג אָנגעפּלאָגט אין איר לעבן. צו אַכט יאָר איז זי גע־וואָרן אַ „קיילעכדיקע יתומה", זיך אויפֿגעהאַלטן בײַ אַ חתונה־געהאַטער שוועס־טער. די שוועסטער האָט יעדן יאָר געבוירן אַ קינד און פֿייגעלע האָט זיך געגנוג אָנגעגניאַנטשעט מיט די פּלימעניקלעך. חתונה געהאַט האָט זי זייער יונג און אמת איז, אַז דוד איז אַ פֿיינער יונגערמאַן, מיט אַ גוטער פּרנסה, ווײַל ער האָט געירשנט פֿון פֿאָטער די „חזקה" פֿון שחיטות, האָט ער אָבער אויך געירשנט די שוועסטער אויף חתונה צו מאַכן און פֿאַר די ברידערלעך דאַרף מען צאָלן שכר־לימוד און זיי אויסלייזן בײַם פּריזיוו. מיט איין וואָרט, די אַלע יתומים זענען געבליבן ליגן אויף זײַנע פּלייצעס. פֿייגעלע איז דערבײַ געגנוג פֿאַרשוואַרצט געוואָרן. זי האָט אַפֿילו נישט געהאַט קיין כּוח צו הייבן די גרויסע טעפּ, וואָס זי האָט אַליין געקאָכט און שלעפּן פֿון מאַרק די שווערע קוישן, די ברעמענעס האָלץ, די פּאַמוינצעס אַרויסטראָגן און אַנדערע זאַכן. די שוועגערינס האָבן איר זייער ווייניק געהאָלפֿן און זי אַליין איז באַלד „באַפּאַלן" געוואָרן מיט פּיצלעך קינדער, זאָלן געזונט זײַן. די מאַמע גיט אויך צו, אַז פֿייגעלע האָט אַ גאָלדענעם כאַראַקטער. מיט די שוועגערינס, האָט זי קיין איין מאָל קיין וואָרט נישט פֿאַר־ביטן.

— אָבער אַזוי, שטילינקערהייט — זאָגט לאה גיפטיק — האָט זי זיי צו־ביסלעך אַרויסגעפּראַוועט קיין אַמעריקע.

די מאַמע צעשרייט זיך אַן אויפגערעגטע:

— אַזוי? זי איז אפשר אויך שולדיק אין דעם, וואָס דאָ אין טאַלנע, איז פאַר זיי קיין תכלית נישט געווען? ביז היינט צו טאָג צאָלט זי די הובות פאַר זייערע שיפסקאַרטן, נאָך מיט פּראָצענטער און זיי, וואָס? אַבי זיי שיקן איר זיסע בריוועלעך, מיט גלאַנציקע קעמעלעך און פאַטשערקעס פאַר אַ מתנה און ווייטער גאָרנישט. זי האָרעוועט איבער די כוחות.

די מאַמע נעמט פלוצלינג אַן לאהן ביים אַרבל און רעדט צו איר שטיל און פאַרטרווילעך:

— איך טענה צו איר, דו מיינסט אַז דיין מאַן וועט דיר שטעלן אַ גאָלדע־נע מצבה? איך בעט מיר ביי איר: וואַש נישט אַליין דאָס וועש, גיב דאָס אַוועק צו וואַשן און זי ענטפערט מיר, אַז זי האָט קיין עין־הרע קינדער פאַר וועמען זי צאָלט שכר־לימוד און פון קליינערהייט לערנען זיי ביי איר אויך רוסיש און זי איז דעריבער אַ גרויסער בעל־חוב. איך לייקן דען, אַז איך האָב איר מקרב געווען פון דער ערשטער מינוט? — זי איז דאָ עלנט און איז אַ ווייבל אַ גאָלד. אַ קלוג ווייבל, אַ לייטיש ווייבל, אַ סעריאָזנע ווייבל, אַ סטאַראַטעלנע ווייבל, אַן ערלעך ווייבל! — טאַלנע איז וואָס אין דער קאָרט, אויב מען האָט דאָ געקאָנט אויס־טראַכטן אויף פייגלען אַזאַ זאַך. אָפּטרייבן גאָר! האָסטו געזאָגט? אַז טפו זאָלן זיי ווערן! שפּייט אויס די מאַמע.

די מאַמע שרייט און לאה שרייט און זיי רעדן פראַנק און פריי דערפון, אַז פייגל האָט אַ „פרויען־קראַנקהייט”. איז דאָס דאָך אַ סימן, אַז מיין טאַטע איז נישט געווען אין דער היים, ווייל זיי וואָלטן פאַר קיין פאַל נישט געוואָגט צו רעדן אין דער הויך פון אַזאַ ענין אין טאַטנס אַנוועזנהייט.

איז דאָס דאָך ווידער נישט דער זונטיק וואָס איך באַדאַרף; ווייל יענעם זונטיק איז דער טאַטע נישט אַרויס פון שטוב צוליב זיין נישט־געזונטקייט. האָב איך, הייסט דאָס, ווייטער אויסגעוויקלט אַן אַנדער שנירל?

ווער זשע דען איז אַריינגעקומען יענעם פרימאָרגן? יעדער טאָג וויקלט זיך דאָך אויס אויף אַן אַנדער אופן און הייבט זיך אָן פון דער גאָס. נישט פון פינ־גער קאָן מען אויסזויגן אַ טאָג און ווער פאַרט קומט אַריין דורך דער טיר פון דער גאָס?

* * *

און אפשר זאָל איך פּרווון אויף אַזאַ אופן? יעדן טאָג קומען אַריין אָרעמע־לייט בעטן נדבות. די גרעסטע טייל שטענדיקע, האָבן שוין זייערע טעג. דוכט זיך אַז דאָס וועט זיין דער בעסטער פּלאַן.

עס פעלט מיר בלויז אויסצוגעפינען וועלכער אָרעמאַן עס קומט זונטיק איבערפרי. אַזוי אַרום וועט זיך מיר אויסוויקלען דער זונטיק וואָס איך באַדאַרף און וועט שוין אויך מיטשלעפּן דעם מאָנטיק מיט זיינע געשעעענישן.

קוים אָבער האָב איך אָנגערירט דאָס בינטל אָרעמעלייט, שפּרינגט אַרויס דער ערשטער, ווי שטענדיק, דאָס נידעריקע פּעסטע יידל, מיט דער רויטער נאָז, מיט די האַלב־פריילעכע און האַלב־טרערנדיקע אויגן — ישראל „דער פריילעכער קבצן" איז געווען זיין צונעמעניש. ער שיט מיט חכמות, ער דערציילט פריילעכע בייעסן פון שטאָט, מעשיות פון פּאַרצייטן, גלייכווערטלעך און וויצן וואָס גייען אַרום אין שטאָט. דער טאַטע זאָגט אַפילו אַז ער איז אַ באַרימער, אַ ליגנער, אַ שקרן; אַז אַלע זיינע מעשיות, וואָס ער דערציילט, האָט ער גענאַשט אין דעם „הויף" ביי די „גוטע־יידן" און אין די בתי מדרשים, הינטער דער הרובע. ער האָט שוין אָבער אַזוי פיל מאָל דערציילט די זעלביקע מעשיות, אַז ער אַליין מיינט טאַקע, אַז דאָס אַלץ איז אַן אמת און אַז דאָס אַלץ וואָס ער דערציילט האָט מיט אים אַליין פּאַסירט...

אָט למשל דערציילט ער, ווי אַזוי ערב יום־כיפּור, ווען אין יעדער שטוב גיט מען די אָרעמעלייט מערער אַ גראָשן און טאַקע אַ גלעזעלע בראָנפן מיט אַ שטיקל לעקעך און מען ווינטשט אַ גוט יאָר, ווייל עס איז דאָך עפּעס ערב יום־כיפּור אויף דער וועלט, אַ צייט ווען אַ פיש אין וואַסער ציטערט, איז אָט — דערציילט ער זיפצנדיק — אין אַזאַ טאָג זאָל ער האָבן אַריינגעקומען צו אַ באַ־ווּסטן טאַלנער אויפגעקומענעם גביר, וואָס האָט אַ שם צו זיין זייער אַ קאַרגער, גיט מען אים דאָרטן אַ נדבה אַ גראָשן, פּונקט ווי עס זאָל זיך האַנדלען פון אַ פּשוטן געוויינלעכן טאָג. פאַרדריסט דאָס אים שטאַרק, גייט ער צו גלייך צום באַלעבאָס, דערלאַנגט אים די האַנט און זאָגט אים מיט אַ שיכורלעכער שטימע: לחיים באַלעבאָס! גאָט זאָל אונדז העלפן, מיר זאָלן אַלע דערלעבן איבעראַיאָר און איך זאָל מער קיין אָרעמאַן נישט זיין און איר זאָלט קיין באַלעבאָס נישט זיין...

זעט ישראל, אַז דעם עולם געפעלט די מעשה, מען לאַכט, דערציילט ער באַך איינע:

איינמאָל, ווען ער איז געווען אין אַ פרעמד שטעטל, איז ער געקומען פּריי־טיק אין מרחץ. ער גיט אַ קוק, אויף אַ לאַנגער באַנק, אין סאַמע מיטן, זיצט איי־בער אַליין דער גרעסטער גביר פון שטעטל, אַ פּעטער, אַ דיקער מיט אַ גרויסן בויך. ער זיצט אַרומגעוויקלט מיט אַ שניי־ווייסן ליילעך און שוויצט. אויף די

איבעריקע בענק אין באָד איז ענג און עס איז נישטאָ קיין פּיצל ליידיק פּלאַץ. נעמט ער „דער פריילעכער קבצן" און זעצט זיך אַוועק אויף דער באַנק לעבן גביר און צעבינדט זיך זיין פּעקעלע. דער גביר רוקט זיך אָפּ פון אים, רוקט ער זיך צו נעענטער, זעט ער ווי דער גביר שוויצט, סאָפּעט און מרוקעט, האָט ער זיך דער־שראָקן, טאָמער באַקומט דער גביר די אַפּאָפּלעקסיע, רופט ער זיך אָן צו אים: ר' גביר, אפשר ווילט איר איך זאָל אַוועקגיין פון דאַנען? שאָקלט יענער צופרידן מיטן קאָפּ אויף יאָ — טאָ, פאַרוואָס האָט איר מיר באַלד נישט געזאָגט? איר מיינט, איך וויל דווקא זיין אייער שכן? — זעט איר, איבער הונדערט יאָר, אויפן הייליקן אָרט, דאָרטן וואָלט איך זייער געוואָלט זיין אייער שכן. — פאַרוואָס? — האָט אים יענער געפרעגט. — ווייל, פאַרשטייט איר מיך, ווען די ווערעם וועלן זיך נעמען צו אייך קיין עין־הרע, וועלן זיי שוין אין מיר פאַרגעסן...

דער ערשטער צו לאַכן פון דעם וויץ איז ער אַליין. אים אַרט אַפילו נישט, אַז מען זאָגט אים, אַז די מעשה האָט ער אַוודאי געהערט דערציילן וועגן הער־שעלע אָסטראָפּאָליער. ער שמעקט זיך רויִק זיין טאַבאַק. אָבער אַז מען דערקור־טשעט אים שטאַרק, פאַרמאַכט ער אַלעמען דאָס מויל, דאָס הייסט ער דערציילט אַ לאַנגע מעשה, ווי אַזוי ער, דער אָרעמער ישראל, האָט זיך אַרויסגעוויזן קלי־גער פון גאַנץ טאַלנע. און קיינער וואָגט נישט צו לייקענען די זאַך.

די מעשה איז דווקא גאָר אַ טרויעריקע און קיינער לאַכט נישט פון דעם.

ער דערמאָנט זיך, ווי נישט היינט געדאַכט, נאָך דער דורכגעפאַלענער קאָנס־טיטוציע, זענען כמעט אין אַלע אַרומיקע שטעטלעך פאַרגעקומען פּאָגראָמען, נאָר טאַלנע — געלויבט דער אויבערשטער — איז ניצול געוואָרן. כאָטש פּונקט אַהער קיין טאַלנע, האָט מען אַראָפּגעשיקט אַ באַוווסטן אַגיטאַטאָר פון די „שוואַר־צע מאות", אַ געוויסן פּעטראָוו ימח־שמו. דער דאָזיקער פאַרשוין האָט זיך אויס־געצייכנט מיט זיין בריהשקייט צו גרינדן די „שוואַרצע מאות", וועמענס ערשטע אַרבעט איז פאַרשטייט זיך געווען צו מאַכן אַ פּאָגראָם. עס איז געווען אַ צייט, קאָן מען זאָגן, ווען דער חלף איז שוין געלעגן אויפן האַלדז. די קרעמער האָבן דערציילט, אַז זייערע קונים, די „גוטע פריינט" וואָס זיי האָבן צווישן די פּויערים, זענען געקומען און זיי איינגערוימט אַ סוד און געוואָרנט: באַהאַלט אייערע פאַר־מעגנס און טאַקע זיך אַליין, מיט ווייב און קינד, ווייל אַלץ איז שוין צוגעגרייט און דאָס אומגליק מוז געשען. מען האָט זיך געריכט אַז דאָס זאָל פאַרקומען אין אַ געוויסן דינסטיק, ווען עס קומט פאַר דער יערלעכער גרויסער יאַריד, בעת דער חגא. דעמאָלט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט איבער טאַלנע אַ חושכדיקע כמאַרע, אַ שרעק און אַ מורא. גרויס און קליין זענען אַרומגעגאַנגען אין פּחד און ציטער־ניש. פּיצלעך קינדער האָבן געפלאַטערט ווי די פייגעלעך אין ווינטער.

ביי די ווערטער כאַפּט ר׳ ישראל אַ שמעק טאַבאַק און צעוויינט זיך מיט ביטערע טרערן. זיין געוויין נעמט אָבער קיינער נישט ערנסט, ווייל ווער ווייסט דען נישט, אַז אַ שיכור איז גרינג אויף טרערן.

ער זעצט פאָר:

— די גאַנצע שטאָט האָט דעמאָלט דעם קאָפּ פאַרלוירן. די רייכע באַלעבאַטים האָבן אין די נעכט געזוכט לעכער און „סעקרעטן" צו באַהאַלטן סחורות, צירונג און געלט און בייטאָג זענען זיי געלאָפן צו נאַטשאַלסטוואָ סטאַרען זיך, געשיט מיט געלט און געזוכט ווי אַזוי צו באַוואָרענען טאַלנע. פרומע ייִדן זענען כסדר געזעסן אין די בתי מדרשים, מתפלל געווען און געזאָגט תהילים; ווייבער האָבן געמאָסטן קברים, געטראָגן ליכט אין בית מדרש, געוויינט פאַרן ארון־קודש און חברה־לייט רעוואָלוציאָנערן האָבן זיך געדרייט אין די הינטער־גאַסן און געפּלאָנעוועט ווי אַזוי „זיי" ווועלן דאָס באַשיצן די הייזער. די קליינע האָבן זיי מפקיר געווען, ווייל גיי האַלט מלחמה קעגן אַזאַ המון, אָבער די הייזער האָבן זיי געגלייבט גאַנץ ערנסט אָפּצוראַטעווען. זיי האָבן זיך צונויפגערעדט, ווער אויף וואָס פאַר אַ פּונקט עס ווער שטיין. עס איז געווען אַ סברה, אַז זיי האָבן געהאַט געווער און אַז אייניקע קריסטלעכע אַרבעטער פון צוקער־זאַוואָד און אויך סטודענטן האָבן זיי געזאָלט העלפן.

אים, ישראלן, כאַפּט אָן אַ געלעכטער, ווען ער דערמאָנט זיך אין אָט דער נאַרישקייט פון די יונגאַטשעס; נישט גענוג וואָס זיי האָבן זיך געגרייט צו פאַרמעסטן מיט די כוחות מיט עשון, האָבן זיי נאָך געגלייבט אַז עשו אַליין וועט קומען זיך איינשטעלן דאָס לעבן פאַר זיי. איז דאָך פון אַזעלכע משוגעים נישט שייך צו רעדן. אַ צייט איז דאָס געווען, אַז ייִדן אויף דער גאַנצער וועלט זאָלן שוין אויף אייביק באַהיט זיין פון אַזעלכע צרות.

אָט דעמאָלט איז ער, ישראליק, אַוועק אויף דעם הייליקן אָרט זיך אויסצוּוויינען לעבן דעם אוהל פון דעם אַלטן צדיק זכרונו לברכה. ווען ער האָט דערזען דעם אוהל מיט דעם נר־תמיד, וואָס ברענט שטענדיק אין אַלע צייטן, מעג דונערן און בליצן, רעגענען אָדער שנייען, ברענען דאָרטן שטענדיק די ליכט אין דער מנורה (די פרומע ווייבער פון טאַלנע, זאָלן געזונט און שטאַרק זיין, היטן אָפּ די דאָזיקע מצווה). ווען ער איז יענעם מאָל אַהין אַריינגעקומען, איז אים באַלד קלאָר געוואָרן, אַז דער רבי, דער ליכטיקער צדיק, וועט אויספּועלן ביי דעם רבונו של עולם, אַז טאַלנע זאָל ווי ביז איצט ניצול ווערן פון אַ פּאָגראָם. נישט אומזיסט זאָגן אַלטע ייִדן, אַז זינט כמעלניצקין ימח שמו וזכרו, איז אין טאַלנע חלילה קיין פּאָגראָם נישט פאָרגעקומען.

ווי מען זעט אים אַ לעבעדיקן, אים דעם פריילעכן קבצן — דער וואָס וועט

זיך קיינמאָל נישט אָפּזאָגן פון אַביסל בראָנפן, אַפילו ווען איר וועקט אים אויף אין מיטן דער נאַכט — ער איז דעמאָלט אַראָפּ פון הייליקן אָרט אַ פריילעכער און אויסגעלייטערטער און האָט זיך געלאָזט איבער דער שטאָט טרייסטן און מונטערן: בעטן מען זאָל נישט פאַרלירן די האָפענונג און האָבן בטחון, מען זאָל גלייבן, אַז גאָט וועט נישט פאַרלאָזן און אַז טאַלנע האָט אַ ספּעציעלן זכות דער־מיט, וואָס דער „אַלטער" זכרונו לברכה, ליגט אויפן אַלטן בית־עולם אין מיטן שטאָט. אָבער, ווייס איך וואָס, קיינער האָט זיך צו אים נישט צוגעהערט. פרומע ייִדן האָבן טרויעריק געזיפצט און געשאָקלט מיט די קעפּ, אַז בלויז אַ נס קאָן ראַטעווען טאַלנע.

— נו, איך בעט אייך זייער — זאָגט ר' ישראל — איז דען ביי דעם רבונו של עולם שווער צו באַווייזן אַ נס, ווען ער וויל נאָר?

פון די קרעמער, איז דאָך אַוודאי נישטאָ וואָס צו רעדן, זיי זענען אָפּגעקו־מען מיט צווואָרפן אים אַ מטבע און גייט אייך געזונטערהייט, דער קאָפּ איז נישט דערביי אויסצוהערן מעשיות און די קרעמערין גאָלדע אייזיקס, וואָס אויף איר זאָגט טאַלנע, אַז זי איז אַ חכמה, זי האָט אים אָפּגעענטפערט מיט אַ גוייִש גלייכווערטל:

„ווער עס פאַרמאָגט גאָרנישט, האָט פאַר קיינעם קיין מורא נישט".

— וואָס זאָגט איר אויף אַזאַ חכמה? — גלייך ווי אַ נגיד האָט צען לעבנס און אַן אָרעמאַן האָט קיין נפש אויך נישט.

און אַ חוץ דעם, ווען ער זאָל אַפילו וויסן אויף זיכער, אַז אים וועט גאָר־נישט געשען, נאָר די שטאָט חלילה זאָל חרוב ווערן — די שעה זאָל קיין שעה נישט זיין — טאָ צו וואָס טויג אים דעמאָלט זיין לעבן? נישט אַנדערש, ווייזט אויס, אַז די וועלט ווייס וואָס זי זאָגט, אַז די קלוגסטע ייִדענע איז נאַרישער פון דעם נאַרישסטן מאַנסביל.

דעריבער האָט ער זיך געגנוג גערייצט מיט די אַלע וואָס האַלטן זיך פאַר חכמים. ווייל עס איז שוין די העכסטע צייט, אַז מען זאָל וויסן אַז די גרעסטע חכמה איז צו גלייבן אין גאָט און האָבן בטחון. אָבער גיי רעד מיט אַזעלכע כאַ־מולעס און גראָבע קעפּ. ווען עס איז געקומען דער דינסטיק די חגא, איז זיך צו־זאַמענגעפאָרן אַזאַ גרויסער יאַריד, אַז פון זינט טאַלנע איז טאַלנע, איז נאָך אַזאַ יאַריד נישט געווען און דערנאָך איז דער יאַריד זיך צעפאָרן, שאַ־שטיל! — דאַנ־קען גאָט אַדורך בשלום.

לערנען זיי פּשט, אַז טאַקע דערפאַר, ווייל עס איז געקומען אַזאַ גרויסער עולם, זענען די כוליגאַנעס בטל געוואָרן בשישים און אַזוי ווי זייער עלטסטער דער אָנפירער איז נישט געקומען, זענען זיי געלאָפן פון איין עק שטאָט צו דער

צווייטער, אַרויסגעקוקט אויף אים און אַזוי צוביסלעך זיך צעפּאָרן (אַ ווינטער־דיקער טאָג איז דאָך קליין). פרעגט איר דאָך אַ שאלה: פאַרוואָס איז דער דאָזי־קער אויסוווּרף נישט געקומען? ענטפערן זיי אייך: ווייל ער איז במחילה געלעגן שיכור. און פאַרוואָס עפּעס שיכור? — טאָ הערט מיט קאָפּ.

זיי זאָגן אַז ער איז געווען שיכור דערפאַר, ווייל אין דאָרף איוואַנקע, האָט אים איינער אַ שגץ אונטערגעריקט אַזאַ „כוסה", אַ געמיש פון פאַרפּראַווען בראָנפן מיט וויין, פון וועלכן ער איז אָפּגעשלאָפן גאַנצע צוואַנציק שעה און פאַר־שלאָפן דעם יאַריד.

— ווי געפעלט אייך אַזאַ מעשה? — לאַכט פריילעך ישראל — ווען זיי שטעלן זיך אַפילו מיט איין פוס אויף דער ערד און מיטן צווייטן פוס אויפן דאַך, גלייבט ער נישט, אַז דאָס זאָל זיין די סיבה.

ער, ישראליק, איז שוואַך ווי אַ פליג אין פאַרגלייך מיט אָט דעם אייזערנעם גוי. אַלע ווייסן, אַז דער פּעטראָוו איז אַ גיבור; ווי אַזוי זשע איז מעגלעך, אַז אַזאַ גויעץ זאָל נישט קענען טרינקען קיין בראָנפן? ער וואָלט געוואָלט אויף טשיקאַוועס פּרוּוון. אַדרבא, זאָל מען אים מישן בראָנפן מיט וויין און מיט ביר, וועט מען זען צי ער וועט פאַרלירן דעם פאַרשטאַנד. ער איז זיכער אַז נישט.

און זאָל אַפילו זיין, אַז דער געטראַנק האָט אים געמאַכט פאַרשלאָפן דעם יאַריד, איז דען דאָס נישט קיין נס מן השמים? ווער דען, אויב נישט גאָט ברוך הוא, האָט איינגעגעבן דעם שגץ דעם געדאַנק צו מישן דעם וויין מיט בראָנפן? ער איז אַפילו גרייט נאָכצוגעבן, אַז דער פאַל פון דינסטיק איז געווען אַ ריינער צופאַל. נאָר ווי באַלד אַזוי — זינגט ער מיט אַ גמרא־ניגון — טאָ וואָס איז פאָרגעקומען אויפן צווייטן זונטיק? ווייל נאָכדעם ווי די חברה באַסיאַקעס און אויסוווּרפן זענען דורכגעפאַלן דינסטיק, איז ביי זיי, צוזאַמען מיט זייער אויס־געניכטערטן עלטסטן אָפּגעשמועסט געוואָרן, אַז דאָס שטיקל אַרבעט זאָל גע־מאַכט ווערן זונטיק. ער האָט געזאָלט אָנקומען פון דעם נאָענטסטן דאָרף, ווו ער האָט געהאַלטן סטאַנציע און די „קאָמפּאַניע" האָט געזאָלט וואַרטן אויף אים לעבן קלויסטער און גלייך ווי ער וועט נאָר אָפּדרשענען פאַר זיי, זאָלן זיי באַלד מאַכן די שפּיל רחמנא־ליצלן. זענען ווידער געקומען היימישע פּויערים פון דאָרף און גענומען וואָרענען פאַר דעם וואָס וועט פאָרקומען זונטיק און די ייִדן פון שטאָט האָבן ווידער געציטערט און געפלאַטערט.

זונטיק אינדערפרי איז לעבן קלויסטער שוין געשטאַנען די גאַנצע באַנדע און דער גלח האָט געהאַלטן פאַר זיי אַ דרשה; ער האָט כלומרשט זיי געוואָרנט, אַז עס איז אַן עבירה צו פאַרגיסן בלוט. דאָס מיינט צו זאָגן, אַז ראַבעווען מעג מען יאָ. נו, וואָס איז דעם זונטיק פאָרגעקומען? — דאָס ווייסן דוכט זיך אַלע.

פונקט האָט גאָט אַזוי געפירט, אַז דער „אדון בפקדך" זאָל דורכפאָרן מיט זיין בריטשקעלע, מיט אַ קליין שייגעצל אַלס אָנטרייבער, לעבן דער „באַראָדנע טשיינע". די טשיינע איז כמעט די שענסטע געביידע פון שטאָט און ער זעט אַ סך פויערישע פורן אין דרויסן, ווערט אים דער ענין זייער טשיקאַווע און ער פרעגט זיין „בעל־עגלה" וואָס איז דאָס פאַר אַ הויז? ענטפערט אים דער קליי־נער: דאָס איז דאָס פאָלקסהויז. אפשר וויל דער פּריץ זיך אָפּשטעלן, אַ קוק טאָן און זיך אָנוואַרעמען? — אדרבא — ענטפערט יענער — מיר וועלן כאַפּן אַ קוק.

קומט ער אַריין אין טיי־הויז, איז דאָס פול געפּאַקט מיט מענטשן. עס קאָכט דער קעסל און עס זידן די סאַמאָוואַרן. מען טרינקט טיי, אַז עס גייט אַזש אַ פּאַרע. נעמט דער „פּריץ" אַראָפּ זיין קוטשמע, צלמט זיך איבער ביי די אי־קאָנעס, פאַרנייגט זיך פאַר דעם עולם, באַגריסט זיי מיט אַ ברייטן גוט־מאָרגן און שטעלט זיך אַוועק אין מיטן זאָל קעגן דעם קייסערס בילד. ער איז אַ הויכער און שיינער יונג, מיט אַ געזונט לויטער פנים — בלוט און מילך, מיט געדיכטע, פאַרדרייטע וואָנצעס, לאַנגע לאָקן און שוואַרצע ברענענדיקע אויגן. ער גיט אַ וואָרף דאָס היטל אין דער הויך און לאָזט הערן זיין דרשה אויף אַזאַ אופן:

— איר מענטשן רוסישע, פּראַוואָסלאַוונע, גוטע ערלעכע מענטשן. אייך איז שלעכט און ביטער. אייך איז ענג. איר ליידט הונגער און קעלט און אין דעם אַלעמען זענען שולדיק די „זשידעס". די יידן זענען פּיאַווקעס, וואָס זייגן אייער בלוט, ראַבעווען ביי אייך און אַז"וו אין דעם נוסח.

תחילת האָט דער עולם געשוויגן. נאָר נאָכדעם רוקט זיך אַרויס פון אונ־טערן טיש אַ נידעריק קליין מענטשעלע, אַ געשטופּלטער, אַ מיאוסער — קיין צוויי גראָשן וואָלט איך פאַר אים נישט געגעבן. אַזוי די גרויס — ווייזט ישראל מיט דער האַנט — נידעריק ביי דער ערד. און ער שטעלט זיך אַנטקעגן דעם הויכן שיינעם פאַרשוין און זאָגט אים אַזוי:

— דו, פּריץ, רעדסט זייער שיינע רייד. אָבער אַליין ביסטו אַ פּריץ און אַ פרעמדער דאָ. דו ביסט נישט קיין היגער און ווייסט דעריבער נישט וועגן אונ־דזערע נויטן. ווייל ווער עס איז אין דער אמתן שולדיק, ווייסן מיר אַליין. מיר זענען מענטשן, פרידלעכע אַרבעטער, נישט קיין רוצחים און עס וועט זיין אַ סך גלייכער, אַז דו, פּריץ, וועסט דיר גיין דיין וועג און אונדז לאָזן צורו, ווייל קיין בונטאָווטשיקעס האָט מען ביי אונדז נישט ליב.

דער עולם האָט אים גענומען אונטערהאַלטן:

— ווער קען זיי? ווער ווייסט ווער זיי זענען? זיי קומען בונטעווען דאָס פאָלק און עס אַריינפירן אין אַ זינד, אין אַ גרויסן אומגליק.

און נאָך איידער דער פאַרשוין האָט באַוויזן צו ענטפערן און אַפילו צו

עפּענעץ דאָס מויל, איז פּלוצלינג דאָרטן אויסגעוואָקסן סליוזקע דער סטראַזש־ניק. נו, אים קען דאָך גאַנץ טאָלנע. אַלע ווייסן וואָס פאַר אַ קלוגער גנב דאָס איז — ממש אַ ברען. אַפּנים, אַז די וועלט זאָגט אַז ממזרים זענען קלוג, איז דאָס אַזוי. גיט סליוזקע אַ ווונק און אַ טאָרע דעם פאַרשוין און רופט אים אַרויס אויפן גאַניק פון דער „טשיינע" און זאָגט אים בזה הלשון:

— זיי ווייסן, פריץ, אַז דו ביסט דאָ זייער שלעכט פאַרפאָרן. דאָס איז אַ באַראַד, זאָג איך דיר, אַ מסוכנה חברה. פאָלג מיר, פריץ לעב, און פאַרנעם זיך פון טאָלנע כל־זמן דו ביסט נאָך גאַנץ. איך אַליין וועל דיר אַרויספירן, צוליב זיכערקייט וועגן, אויף דיין ברישקע פון שטאָט. מען טאָר אָט דעם עולם נישט געטרויען, ווייל דו שפּילסט זיך מיטן לעבן...

אַזוי אַרום איז די שטאָט געראַטעוועט געוואָרן און סליוזקע גנב האָט דעמאָלט געמאַכט אַ שיינע אַפּותיקא. אין יעדער קלייט האָט ער זיך באַרימט, אַז ער האָט אַנגעוואָרפן אַזאַ שרעק און פּחד אויף דעם פאַרשוין, אַז יענער וועט שוין פאַר־זאָגן אַ צענטן און וועט טאָלנע מער נישט פאַרטשעפּען. די קרעמער האָבן אים געלויבט און געטיילט געלט, ווער אַ קערבל, ווער אַ האַלב קערבל און ווער בלויז אַ פּערציקער. קיין ליידיקער איז ער פון ערגעץ נישט אַרויס. — נו, דאַרף מען דעם רבונו של עולם לערנען ווי אַזוי אַפּצוראַטעווען אַ שטאָט?

אָט די מעשה האָט ישראל דערציילט נאָר פון צייט צו צייט. געוויינלעך קומט ער מיט די טעגלעכע נייעסן.

— וואָס האָט ער דערציילט דאָס לעצטע מאָל ווען ער איז דאָ געווען? אַ יאָ, ער איז אַריינגעקומען פּונקט ווען די מאַמע האָט געזיפּט מעל. נאָך דעם באַ־גריסן זיך, האָט ער גענומען אַביסעלע מעל עס צעריבן אויף דער דלאָניע, געקוקט אויף דעם ביים ליכט פון פענצטער און גענומען לויבן דאָס מעל.

— קלאָר ווי זילבער. איר וועט שוין האָבן די אמתע שיינע קוילעטשן.

די מאַמע ענטפערט אויף דעם גאַנץ באַשיידן:

— אויב עס וועט געראָטן.

— ווו קויפט איר די מעל? ביי מרדכי לייבן?

— ניין, ביים חיימען.

— אַזוי? איך האָב געמיינט, אַז ביי מרדכי לייבן. ער איז שטיין־רייך. עס איז אַ סברא, אַז ער גיט זיין טאָכטער גאָר אַ גרויסן נדן, אַבי עס זאָל זיך נאָר מאַכן אַ דאָקטער. עפּעס אַנדערש, זעט איר, איז ער ביי זיין טאַטן נישט געוווינט.

— מהיכי־תיתי — ענטפערט די מאַמע — עס איז דען אַן עוולה? עס איז זיין קינד. פאַרוואָס זאָל ער איר נישט געבן, וויבאַלד גאָט האָט אים געהאָלפן און

ער פאַרמאַגט. און אַ שיין מיידל איז זי, טאָ פאַרוואָס זאָל ער טאַקע נישט וועלן קיין דאָקטער?

— אַזוי? — רעדט בייז ישראל — נאַ דיר אַ שיין מיידל! מיט די רויטע באַקן זעט זי אויס ווי אַ דאָרפישע פּאַראַסקע. יענע וואָך איז זי געווען אין כריס־טיאַנאָווקע, זי האָט זיך אָנגעקוקט מיט אַ חתן אויף דער סטאַנציע. עס איז אָבער גאָרנישט געוואָרן דערפון.

מאָטל טאַבלין דער שדכן האָט דערציילט, אַז דער בחור לערנט אויף דאָק־טער און איז גאָר אַן אַנטיק, פון זייער אַ פיינער משפחה. ער, דער שדכן, האָט זיי געלאָזט אַליין, ווי עס איז די היינטיקע מאָדע. ער האָט געהאַפט, אַז זיי וועלן שפּאַצירן עטלעכע שעה און זיך אָפּשמועסן צו טרעפן נאָך אַמאָל, זיך דורכ־שרייבן (און ער באַדאַרף נעבעך האָבן די פּאָר רובל שדכנות). ערשט, ער זעט אַז עס איז אַ נעכטיקער טאָג. ער גיט אַ קוק, דער בחור געזעגנט זיך שנעל, ער איילט זיך צו דער באַן. ער האָט קיין צייט נישט צו וואַרטן ביז אַ צווייטן באַן. זעט ער דאָך שוין אַז די שפּיל איז פאַרן טייוול, לויפט ער צו צום צוג און באַ־ווייזט נאָך צו פרעגן: — וואָס הערט זיך דאָקטער? וואָס זאָגט איר עפּעס אויף דער „באַרישניע"? ענטפערט אים דער בחור שנעל: — איך זאָג אַז זי איז פול־קאָם געזונט און זי באַדאַרף נישט קיין דאָקטער...

יהודית לאַכט הויך און קלינגענדיק. אויף דעם טאַטן איז קענטיק געפעלן די מעשה, כאָטש ער זאָגט אַז די מעשה איז אַ ליגן. בלויז די מאַמע בלייבט אומ־צופרידן:

— מילא, וויבאַלד דער שידוך איז נישט געוואָרן, דאַרף מען דעריבער האַלטן יענעמס קינד אין מויל? אויב נישט דער, וועט זיך מאַכן אַן אַנדערער. דער איז אַ פּנים נישט איר זיווג.

ישראל פאַרענטפערט זיך פאַר דער מאַמען:

— איר ווייסט דאָך, שוחטקע: די וועלט זאָגט, אַז אַ מיידל איז פּונקט ווי אַ האָנטוך...

* * *

אַזאַ טאָג, ווען מען זיפּט מעל אויף קוילעטשן, איז דאָנערשטיק, ווייל פריי־טיק באַקט מען זיי. הייסט דאָס אַז ישראלס טאָג איז דאָנערשטיק. נאָך אים קומט געוויינלעך נאָך אַ בעטלערין, פריידעלע הייסט זי.

פריידעלע שלעפּט נאָך אַ פוס. איר לשון איז קינדעריש. זי רעדט איינציקע ווערטער, נישט געבונדן די פראַזן און גאַנץ אָפט שלאָגט איר אַ ווייסער שוים פון מויל. זי בעט זיך ביי דער מאַמען, אַז זי זאָל איר לאָזן זיפּן דאָס מעל. זי

פאַרזיכערט, אַז זי וועט נישט בעטן קיין געצאָלטס. פאַר דעם זעלביקן גראָשן, וואָס מען גיט איר אַ נדבה, וועט זי דאָס טאָן. זי האָט זייער ליב צו זיפּן מעל — בעט זי זיך.

יהודית ווינקט צו דער מאַמען, אַז זי זאָל דאָס איר נישט דערלויבן, ווייל זי וועט זיך מיאוסן צו עסן דאָס ברויט. פריידעלע שטויסט זיך אָן פאַרוואָס מען לאָזט איר נישט זיפּן דאָס מעל, נעמט זי זיך טענהן אויף איר קינדערשן לשון און באַרימען זיך, אַז זי איז אַ ריינע, אַ זויבערע, אַז זי קאָן זיין אַ באַלעבאָסטע. זי ווייזט אָן ווי גוט זי האָט פאַרלאַטעט אירע קליידער און די וועש, וואָס פאַר אַ שיינע שטעך „מאַרעזשקע" זי האָט געלייגט אויפן זאַק. זי ווערט דערביי אויפגעערעגט און רעדט נישט דייטלעך און צעלאַכט זיך מיט אַ נצחון און זאָגט אויף זיך: קאָנען קאָן זיך אַלץ, נאָר נישט אויסברייען דעם לשון.

ווען זי גייט אַוועק, מאַך איך איר זייער געשיקט נאָך. איך רעד מיט איר קול און קלאָג מיך, אַז איך קאָן נישט „אויסברייען דעם לשון". איך צעלאַך זיך ווי זי און גיי אַוועק מיטשלעפנדיק אַ פוס...

יהודית לאַכט אַזוי שטאַרק, אַז זי מוז זיך אַוועקלייגן אויף דער סאָפקע און משהלע לאַכט ביז טרערן. די מאַמע צעלאַכט זיך אויך נישט ווילנדיק, נאָר באַלד פאַרכאַפּט זי זיך און נעמט מיר זאָגן מוסר. זי זאָגט מיר, אַז חוזקן פון אַזאַ אָרעמער פרוי, וואָס איז נאָך דערצו אַ קאַליקע, איז די גרעסטע זינד און גאָט שטראָפט דערפאַר.

זי דערציילט אונדז דערביי, אַז די דאָזיקע פריידעלע איז אַמאָל געווען אַ געזונטע און אַ שיינע. אַ זאַך וואָס איז נאָך קענטיק אויף איר; ביז צוועלף יאָר איז איר געווען גוט, זי איז געוואַקסן אַן איינציק קינד ביי פיינע פאַרמעגלעכע עלטערן, זי האָט שוין אַפילו געקאָנט דאַוונען, שרייבן אַ יידיש בריוול מיט אַ רוסישן אַדרעס און אויך האַנטאַרבעטן, ווי עס קאָן געוויינלעך אַ באַלעבאַטיש קינד. ביז דאָס אומגליק האָט פּאַסירט מיט איר.

פריידעלע מיט נאָך חברטעס זענען אַמאָל געגאַנגען שפּאַצירן אין וואַלד און דאָרטן האָבן זיי זיך טועה געווען. אָנשטאָט צו גיין אויף אַ שטעגל וואָס פירט אַרויס פון וואַלד צו דער שטאָט, האָבן זיי גאָר גענומען אַ וועג וואָס פירט אין אַ פאַרקערטער ריכטונג און זיי האָבן געבלאָנדזשעט דערשראָקענע. און דאָ איז צוגעפאַלן די נאַכט און פּלוצלינג האָבן זיי דערהערט אַ פייפעריי און אַ האַווקען פון הינט. דאָס זענען געווען יעגער. זענען זיך די קינדער צעלאָפן אין פאַרשיידענע ריכטונגען און זי, נעבעך, ביז היינט צו טאָג ווייסט מען נישט, צי מען איז איר באַפאַלן, אָדער גלאַט פאַר דערשרעק.

מען האָט איר געפונען אין וואַלד שפּעט ביינאַכט אַ פאַרחלשטע. תחילת

האָט זי אינגאַנצן פאַרלוירן דאָס לשון און אַ סך יאָרן האָט זי געקרענקט. עס האָט אָפּגעקאָסט אַ סך געלט און מען האָט איר אומשטיינס געזאָגט אויסגעקורירט. זי איז אָבער פאַרבליבן מיט אַ מום. נאָך דעם איז איר מוטער געשטאָרבן פון אַ קימפּעט. דער פאָטער האָט אַ צווייט מאָל חתונה געהאַט, זיך באַזעצט אין אַן אַנדער שטאָט און צוביסלעך פאַרגעסן אין איר. אָבער כל־זמן דער זיידע האָט געלעבט, האָט זי זיך אויפגעהאַלטן ביי אים און נאָך דעם איז זי געבליבן עלנט, אַליין ווי אויפן וואַסער.

— מעג מען לאָכן און שפּעטן פון אַן אָרעמער, אומגליקלעכער ייִדישער טאָכטער — פרעגט ביים סוף די מאַמע.

מיין מאַמעס שטראָף־רייד ווירקן אויף מיר דאָס מאָל מערער ווי שטענדיק. אַ חוץ דעם רחמנות־געפיל, וואָס זי האָט ביי מיר אויפגעוועקט, ווייס איך פון אייגענער פּראַקטיק, אַז דער ענין איז גאָר אַן ערנסטער. עס ווייזט אויס, אַז מיט אָרעמקייט איז בעסער נישט אָנצוהייבן, זיי נישט צו טשעפּען.

איך האָב וועגן דעם אַ גוטן סימן אין יהודיתן. זי, וואָס האָט נישט קיין מורא אָראָפּצונעמען שבת די לייכטער און ווינטער שאַרט זי איבער די הרובע, ווען קיינער זעט נישט און אַז די מאַמע קומט פון דאַוונען און פרעגט איר, ווער עס האָט אַראָפּגענומען די לייכטער, פאַרקרימט זי זיך אַפילו נישט און ענטפערט, אַז עס איז אַריינגעקומען עפּעס אַן אומבאַקאַנט שייגעצל, ער ווייסט שוין און קומט אַלע שבת... אָבער קוים האַנדלט זיך וועגן אַ בעטלער, אַן אָרעמאַן, האָב איך אַליין געזען, ווי זי האָט זיך געבעטן ביי איינעם אַן אַלטן ייִדן, אַז ער זאָל נעמען אַ פּאָר שטיקלעך צוקער, ווייל קיין געלט האָט זי גראָד נישט געהאַט, קיין ברויט האָט דער ייִד נישט געוואָלט נעמען און ליידיק — האָט יהודית געזאָגט — טאָר מען נישט אַרויסלאָזן קיין אָרעמאַן.

איך זיפץ דעריבער טרויעריק און די מאַמע באַרויִקט מיר: איצט, אַז דו ווייסט שוין אַז מען טאָר נישט לאָכן און שפּעטן פון קיינעם, בפרט נאָך פון אַן אָרעמאַן, וועסטו דאָס שוין קיינמאָל נישט טאָן, ווייל דאָס איז אַ זינד.

ווי עס זעט אויס האָט מיין מאַמע פאַרגעסן די גאַנצע מעשה, וואָס איז אַמאָל ביי אונדז געשען און ווו עס האָט געפעלט אַ האָר, אַז איך זאָל שטאַרק באַשטראָפט ווערן, צוליב מיינער אַ קליינער אומפאַרזיכטיקייט מיט אָרעמע לייט. און ביז היינט צו טאָג, ווען איך דערזע „זיי" די דאַזיקע צוויי בעטלערינס, דיביידע שוועסטער, ווער איך שטאַרק אומרויִק, ווייל זיי האָבן מיר פאַראורזאַכט אַ מוראדיק גרויסע שרעק.

די צוויי שוועסטער האָבן געהייסן, איינע לאה און די צווייטע שיינדל און גערופן האָט מען זיי לאַהטשקע מיט שיינדלען. דערפון האָב איך געדרונגען, אַז

זיי זענען געווען משוגע, ווייל מיין טאַטע פלעגט זאָגן אין שפּאַס, אַז אין טאַלנע פאַרציט מען אַ נאָמען אָדער אַ רבין, אָדער אַ משוגענעם...

דאָך גלייב איך, אַז אינגאַנצן משוגע זענען זיי נישט געווען, ווייל געוויינלעך האָבן זיי געהאַנדלט ווי מענטשן מיט קלאָרן פאַרשטאַנד. דאָס איינציקע וואָס זיי האָבן געטאָן, איז דאָס וואָס זיי האָבן זיך קיינמאָל נישט צעשיידט און שטענדיק זיך געהאַלטן ביי די הענט.

אונדזער שכנה פראַדל האָט זיי איינמאָל באַגעגנט ביי אונדזער קיך־טיר. האָט זי נאָכדעם דערציילט מיין מאַמען, אַז נעכטן, דינסטיק, בשעת דעם יאַריד, האָבן זיי געזונגען אַ ליד וועגן זיך, פאַר אַ גרויסן עולם פויערטעס. אַ ליד ווי אַזוי גזלנים זענען באַפאַלן זייער שטוב אין אַ כוטאָר, אויסגעהרגעט זייער גאַנץ הויזגעזינד, נאָר זיי ביידע נאָך גאָר קליינע קינדערלעך, האָבן זיך אויסבאַהאַלטן און אַזוי אָרום האָבן זיי זיך געראַטעוועט. די פויערטעס האָבן זיי באַדויערט, געוואָרפן זיי אין דער טאָרבע אַריין טרוקענע פרוכט, באַרעלעך, זויערע עפּעלעך, קאַרטאָפּליעס, פאַסאָליעס און ווער ווייס צי נישט קיין טריפן קאָלבאַס. געזען האָט זי נישט — האָט פראַדל געזאָגט — אָבער שווערן פאַר זיי וועט זי נישט.

און פראַדל האָט טאַקע דערציילט, מיט אַ מאָדנעם געלעכטער, אַז איינע פון זיי האָט מען כלומרשט יאָ צוגעדעקט דעם קאָפּ, אָבער אומשטיינס געזאָגט:
— ווי אַזוי קאָן אַזעלכעס חתונה האָבן? אַז שטענדיק האַלטן זיי זיך ביי די הענט. איז פאַרשטייט זיך פון דער חתונה גאָרנישט געוואָרן און ער האָט איר באַלד אָפּגעגט.

,איבער זיי — איבער די ביידע שוועסטער, האָב איך שיעור, שיעור נישט פאַרלוירן מיין מאַמען, מיין היים און מיין גאַנצן לעבן.

און פאַסירט האָט דאָס אַזוי:

ווען מיין שוועסטער ריסל איז געווען ביי אונדז און שוין געהאַלטן ביים אַוועקפאָרן, איז אין שטוב צוליב דעם געווען אַביסל אַ טרויעריקע שטימונג. דער טאַטע האָט זיך געקלאָגט אַז די פאָר וואָכן זענען אַוועק ווי אַ חלום און ריסל האָט מורא געהאַט, אַז זי וועט נישט באַוויזן איינצוקויפן אַ סך זאַכן, אָפּנעמען ביי דער שניידערקע אַ קלייד און זיך געזעגענען מיט אַלעמען, ווייל זי האָט שוין געהאַט באַשטימט דעם טאָג פון דער רייזע.

פלוצלינג האָט זיך די מאַמע אַרומגעקוקט, אַז זי האָט נאָך נישט אָפּגעקאָכט יענע מילכיקע קאַשע, וואָס ריסל האָט אַזוי ליב. האָט זי צונויפגעשטוקעוועט אַ מין סאָרט וועטשערע. אַ חוץ דער קאַשע האָט זי געמאַכט קאַקאַאָ „קאַקאָוו" — ווי זי פלעגט זאָגן. דער „קאַקאָוו" איז אַ דלות, ער קאָסט 35 קאָפּיקעס אַ פּושקע. זי מוז דאָס אָבער קויפן צוליב יהודיתן, ווייל זי פאַרנעמט נישט קיין מילך.

די מאַמע איז מודה, אַז דערמיט איז יהודית גערעכט אין איר. זי אַליין טרינקט נאָר צעקאָריע פון שבת צו שבת. מילך טרינקט זי אַפילו נישט אין קימפעט. נאָר יהודיתן אָן מילך וועט זי נישט דערלויבן. מוז זי איר דעריבער געבן קאַקאַאָ. די קינדער, גאָט צו דאַנקען, טרינקען צו ביסלעך מילך.

היינט, צוליב ריסלען, האָט די מאַמע געמאַכט קאַקאַאָ פאַר אַלעמען. שמעקט דאָס איבער דער גאַנצער שטוב, אַ מחיה! אַ פאַרגעניגן! — קוויקט זיך די מאַמע. פאַר זיך האָט די מאַמע אָנגעוואַרעמט אַביסל באָרשטש, וואָס איז פאַרבליבן פון מיטיק. דער טאַטע האָט איר געגומען אויסרעדן פאַרוואָס זי עסט נישט דאָס זעלביקע וואָס אַלע, האָט זיך די מאַמע פאַרענטפערט, אַז זי האָט פריער אויסגעפרעגלט אַביסל שמאַלץ, האָט זי אַ „נאַש״ געטאָן אַ גריוול און עס איז נאָך נישטאָ קיין זעקס שעה, איז זי דעריבער „פליישיק״ און טאָר נישט עסן קיין מילכיקס.

האָט ערשט דעמאָלט דער טאַטע אָנגעהויבן צו טרייבן ליצנות:

— דו ביסט ווי דיין חברטע, וואָס איך וויל נישט אָנרופן איר הייליקן נאָמען — האָט ער געזאָגט — וואָס פונקט דעמאָלט ווען זי האָט געפּראַוועט אַ געשמאַקן מילכיקן מיטיק, מיט וואַרעניקעס, האָט זי זיך כלומרשט פאַרגעסן און מכבד געווען דעם שטיף־זון (איידער מען האָט זיך געזעצט עסן) מיט אַ ציבעלע מיט שמאַלץ...

לאַכן מיר אַלע.

פאַרדריסט דאָס דער מאַמען און זי ענטפערט אָפּ דעם טאַטן:

— זאָלסט האָבן אַ טבע, אַז אויף דער סאַרווערין זאָלסטו קיין רחמנות נישט האָבן, ווייל זיך אַליין פאַרטיילט קיינער נישט. דער „קאַקאַאָו״ — זאָגט זי — איז ביי איר אַ קנאַפּער יחוס; דער באָרשטש — דרייט די מאַמע מיטן פינגער — איז אַ גרויסער אַנטיק. ער האָט אַלע טעמים און איז פונקט ווי אַ גוטער אויסגעשפּילטער ווייך.

גיט דער טאַטע אַ זיפץ און פרעגט ריסלען וואָס זיצט לעבן אים, צי זי וועט נאָך דער וועטשערע גיין שפּאַצירן.

שעמט זיך ריסל צו זאָגן דעם טאַטן, דאָס וואָס איך האָב געהערט, זי האָט געזאָגט צו יהודיתן, אַז די פּאָר אָוונטן וואָס עס זענען איר נאָך פאַרבליבן צו זיין אין טאַלנע, זאָל זי איר נישט רופן שפּאַצירן, ווייל איר איז אַ סך ליבער צו פאַרברענגען מיטן טאַטן און זיך „אָנרעדן״ מיט אים. — אַנשטאָט דעם ענטפערט זי גאָר, אַז זי איז זייער מיד, ווייל זי האָט היינט אויסגעשפּאַצירט טאַלנע אין דער לענג און אין דער ברייט און זי נעמט זיך אויסרעכענען ווו אַלץ זי איז היינט געווען: זי איז געגאַנגען זיך געזעגענען מיט אירע חברטעס, קויפן זיי־

דענעם פּאַדים צום אויסנייען, וואָס מען קריגט נישט אין זייער שטעטל און אין אַנדערע פּלעצער.

פאַרקריץ איך אַזש מיט די ציין, דערמאָנענדיק זיך, אַז זי האָט מיר אין ערגעץ נישט מיטגענומען.

דערנאָך, דערציילט זי, אַז זי איז געגאַנגען אין אַנדערן עק שטאָט, צו דעם פאָטאָגראַפטשיק, אָפּצונעמען די בילדער פון איר מיט יהודיתן.

וואָלט ריסל נישט געווען דערמאָנט די בילדער, וואָלט דער אָוונט אפשר דורכגעגאַנגען רויִק, אָבער דער פאָטאָגראַפּטשיק מיט די בילדער, האָבן אויפ־געוועקט ביי מיר אין האַרצן אַ שטראָם פון צאָרן און פּראָטעסט. ווייל תחילת, באַלד ווי ריסל איז געקומען, האָט זי געזאָגט, אַז זי האָט בדעה זיך פאָטאָגראַ־פירן מיטביידע שוועסטערלעך. די מאַמע האָט אויף דעם צופרידן צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ: מהיכי־תיתי, עס קאָסט דאָך דאָס זעלביקע געלט, צי עס פאָטאָגראַ־פירט זיך איין מענטש, אָדער אַ סך.

איז יהודית דעמאָלט אַרויס מיט לשון: אַז וואָס איז דאָס פאַר אַ משל? אַז זי האָט שוין אַפילו אויסגעקליבן אַ פאָזע פאַר איר מיט ריסלען; זי וועט זיצן אויף אַ בענקל, מיט דער האַנט אונטערגעשפּאַרט דעם קאָפּ „פאַרטרוימט" און ריסל וועט זיצן אויף אַ קליין בענקעלע ביי אירע פיס און וועט האַלטן די אויגן אַרויף צו איר... — איז ווי קומט דאָ דער קליינער ווייטיק (געמיינט מיר...) און אויב בלויז דערפאַר, ווייל עס קאָסט נישט טייערער, איז פאַרוואָס עפּעס נאָר זי? פאַרוואָס נישט משהלע אויך? און פאַרוואָס אויך נישט די קאַץ מיט דעם קאָטער? און טאָקע די פאָמויניצע, מיטן קויטיקן וועש?

פאַרשטייט זיך, אַז מיט אַזעלכע גערעכטע טענות האָט יהודית געזיגט. עס האָט נישט געהאָלפן מיין וויינען. אַ גאָר קנאַפּע טרייסט איז פאַר מיר געווען מיין מאַמעס צוזאָג, אַז באַלד זי וועט נישט זיין אַזוי „פאַרענגט" אין קיין געלט, וועט זי פאָטאָגראַפירן אונדז ביידן, מיר מיט משהלען און שיקן אונדזערע קאַר־טעס צו די קינדער קיין אויסלאַנד.

דאָס מאָל האָב איך דער מאַמען נישט געגלייבט, ווייל נישט איינמאָל, האָב איך געהערט, ווי דער טאַטע האָט געענטפערט דער מאַמען, אַז אויף אַזעלכע זאַכן וועט זי האָבן געלט דעמאָלט ווען משיח וועט קומען... און איך האָב גע־וואָלט מיטן גאַנצן האַרצן זיך פאָטאָגראַפירן, נאָך איידער משיח קומט אָן. אָבער קיינער האָט אויף מיין פאַרצאָרנט פּנים מיט די בייזע בליקן קיין שום אַכט נישט געלייגט.

מיט אַן אומשולדיקן פּנים, האָט זיך ריסל געקלאָגט פאַרן טאַטן, אַז צו דעם פאָטאָגראַפטשיק איז ווייט.

— דו ביסט געגאַנגען אַליין, צי מיט יהודיתן? — פרעגט דער טאַטע, גלאַט אין דער וועלט אַריין.

— וואָס פרעגסטו, טאַטע? — כאַפּ איך מיר אַרויס אומדערוואַרטעט — צי ווייסטו דען נישט, אַז זיי ביידע זענען פּונקט ווי לאַהטשקע מיט שיינדעלען?

מיטאַמאָל שיסן אַלע אויס מיט אַ שרעקלעכן געלעכטער. ריסל פּאַרגייט זיך אַזש, יהודית קוויטשעט אויף אַ הויכן קול, משהלע לאַכט צופרידן און דער טאַטע פּאַרהוסט זיך לאַכנדיק.

— אָבער וואָס איז געשען מיט דער מאַמען? זי האָט זיך לאַכנדיק פאַר־כלינעט און קרייעט ווי אַ האָן. זי מאַכט פאַרצווייפלט מיט די הענט. דאָס קאָפּ־טיכל איז ביי איר אַראָפּגעפאַלן און טרערן גיסן זיך איר פון די אויגן.

— אַ ביסל וואַסער! — שרייט אויפגערעגט דער טאַטע. גוואַלד אַ דאָק־טער! — שרייט ריסל און פאַרשטעלט זיך דאָס פּנים מיט די הענט.

יהודית דערלאַנגט דער מאַמען וואַסער צו טרינקען. משהלע שלעפּט אַ קישן פון אַלקער. אַלע זענען בלאַס און דערשראָקן.

מיין האַרץ קלאַפּט אַזוי שטאַרק, אַז איך הער דאָס אייגענע האַרץ־קלאַפּ־ניש. שרעקלעכע געדאַנקען דרייען זיך געשווינד ביי מיר אין קאָפּ.

— די מאַמע שטאַרבט! — טראַכט איך ביי מיר — און איך בין די שול־דיקע, ווער איך אַ פאַרצווייפלטע. און איך דערמאָן זיך אין אַ משוגן צעפּאַטלט מיידל „ליזעטשקע די משוגענע". אַלע ווייסן, אַז דערפאַר, וואָס זי, ליזעטשקע, איז נישט קיין לייט, איז איר מאַמע יונגערהייט געשטאָרבן. דער פאָטער אירער האָט איר דערפאַר פאַרטריבן פון שטוב און אירע שוועסטער און ברידער האָבן צוליב איר שולד צו קיין שידוכים נישט געקאָנט קומען, זענען זיי אַוועק פון דער היים, קיין אַמעריקע, אָדער גלאַט אין דער גרויסער וועלט. ליזעס פאָטער האָט נאָכאַמאָל חתונה געהאַט און איר לאָזט ער נישט אַריבער די שוועל. זי שלאָפט זומער אונטער אַ גאַנעק און ווינטער אין דער ווייבערשער שיל.

ליזעטשקעס שטיף־מאַמע האָט דערציילט, ווען זי איז געקומען שעכטן אַן עוף, אַז זי האָט איינמאָל רחמנות געהאַט אויף איר און האָט איר געגעבן אַביסל זופּ אין אַ טשערעפּ, האָט זי דער פאָטער געכאַפּט און אַזוי צעממיתט, אַז זי האָט געמיינט אַז שוין... ליזע — האָט זי געזאָגט — וואָלט געוועזן אַ קליינער שאָדן, אָבער ער, דער פאָטער אירער, דער רויטער יאָסל, וואָלט פאַרפוילט געוואָרן אין טורמע.

ענדלעך באַרויִקט אונדז די מאַמע, מיט אַ מאַך מיט דער האַנט, ווייל רעדן קאָן זי נאָך נישט. יהודית דרייט זיך אויס צו מיר און שיט מיר אָפּ מיט אַ האָגל פון קלעפּ און איך וואַג אַפילו נישט צו וויינען. שווייג איך דערשראָקן.

דער טאַטע, אנשטאָט זיך צו בייזערן אויף יהודיתן און זיך אָננעמען פאַר מיר, ווי שטענדיק אין אַזעלכע פאַלן, ווען יהודית באַפאַלט מיר און דער טאַטע טענהט, אַז זי וועט מיר חלילה אָפּשלאָגן די לונגען, האַלט ער גאָר מיט איר און זאָגט:

— איינמאָל פאַר אַלעמאָל, מען דאַרף „איר" געבן צו עסן אין קיך, ביי דער פּאָמויניצע און נישט האַלטן איר ביים טיש און צו דער מאַמען רופט ער זיך אָפּ:

— איך ווייס נישט, פון וואָס דאָ איז געווען צו לאַכן?

פאַרענטפערט זיך די מאַמע, אַז זי האָט אַ קורצן אָטעם און עס האָט זיך איר עפּעס אַריינגעכאַפּט אין דער לינקער קעל. שולדיק אין אַלעמען איז דער באָרשטש, ער האָט זיך איר דאָס מאָל נישט איינגעגעבן, זי האָט איבערגעכאַפּט די מאָס מיט דעם זויערזאַלץ. די מאַמע רעדט שוין איצט בלויז צו ריסלען:

— זאָלסט וויסן, אַז מיטן באָרשטש איז אַזוי. כאַפּסטו איבער די מאָס מיטן זויערזאַלץ, קאָנסטו דערנאָך שיטן צוקער פון היינט ביז מאָרגן, וועט דאָס גאָר־נישט העלפן. ער בלייבט שוין „צוויק".

ריסל עפנט גרויס די אויגן, באַטראַכט דער מאַמען, נאָכדעם פאַרנעמט זי גראַציעז די פאַלעס פון איר נגידישן שטוב־כאַלאַט, זעצט זיך אוועק אויף דער סאָפקע, פאַרדעקט דעם פנים מיט די הענט און צעלאַכט זיך מיט גרויס הנאה. יהודית פאַלט אַרויף אויף איר. זיי נעמען זיך ביידע אַרום און לאַכן געשמאַק.

פונקט אין דעם מאָמענט, האָב איך מיר שוין אַזוי צוגעוווינט צו דעם גע־דאַנק, אַז איך און „ליזעטשקע די משוגענע" האָבן דעם זעלביקן גורל. איך לעב איבער אין געדאַנק אירע ליידן און פיל ממש דעם ווייטאָג און די בושה, פון דעם וואָס קינדער אין גאַס, וואַרפן מיר נאָך שטיינער און פאַרפאָלגן מיר. איך אַנט־לויף פון זיי אַ שמוציקע, אַן אָפּגעריסענע, אַ באָרוועסע. איך ציטער ממש פאַר קעלט, ווייטאָג און הונגער.

און זיי, מיינע אייגענע שוועסטער, גייט גאָרנישט אָן מיינע גרויסע ליידן. זיי לאַכן פריילעך, גלייך ווי גאָרנישט. פאַרגיי איך מיר דעריבער מיט אַ געוויין אויפן קול.

— וואָס עפּעס פּלוצלינג? — פרעגט יהודית דערשראָקן.

— האָסט איר אָפּגעשלאָגן די זייטן און פרעגסט נאָך? — שרייט ריסל צו יהודיתן.

— ווייל זי איז שולדיק! — זאָגט משהלע — איבער איר האָט זיך די מאַמע פאַרהוסט.

— זי איז נישט שולדיק — פאַרענטפערט מיר די מאַמע — זי האָט שוין אַזאַ נאַטיר. וואָס איז זי שולדיק?

די מאַמע גיט מיר כמעט אַ גלעט איבערן קאָפּ:

— נו, שאַ, געזונט שוין! — בעט זיך ביי מיר די מאַמע און פאַרענטפערט זיך דערפאַר:

— איך האָב זייער מורא, טאָמער צעשפּילט זיך ביי איר דער קאָפּ־ווייטאָג, דעמאָלט דאַרפט איר מיר גאָרנישט מקנא זיין.

* * *

עס איז אַ זיכערע זאַך, אַז מען טאָר נישט מבייש זיין קיין אָרעמאַן.

כּונדעסטוועגן בין איך אַליין אַן עדות ווי מיין ערלעכע און פרומע מאַמע, האָט דאָס געטאָן גאַנץ רויִק און אָן חרטה.

פאַראַן אַ בעטלערין, נאָך נישט קיין אַלטע, אַ הויכע, אַ שטאַלטנע. נאָר דאָס פּנים איז ביי איר מיאוס, עס זעט אויס ווי רוי־פליייש. איר פּנים זעט אויס פאַרברענט.

לויט מיין קינדערשן פאַרשטאַנד, געפין איך אַן ענלעכקייט פון איר, צו אונדזער „שוואַרצער שאַפע" וואָס שטייט אין קיך. די בעטלערין האָט אַ צונע־מעניש. מען רופט זי „די ליובאָוו". איר טראַגעדיע האָט ביי אונדז אין קיך דער־ציילט גאָלדע די מאַרקיזיצערין, וואָס קומט צו אונדז אַריין און טשעפּעט זיך צו און גייט נישט אַוועק, ביז די מאַמע קויפט עפּעס ביי איר: אַן עוף, קאַרטאָפ־ליעס, צי פּאַסאָליעס. דערביי שווערט זי זיך, אַז עס איז אַ גרויסע מציאה און אַז נאָר דער מאַמען פאַרקויפט זי אַזוי ביליק. גאָלדע, משה־ריוועס, ווי מען רופט זי אָן, ווייסט פון אַלע „שווערע הערצער" און זי האָט דערציילט, אַז בכן די דאָ־זיקע „ליובאָוו", איז געוואָרן אַ צו נאָענטער מחותן מיט איינעם אַ יונג, וועמען מען האָט גערופן יאַנקעלע גנב. האָט דעם יאַנקעלעס ווייבל, איר אַזוי צערעכט־געמאַכט, ווייל זי איז געוואָרן אייפערזיכטיק. זי האָט איר אָפּגעגאָסן דאָס פּנים מיט אַזאַ פליסיקייט, אַזאַ שטאַרקע זאַך, וואָס האָט אַן אייביקן תל געמאַכט פון איר שיין פּנים. דאָס ווייבל וועט שוין זיכער פאַרפוילט ווערן אין תפיסה און זי, די מויד, איז אַ לאַנגע צייט געלעגן אין גוייִשן שפּיטאָל און דער יאַנ־קעלע גנב האָט איבערגעלאָזט „קיניע מיט מיניען" און איז אַוועק קיין אַמעריקע. דאָרטן, זאָגט מען, איז ער געוואָרן אַ גאַנצער „פיינער מענטש", אַ פאַרנעם און פאַרשטייט זיך, אַז ער שיקט נישט קיין איינגעטונקטע פען.

ווען זי קומט אַריין, דערלאַנגט איר די מאַמע אַ גראָשן, אָדער אַ שטיקל ברויט. זי האָט אָבער פיינט מיט איר צו מאַכן לאַנגע שהיות. איינמאָל, פרייטיק,

ווען יהודית איז געשטאַנען אויף די קני און געפּוצט אונדזער גרויסן מעשענעם סאַמאָוואַר, בין איך מיט משהלען געשטאַנען פון ביידע זייטן און מיר האָבן באַוווּנדערט דעם גלאַנץ פון דעם אויסגעפּוצטן מעש.

— ווי אַ גאָלדענער, גלאַנצט ער — האָב איך געזאָגט.

— ווי גינגאָלד — האָט זיך געשפּאַרט משהלע.

די „ליובאָוו", ווען די מאַמע האָט שוין געהאַט געגעבן אַ גראָשן, האָט זיך אויך אָפּגעשטעלט באַוווּנדערן ווי שיין דער סאַמאָוואַר איז אָפּגעפּוצט. אָבער גאַר פּלוצלינג האָט זי גענומען באַוווּנדערן יהודיתעס שיינקייט.

— אַ פּאָר אויגן האָסטו, מיידעלע. זיי נעמען דורך און דורך — האָט זי איר געזאָגט.

איז דעמאָלט די מאַמע בייז געוואָרן און זיך צעשריגן אויף דער „ליובאָוו":

— נו, גיי שוין. ווייניקער אַ וואָרט אָבי אמת. קיינער פרעגט נישט דיין מיינונג, צי שיין צי נישט. דאָס איז נישט דיין זאַך. דו האָסט אָפּגענומען דיינס, טאָ גיי דיר געזונטערהייט. דער טאָג שטייט נישט. עס איז ערב שבת.

זי איז אַוועק מיט אַ שטאַרקן קלאַפּ אין טיר.

די מאַמע האָט דעמאָלט געזאָגט מיט אַ זיפץ:

— ווער ווייסט, צי עס איז גאָר אַ מצווה צו געבן אַזעלכער...

— וואָס זאָל דאָס באַדייטן?

* * *

איצט אינטערעסירט מיר אָבער אַן אַנדער זאַך.

די צוויי בעטלערינס „לאהטשקע מיט שיינדעלען", קומען מיטוואָך. די „ליובאָוו" קומט פרייטיק. דער בייזער ייִד ברוך, אַט דער זעלביקער, וואָס ווען ער קומט אַריין, מעגן זיינע שטיוול זיין פול מיט בלאָטע, שטייט ער פונדעסט־וועגן נישט אויפן זאַק, נאָר ער שפּאַנט איבער דער גאַנצער קיך און פאַרבלאָטיקט דעם גאַנצן פּאָל. יהודית, אַז זי דערזעט אים, כאַפּט זי גלייך די שמאַטע פון פּאָל כדי אויסצווווישן.

זאָגן אים, אַז ער זאָל זיין געהיט, וואָגט זי נישט, ווייל טאַטע־מאַמע וואָלטן גענומען איר אויסרעדן, אַז מען איז איר מוחל דעם „פּוץ". די מאַמע וואָלט גע־זאָגט, אַז זי זאָל נישט זיין אַזאַ מרשעת, וואָס לאָזט נישט אַריין קיין אָרעמאַן אין שטוב. ווו האָט מען דען געהערט אַזוינס? דער טאַטע וואָלט געחוזקט: אדרבא, קויף אים שטיוועלעטן, מיט קאַלאָשן, וועסטו זען, צי ער וועט זיך אָפּזאָגן... צי מיינסטו אַז דער קאָפּ איז אים דערביי, דיר צו פאַרטרעטן דיין פּאָל? — פאַר־ענטפערט אים די מאַמע, כאָטש זי אַליין אנערקענט, אַז ער האָט אַ ביטערן

„כאַראַקטיר״, ווייל אַז מען גיט אים אַ שטיקל קוילעטש פון שבת, טענהט ער, אַז ער האָט נישט קיין ציין צו גריזשען דאַרע „סוכאַרעס״. גיט מען אים ווידער אַ שטיקל פריש קאָרן־ברויט, זאָגט ער אַז די פרישע „פונדיקעס״ מאַכן אים בויך־ווייטיק. טאָ וואָס־זשע קאָן מען אים געבן? אַז קומען קומט ער מאַנטיק נאָך מיטיק.

* * *

אָבער וואָס־זשע איז דאָס מיט מיר, וואָס אַלע אָרעמעלייט, וועלכע איך האָב אויסגערעכנט און אַ סך מער, וואָס איך האָב נישט דערמאָנט, קומען אַלץ אין אַנדערע טעג, נישט זונטיק? און פונקט ווי אויף צו להכעיס, באַדאַרף איך אַן אָרעמאַן, וואָס זאָל אַריינקומען זונטיק פאַר מיטיק.

געשיקט זיך דאָס, אַז קיינער קומט נישט זונטיק? עס גלייבט זיך מיר נישט, אַז אַזאַ זאַך זאָל זיין מעגלעך.

— ווען מען גיט די מאַמע זונטיק אין דער פרי אַ שטיקל קוילעטש, אַ ביסל צימעס, אַ שטיקל פיש, אָדער קוגל, וואָס פאַרבלייבט פון שבת? — יאָ, איך דערמאָן מיר שוין! איר חיהטשען. מיין מאַמע האַלט פון איר אַ וועלט און נישט נאָר מיין מאַמע, נאָר אַלע גיבן איר אָפּ כבוד. זי איז ביי קיינעם נישט פאַר־רעכנט פאַר קיין בעטלערקע און מען רופט איר חיה יאָקלס. איר פנים איז ווייס ווי פאַפּיר, אָן אַ טראָפּן בלוט. זי האָט פעך־שוואַרצע האָר, מיט שוואַרצע ברע־מען. די אויגן זענען ביי איר רויט פון שטענדיקן וויינען. עס איז אַ זעלטנהייט, ווען זי וויינט נישט בשעת זי קומט אַריין. זי טראָגט אַ טערקישן שאַל אויף די אַקסלען און אויפן קאָפּ אַ רויטע פאַטשיילע. זי טראָגט אַ טאָרבע און זי נעמט נישט קיין געלט, נאָר קוילעטש און דעריבער גייט זי בלויז זונטיק. אַ גאַנצע וואָך טרינקט זי טיי מיט סוכאַרעס און זיצט און פליקט פעדערן. קומט עמעצער פון די שכנות אַהין מיט אַ הייסער שיסל טייגלעך מיט פאַסאָליעס, אָדער קאַר־טאָפל־זופּ, איז מהיכי־תיתי, האָט מען אַ מצווה, אויב נישט באַגנוגנט זי זיך מיט טיי און סיכאַרעס.

ווען יהודית דערלאַנגט איר אַ האַלבן קוילעטש און אַמאָל נאָך עפּעס, ווערט זי שטאַרק גערירט, זי צעוויינט זיך און ווינטשט איר:

— קיינמאָל, טאָכטער, זאָלסטו נישט דאַרפן אָנקומען צו קיין קצבה! דיין מאַמע — זאָגט זי — געדענקט גוט, אַז ווען זי איז אָנגעקומען קיין טאַלנע, איז זי, חיה יאָקלס, נאָך געווען אַ שיינע באַלעבאָסטע.

די מאַמע באַשטעטיקט, אַז דאָס איז אמת און זי זעצט פאַר וויינענדיק און ציטערנדיק פאַר קעלט איר געשיכטע און די מאַמע העלפט איר מיט זיפצן.

— אַ פאַרשוין איז חיה געווען. איר מאַן, יאָקל דער שוסטער, האָט איר

געהאַלטן ווי אַן אוצר. איר געגעבן פּרנסה לרוב. ער עליו השלום האָט געהאַט צוויי גאָלדענע הענט צו דער אַרבעט און אַליין איז ער געווען אַ מענטש, שטיל ווי אַ טויב, אַ גוטער און ערלעכער. איר איז דעמאָלט געווען גוט ווי די וועלט. צוויי יינגעלעך האָט זי געהאַט, שיינע און שלאַנקע ווי די סאָסנעס — ווײנט זי ביטער — און פּלוצלינג האָט זיך גאָטס צאָרן אויסגעגאָסן אויף איר אָרעם שטיבל.

איר מאַן איז געגאַנגען אַפּטראָגן אַרבעט און עס איז אים באַפאַלן אַ קאַל־טער האַרבסטיקער רעגן, האָט ער זיך פאַרקילט. נו, מאַכט זיך דען נישט אַמאָל אַז מען פאַרקילט זיך? האָט זי אים געהיילט, תחילת מיט היימישע מיטלען, דערנאָך מיט דעם דאָקטער; זי האָט אים געגאָסן ממש גאָלד אין האַלדז אַריין. ער איז אָבער געשטאָרבן פון סוכאָטע, נאָך דעם, ווי זי האָט אַפּילו די מלבושים פאַרזעצט און נאָך דעם ערשטן גרויסן בראָך, זענען אירע ביידע קינדער אים נאָכגעגאַנגען איינער נאָך דעם אַנדערן און זי אַליין איז געבליבן עלנט ווי אַ שטיין. צו וואָס טויג איר דאָס לעבן? ווען זי וואָלט נישט מורא געהאַט פאַר גאָט, וואָלט זי זיך דאָס לעבן גענומען.

ווען זי גייט אַוועק, פרעגט יהודית דער מאַמען:

— מאַמע, ווו נעמסטו געדולד, שטענדיק עדות צו זאָגן און אויסהערן די מעשיות, וואָס מיר האָבן שוין הונדערט מאָל געהערט?

— אוי! — זיפצט די מאַמע — אַ שווער האַרץ רעדט אַ סך. עס איז איר נעבעך אַזוי פינצטער און ביטער...

טאַקע, צוליב דעם, כדי אויסצומיידן די גאַנצע טרויעריקע סצענע, פרעגט איר די מאַמע באַלד נאָכן גוט מאָרגן, וואָס זי האָט געגעסן היינטיקן שבת. ווערט זי אַביסל לעבעדיקער און נעמט זיך דערציילן, אַז „זי אַליין", דאָס מיינט זי שרה משה־ישעיהס, האָט זיך מטריח געווען ווי שטענדיק. איר ווייסט דאָך, אַז שרה, וויל אַליין די גאַנצע מצווה, דעריבער שיקט זי נישט קיין קינד און נישט קיין דינסט, נאָר כאַפּט זיך אַליין אַראָפּ פרייטיק פאַר ליכט בענטשן און ברענגט איר אין אַ קוישעלע אַ גאַנצע חלה, וואָס איז גרויס און גרינג נאָר מיטן ווינט אַוועקצובלאָזן, אַ שטיק פיש, פון סאַמע מיטן, נאָר פאַר דעם קיסר אַוועקצו־שטעלן און דערצו אַביסל צימעס, וואָס האָט דעם אמתן טעם גן־עדן. קיין יויך שיקט זי איר נישט, ווייל זי וועט דאָך נישט אָפּשוימען די יויך און גיבן איר מאַן אַ צעבויטערטע יויך.

די מאַמע שאָקלט צו מיטן קאָפּ מיט מיטגעפיל און איר פּנים שיינט: אָט אַן אשה צנועה!

ווען חיה איז שוין פון לאַנג אַוועק, נאָך דעם ווי זי האָט אונדז אָנגעוויג־

טשעוועט געזונט, פּרנסה, נחת פון קינדער און ישועות און נחמות אויף אַלע ייִדן, קאָן זיך די מאַמע נאָך אַלץ נישט באַרויִקן.

— אַ צדיקות! — מורמלט זי שטיל און האַלט נישט אויס און ווענדט זיך צו יהודיתן, וועלכע קאָן, ווי איר שטייגער איז, נישט איינשטיין רויִק און קערט דאָס מאָל איבער דאָס פּאַפּיר פון דער שוואַרצער שאַפּע, אויף דער צווייטער זייט.

— הערסט — זאָגט די מאַמע — איך וועל דיר זאָגן דעם אמת. אויף קיין שום זאַך, נישט אויף צירונג, נישט אויף קיין געלט, בין איך מקנא, נאָר אויף אַזאַ מצווה בין איך יאָ מקנא.

— וואָס איז? — פרעגט יהודית.

— דו האָסט נישט געהערט? — וווּנדערט זיך די מאַמע.

— איך האָב יאָ געהערט. דערפאַר איז זי דאָך „שרה מיטן טלית קטן" — צעלאַכט זיך יהודית — מאַמע, עס איז אמת אַז זי טראָגט אַ טלית קטן?

— נאַר, וואָס דו ביסט! — אַליין ווייסטו נישט, אַז אַ ייִדענע איז פּטור פון אַזעלכע מצוות? מען רופט איר אַזוי, ווייל זי איז זייער אַ פרומע, אַפילו אין די וואָכעדיקע טעג דאַוונט זי. אָבער טאַלנער לצים האָבן איר געגעבן אַ צונע־מעניש „שרה מיטן טלית קטן", האָט זי אַ דאגה, איז זי אין עק־בעט. אָבער מצוות ווער קלייבט? — פרעגט די מאַמע מיט נצחון.

יהודית פּלאַצט פּלוצלינג אויס מיט אַ הילכיק געלעכטער. זי זעצט זיך צו, אויף דער קיך־באַנק און לאַכט אַזוי געשמאַק און שטאַרק, אַז די מאַמע, וואָס איז בטבע אַ גרויסע לאַכערקע, האַלט זיך קוים איין. אויך איך מיט משהלען לאַכן פריילעך.

— וואָס לאַכסטו? — פרעגט די מאַמע — דער נאַר שטופּט דיר?

— אוי! — ווישט זיך יהודית די טרערן — איך שטעל זיך פאָר, ווי זי שטייט מיטן טלית קטן...

די מאַמע קוקט אויף איר מיט פאָרוואורף און פרעגט זי:

— דו ווייסט, ווו חיה־יאַקלס וווינט?

— דוכט זיך, ערגעץ ביים טייך, אַראָפּ צום באַרג — ענטפערט יהודית.

— נו, דו, וואָס דו ביסט אַזאַ בריה — זאָג מיר נאָר — דו וואָלסט זיך אונטערגענומען צו גיין, מיט פליטקע קאַלאָשן, אין אַזאַ בלאָטע, צו חיה־יאַקלס?

— ניין! — ענטפערט יהודית מיט מבינות — דאָרטן קאָן מען אַפילו נישט אַרויס מיט קיין טיפע קאַלאָשן. דאָרטן דאַרף מען גיין מיט שטיוול.

— זעסטו שוין — זאָגט ווייטער די מאַמע מיט אַ נצחון — דו זעסט וואָס פאַר אַ מצווה זי האָט? מחיה צו זיין אַן אָרעמען איז גלאַט אַ מצווה, בפרט אַזאַ לייטישע און ערלעכע ייִדענע ווי די חיה נעבעך איז און בפרט לכבוד שבת. —

זאָל יהודית מיר זאָגן — פֿאָדערט ביי איר די מאַמע — צי האָט זי אַמאָל גע־האַט אַן אומכבוד פון איר, אין די פיל יאָרן, וואָס זי קומט אַריין אין שטוב בעטן ברויט? פאַרקערט, זי ווינטשט שטענדיק אַן אַ פולן קאָפּ מיט גוטס. וואָס קאָן מען צו איר האָבן?

יהודית הערט שוין לאַנג נישט, וואָס די מאַמע רעדט צו איר. מיט אַ האַרצ־רייסנדיק קול, זינגט זי אַ רוסיש ליד, וועגן אייגעם אַ געשמידטן אין קייטן, וואָס מאַטערט זיך אויף קאַטאָרגע אין סיביר. זי זינגט אַזוי טרויעריק און האַר־ציק וועגן דעם, ווי די קייטן עסן זיך אים איין אין לייב, אַז מיר הייבט אָן צו קלעמען ביים האַרצן ביז ווייטיק. מיין ברודערל שטעלט אַן דערשראָקענע פרעגנ־דיקע אויגן אויף דער מאַמען.

אַלס ענטפער אויף דעם ציט די מאַמע מיט די פּלייצעס. עס קאָן הייסן: איר קענט דען נישט יהודיתן, וואָס גייט לייכט איבער פון איין שטימונג צו דער צווייטער? — עס איז ביי איר אַזאַ „כאַראַקטיר".

אָבער די מאַמע קאָן זיך נאָך אַלץ נישט באַרויקן:

— אין אַזאַ בלאָטע זיך לאָזן אַזאַ מהלך און באַרג־אַראָפּ. אין אַזאַ „טוואַין", אַזאַ „סליאָטע"?

— אַזוי? אַ בלאָטע, אַ סליאָטע, אַ טוואַין? אויב אַזוי, איז עס דאָך ווייטער נישט דער „זונטיק" פון ברענענדיקן פראָסט? וואָס טוט זיך מיט מיר? איך האָב מיר ווידער טועה געווען. אַרויסגעשלעפּט אַ זונטיק, נאָר נישט דעם וואָס איך באַדאַרף.

איך בין ממש פאַרצווייפלט. איך האָב אַ פאַרלאַנג אַ שליידער צו טאָן דעם גאַנצן „קנויל מיט זכרונות". איך האָב פאַרלוירן דאָס געדולד.

## זיבעטער קאַפּיטל

# ווען דער פראָסט ברענט

עס איז מיר אָבער אַ שאָד, דאָס ביז איצט אויסגעוויקלטע פון פלאָנטער. סוף־כל־סוף, בין איך דאָך שוין אויף אַ שפּור, ווייל אויב חיה־יאָקלס קומט אין אַ בלאָטע, וועט זי זיכער אויך קומען, ווען עס איז אַ פראָסט. דעריבער בלייב איך ווייטער שטיין לעבן דער מאַמען אין קיך און וואַרט אויף איר, אפשר איז נאָך צו פרי, זי וועט אוודאי אָנקומען און עס וועט זיך פאַר מיר אויסוויקלען דער גאַנצער זונטיק.

און ווי אַ ראיה, איך הער טאַקע טריט, עמעצער זוכט די קליאַמקע, פון יענער זייט טיר אין פאָדערהויז. די מאַמע עפנט די טיר און עס קומט גאָר אַריין מיט אַ פּאַק אויף די פּלייצעס, אונדזער וועשין, די גויע לוקעריאַ.

די מאַמע איז איבערראַשט, פּונקט ווי איך. זי האָט זיך נישט גערכט אויף איר.

— וואָס, דו? און שוין געבערענגט דאָס גרעט? שוין איבערגעוואַשן, איבער־געטרוקנט און איבערגעקאַטשעט? איך האָב געמיינט, אַז דו וועסט קומען די צווייטע וואָך.

לוקעריאַ ענטפערט נישט. זי זעצט זיך שווער אַראָפּ אויף דער קיך־באַנק. זי נעמט אַראָפּ דעם „קלימעק" פון די פּלייצעס, אָטעמט שווער אָפּ און רופט זיך אָן:

— אוי, אַ פראָסט באַלעבאָסטע, אַ שרעק. עס ברענט — זאָגט זי מיט אַ קוויטש — עס שניידט, ווי מיט מעסערס, דער ווינט, די זאַווערוכע, און דערביי לאָזט זי אַרויס אַ געדיכטע פּאַרע פון מויל.

— טאָ, צוליב וואָס האָסטו זיך געאײַלט? — פרעגט די מאַמע — אמת טאַקע, אַז פון זינט איך בין, נישט היינט געדאַכט, אָפּגעברענט געוואָרן, האָב איך נישט קיין סך וועש, אָבער דאַנקען גאָט אויף אַ פּאָר וואָכן גרעט, איז נאָך ביי מיר פאַראַן.

לוקעריאַ שווייגט.

— דו וועסט אפשר כאַפּן אַ גלעזל טיי? — פרעגט די מאַמע.

— פאַרוואָס נישט? — איך וויל נאָר באַלעבאָסטע, אַז זאָלסט דערוואַרע־מען דעם סאַמאָוואַר. עס מעג זיין הייס. איך האָב אָבער ליב, אַז דער סאַמאָוואַר שיפּעט, נישט אַז ער איז שטום — לוקעריאַ רעדט פּריי יידיש.

— מילאַ, וועל איך אַריינוואַרפן אַ פּאָר הייסע קוילן — זאָגט די מאַמע.

לוקעריאַ צעוויקלט דעם פּאַק, טיילט אָפּ אַ קלענער פּעקל אין אַ געבלומטן שאַל און לייגט דאָס אַוועק באַזונדער. דאָס איבעריקע גיט זי יהודיתן אַז זי זאָל איבערציילן און זען צי אַלצדינג איז אין אָרדענונג. איך האָב שטענדיק ליב צו קוקן ווי יהודית לייגט צונויף דאָס גרעט. איך זע אויך מיין פריש אויסגעוואַשן קליידעלע, אָבער דאָס מאָל, וויל איך הערן וואָס לוקעריאַ דערציילט דער מאַמען. עס איז ביי מיר קאָמיש, דאָס וואָס זי זאָגט דער מאַמען „דו".

די מאַמע נעמט אַרויס פון שאַפע אַ פלעצל מיט מאָן און גיט דאָס דער גויע.

— דו ווייסט — זאָגט די מאַמע — איך באַק אָפּ פאַר דיר אַ פלעצל יעדע וואָך, פונקט ווי דו האָסט ליב. איך האָב געטראַכט, וועסט זיין אין שטאָט, וועסטו זיך אַריינכאַפּן נאָך אים. נאָר אַז דו וועסט ברענגען דאָס גרעט, האָב איך זיך נישט געריכט.

— איך האָב דיין גרעט נישט געוואָלט האָבן ביי מיר אין שטוב איבער חגא, צוליב וואַסילין.

— וואָס, ער שיכורט שוין ווידער? — פרעגט די מאַמע.

לוקעריאַ גיט אַ ציטער און צלמט זיך איבער — זאָל גאָט אָפּהיטן! „באָגר סאָכראַניו". אָבער, ווייסט דאָך, וואַסילי אַז ער טרינקט נישט, איז נישט. דאַנ־קען גאָט, זינט ער האָט געשווירן ביים צלם, אַז ער וועט מערער נישט טרינקען, טרינקט ער נישט. אָבער יום־טוב — זיפצט זי — וועט ער מסתמא נאָך אַמאָל פאַרזוכן און איך האָב מורא, אַז ער וועט זיך נאָכאַמאָל אָנשיכורן.

די מאַמע שאָקלט צו מיטן קאָפּ. עס הייסט אַ פאַרשטענדלעכע זאַך.

פלוצלינג ווייזט לוקעריאַ, אויף משהלעס נייע וואַליקעלעך.

— עס איז וואָרעם אין די וואַליקעס? — פרעגט זי.

דער קליינער האַלט צו מיט די הענט די וואַליקעלעך, גלייך ווי עמעצער זאָל זיי וועלן ביי אים צונעמען.

די מאַמע באַרימט זיך: ווי פון אַן אויוון זענען וואָרעם די פיסעלעך. אַ מחיה, זאָג איך דיר, פאַר אַ קינד.

לוקעריאַ צעוויינט זיך פלוצלינג:

— מיין וואַנקע, האָט אויך געהאַט אַזעלכע. איך האָב זיי געקויפט ביי חנה פלאַנט, ביי דער קרעמערין. איך האָב איר דערפאַר אָפּגעוואַשן גרעט, אָבער ער, וואַסילי, דער אויסוווּרף, האָט זיי פאַרשיכורט. אַלץ שלעפּט ער אַוועק פון שטוב,

דער רוצח. ווינד און וויי איז מיר! אַ יתומעלע בין איך — יאָמערט לוקעריאַ און ווישט זיך די רויטע נאָז, מיטן זוים פון קליידל.

די מאַמע ווערט פלוצלינג אין כעס:

— וואָס הייסט, ער האָט צוגענומען דעם קינדס וואַליקלעך? און דו ווו ביסט? דו שווייגסט?

— אוי! — גיט לוקעריאַ אַ געשריי און אַ פּאַטש מיט די הענט — זי מיינט, אַז זי רעדט מיט איר רב שמאי?

איך צעלאַך מיר און באַלד פאַרשעם איך זיך.

לוקעריאַ ווערט אין כעס:

— וואָס לאַכסטו, קליינע כאָלעריע? אַ חוזק־מאַכערין איז זי ביי דיר?

איך האָב מיר דערשראָקן. פון אַ גוי ווייס איך, טאָר מען נישט לאַכן, זיי ווערן זייער בייז און קאָנען דערהרגענען דערפאַר.

לוקעריאַ נעמט זיך פלוצלינג איילן. זי שטעלט אַוועק די גלאָז פון דער אויסגעטרונקענער טיי און זאָגט אַ דאַנק. זי לייגט אַריין דעם פלעצל אין בוזעם אין „פאַזוכע" און רופט זיך אָן צו דער מאַמען:

— זע, דאָס האָב איך דיר געבראַכט, זאָלסט מיר באַהאַלטן מיין גאַנצע „באָגאַטסטוואָ" (רייכטום). דעם יום־טובדיקן שאַל. דעם זומערדיקן, זיינע שטיוול, מיינע קרעלן, דאָס אויסגענייטע העמד און די דעק פון בעט — איך האָב דאָס מורא צו האַלטן אין שטוב.

די מאַמע ענטפערט נישט צופרידן:

— וואָס גאָר צו מיר האָסטו דאָס געבראַכט? האָסט דען נישט קיין מער באַלעבאָסטעס?

— און וואָס קאָן דאָס דיר אַרן? עס וועט דיר אָפּבייסן אַ שטיקל באַנק־בעטל?

— איך וועל פרעגן „מיינעם" — זאָגט די מאַמע און גייט אַריין אין אַל־קער, ווו דער טאַטע זיצט אויפן בעט און לייגט צונויף דעם טלית.

— בשום אופן נישט! פייגל — זאָגט דער טאַטע — אַ פעקל פון אַ גויע! ווייסט דאָך אַז אַ גוי איז נישט באַגלייבט. גאָט ווייס, וואָס פאַר אַן אומגליק, אָדער צרה, עס קאָן חלילה דערפון אַרויסקומען. עפּעס אַ צוטשעפּעניש, אַ מחבל, אַ בילבול, אָדער ווער ווייס וואָס. זאָג איר, אַז ביי אונדז טויג נישט, מיר האָבן נישט קיין שלעסער אויף די טירן.

— וואָס מורא האָבן, איז נישטאָ שמאי — זאָגט די מאַמע — דער וואָסילי אירער איז אַ שטילער, אַ פלאַכער גוי, נישט מער אַ שיכור. ער ווייס אַפילו נישט,

וו מיר וווינען. צו אונדז וועט ער נישט קומען. עס איז מיר אַ רחמנות אויף איר. שוין אַזוי פיל יאָרן, ווי איך קען איר.

— וואָס ווייסטו פייגל? זי אַליין קאָן אים זאָגן. פייגל, איך האָב מורא.

— טאַטע — מישט זיך אַריין יהודית — פאַרוואָס האָסטו מורא? מען קאָן דאָך איר נישט אָפזאָגן. זי וועט דאָך דאָס קיינמאָל נישט פאַרשטיין. זי וועט מיינען, אַז פאַר שלעכטסקייט ווילן מיר נישט.

לוקעריאַ איז אַריין אין שטוב, און שטייט אויפן שוועל פון עס־צימער.

— נו, זאָל זיין ווי אירווילט — גיט פלוצלינג נאָך דער טאַטע — הלוואַי מיר זאָלן קיין חרטה נישט האָבן.

— אַ דאַנק דיר, רב שמאי — זאָגט לוקעריאַ און יהודית צעלאַכט זיך.

— וואָס לאַכסטו? — פרעגט לוקעריאַ באַליידיקט.

— פון דיין רעדן יידיש — ענטפערט יהודית.

— איך קאָן בעסער יידיש פון דיר — זאָגט לוקעריאַ — אַלע מיינע יאָרן האָב איך געדינט און געוואַשן גרעט ביי די „זשידעס".

ווערט יהודית בייז:

— טאָ פאַרוואָס זאָגסטו מיין טאַטן דו?... ער איז מיט דיר איין גלייכן?

— איך זאָג אים רב שמאי — פאַרענטפערט זיך לוקעריאַ.

— מוחל דאָס אויסטענהן זיך — מישט זיך אַריין דער טאַטע — אַ נפקה־מינה.

— איך קאָן נישט ליידן, אַז מען זאָגט „זשידעס" — טענהט יהודית.

— דאָס איז גאָרנישט — זאָגט דער טאַטע — איר לשון איז אַזעלכער. אָבער זי מיינט זיכער נישט קיין שלעכטס. עס זענען פאַראַן ערגערע פאַר איר און זאָגן דווקא „יעווריי".

לוקעריאַ נעמט אַראָפּ פון דער קיך־באַנק איר שווערן קלומעק און טוט אים אַרויף אויף די פּלייצעס. שטענדיק קומט זי און גייט אַוועק מיט שווערע פּעק. זי האָט דאָ געלאָזט צוויי פּעק און דאָך גייט זי אַוועק מיט שווערע פּעק, סיי אויף דער פּלייצע און סיי איןביידע הענט.

די מאַמע עפנט איר די טיר און לאָזט זי אַרויס, אָבער זי באַוויזט נישט צו פאַרמאַכן די טיר, ווי עס שטעלט זיך אַריין אין קיך אַן אָרעמאַן אַ הויכער, אַ דאַרער. מען רופט אים הערשעלע דער פליקער, ווייל ערב אַ יום־טוב העלפט ער אין בית־השחיטה צו פליקן די עופות. צוליב היימישקייט, גיט אים די מאַמע אַ גראָשן, אַ חוץ אַ פּאָר קאָכעדיקע, הייסע קאַרטאָפל מיט שאָלעכץ. ער וואַרעמט זיך די הענט מיט די קאַרטאָפליעס, שיילט זיי אָפּ און רעדט דערביי, אַז כאָטש

ער איז שוין נישט קיין ייִנגעלע און גייט שוין אַ שיינע פּאָר יאָר איבער די הייזער, נאָר אַזאַ פּראָסט ווי דעם היינטיקן, געדענקט ער נישט.

איך דערלאַנג אים אַביסל זאַלץ. ער הייבט אויף אין דער הויך דאָס זעלצערל און ווינטשט מיר, אַז איך זאָל אַזוי הויך אויסוואַקסן. די מאַמע שמייכלט אַ צופרידענע.

ער קוקט זיך אַרום אין דער קיך און לויבט די וואַרעמקייט:

— און די „דיזשקע" האַלט איר אין קיך?

— ביינאַכט ווערט פאַרפרוירן דאָס וואַסער — קלאָגט זיך די מאַמע.

— או, וואַ! — זאָגט הערשל דער פליקער — עס ווערט אַ תל פון דער „דיזשקע".

משהלע לאַכט און שלעפּט מיר ביים קליידעלע. ווען ער גייט אַוועק, לאַכט פון אים משהלע און רעדט אים נאָך, „דיזשקע"...

— מאַמע — זאָג איך — דו הערסט? ער חוזקט פון אַן אָרעמאַן.

— מען טאָר נישט, זונעניו, לאַכן פון אַן אָרעמאַן — מוסרט אים די מאַמע.

— איך לאַך נישט — פאַרענטפערט זיך משהלע — אָבער פאַרוואָס זאָגט ער „דיזשקע" אנשטאָט „דייזשקע".

— ווייל ער איז אַ ליטוואַק — זאָגט די מאַמע.

— דו ווייסט, וואָס עס הייסט אַ ליטוואַק?

— אַוודאי ווייס איך.

— אַ ליגן!

— דו זאָסגט אַ ליגן, נישט איך.

— טאָ זאָג מיר וואָס דאָס הייסט — רייסט ער מיר ביים אַרבל.

— אַ ליטוואַק, איז אַן אָרעמאַן, וואָס זאָגט אויף דייזשקע, דיזשקע, אויף שאַפע, סאַפע און אויף ברויט — ברייט.

— און אויף אַ פענצטער? — פרעגט משהלע.

— אויף אַ פענצטער? — פרעג איך איבער, אָבער איך ענטפער נישט, ווייל איך לויף זיך צוהערן פאַרוואָס קריגן זיך דער טאַטע מיט יהודיתן. דאָס ווייס איך איז געפערלעך.

* * *

געווען אַמאָל אַ פאַל, ווען עס איז געשטאָרבן שפרינצע ווינאַקור און יהודית האָט געוואָלט גיין אויף דער לויה און דער טאַטע האָט איר נישט געלאָזט. האָט דעמאָלט יהודית צוויי טעג נישט געגעסן. דער טאַטע איז צוליב דעם שיעור נישט קראַנק געוואָרן און די מאַמע האָט זיך געשוווירן פאַר יהודיתן, אַז אויב זי, יהודית, וועט נישט נעמען באַלד עסן, זאָל זי, די מאַמע, באַלד שטאַרבן. נאָך אַזאַ שבועה,

האָט יהודית פאַרשטייט זיך געמוזט ברעכן איר „הונגער־שטרייק". אָבער וואָס עס האָט זיך דעמאָלט אָפּגעטאָן ביי אונדז אין שטוב! — אַלע אָן אויסנאַם האָבן מיר פון דעם שטאַרק געליטן.

דאָס מאָל אָבער, שיינט מיר אַז זייער אַמפּערן זיך טראָגט נישט אַזאַ ערנסטן כאַראַקטער. דער טאַטע האָלט מיט איין האַנט דעם כאַלאַט און פאַרנייגט זיך מיט חוזק פאַר יהודיתן:

— איך דאַנק אייך, „באַרישניאַ". אַ שטומער וואָלט דאָס אין קיין יאָר צייט נישט אויסגערעדט. נאָך דיין שכל קומט אויס, אַז דער גוי שיכורט דער־פאַר ווייל אים איז שלעכט. און די ייִדן, הייסט עס, איז גוט?

יהודית איז שטאַרק אויפגערעגט און פאַרטיידיקט מיט אַלע כוחות דעם „נאַראָד". דאָס רוסישע פאָלק — טענהט זי — איז דאָס בעסטע פאָלק אין דער וועלט.

— ווער האָט דאָס דיר געזאָגט?

— איך ווייס דאָס פון דער רוסישער ליטעראַטור.

— אַזוי? נאַ דיר אַ שמעק טאַבאַק פאַר דיין גאַנץ לייענעכץ. אָט נעם אַ שטייגער דעם ראָמאַן, וואָס דו האָסט פון דער ביבליאָטעק. איך וועל דיר זאָגן אויף אויסנווייניק פון וואָס עס האַנדלט זיך דאָרטן. איך בין דיר ערוב, אַז עס האַנדלט זיך פון אַ שיינעם אָפיציר, מיט וואָנצעלעך, אַזוינס ווי אַזעלכעס! נישט מער, ער איז נעבעך אָרעם, ווייל דער טאַטע זיינער, דער „תכשיט", האָט באַ־וויזן צו פאַרשאַרלאַטאַנעווען דאָס גאַנצע פאַרמעגן און ער נעבעך, וועט שוין דעריבער מוזן חתונה האָבן מיט אַ רייכער אַלטער פּאַסקודניצע. דערווייל לעבט ער אויף קרעדיט: ער באָרגט געלט אויף פּראָצענט. דער שניידער מאַכט אים אַ מונדיר אויף באָרג. דאָס זעלביקע דער שוסטער, מיט די שטיוועלעך אא"וו. ווען עמעצער קומט מאָנען געלט, ענטפערט דער דינער, אַז ער, דער פּריץ, איז נישטאָ אין דער היים און אויב עס שטייט ווער צו, איז אַפילו רעפּט אים אַראָפּ־צושליידערן פון די שטיגן פאַר אַזאַ העזה. זעסטו, אויב אַזאַ פאַרשוין פאַרשפּילט געלט אין קאָרטן און האָט נישט צו דעקן דעם חוב, ווערט דאָס ביי זיי אָנגערופן „ערן־חוב", דעמאָלט זעסטו — זאָגט דער טאַטע מיט אַ געמאַכטער ערנסטקייט — דעמאָלט מוז ער זיך אַריינשיסן אַ קויל. אַ שיינע וועלט ביי זיי, שיינע מידות, נישטאָ וואָס צו רעדן.

— נאַ דיר גאָר אַזאַ זאַך. ער טרינקט, ווייל עס איז אים שלעכט. זאָג מיר נאָר — לאָזט דער טאַטע יהודיתן נישט קומען צום וואָרט — זאָג מיר, ווי האָט דאָס אַ טאַטע אַ האַרץ אַראָפּצונעמען פון קינד די שטיוועלעך, דאָס לאָזן באָרוועס

און גײן זשליאָקען בראַנפּן? דאָס טוט ער, װײַל ער איז אַ רוצח, אַ גזלן און נישט דערפּאַר װײַל עס איז אים שלעכט.

דער טאַטע שרײַט אױפגערעגט:

— איך אַרבעט אין דעם גרעסטן רעגן, שנײ, חשכות, בלאָטע און פראָסט, אָדער אין די גרױסע היצן קראַנקערהײט, בכדי דו זאָלסט האָבן, נישט נאָר שיך, נאָר אַפילו אַ שײן היטעלע...

— טאַטע — שטעלט יהודית ענדלעך אַרײַן איר װאָרט — דו גלײַכסט זיך צו װאַסילין? דו ביסט דאָך אַ געבילדעטער מענטש.

— אַזױ — שרײַט דער טאַטע — און לײבל דער טרעגער עליו השלום, איז אױך געװען אַ געבילדעטער מענטש? ער האָט אַפילו קײן עברי נישט געקאָנט, אַפילו גוט רעדן האָט ער נישט געקענט. זײַן װײַב „ליבע־טאַני״ איז אַ מיאוס־קײט, אַ פּאַרזעעניש. פונדעסטװעגן װי אַזױ האָט ער איר געשאָנעװעט? צוליבן װײַב און קינדער האָט ער געהאָרעװעט ביזן טױט, איבער די כוחות, װײַל ער האָט געװאָלט זײַן מיט מענטשן גלײַך און װײַסטו פאַרװאָס? — װײַל ייִדן האָבן אַ געװיסן, שײנע מידות און זענען מענטשן און די גױים זענען רוצחים און כולי־גאַנעס. און דער געלערנטער גױ שיכורט מיטן בעסערן װײַן און דער בעל־יחוס שפּילט אין קאָרטן, הולטאַיעװעט און װײַטער גאָרנישט. דאָס קאָנסטו אַלײן זען אַפילו אין דײַנע ראָמאַנען.

— טאַטע, און גאָרקי? דו װײסט װאָס גאָרקי זאָגט אױף דעם רוסישן פאָלק?

דער טאַטע ענטפערט יהודיתן אַן אױפגערעגטער:

— אַ טײַערע מציאה דײַן גאָרקי! װער איז ער אַזעלכער? אַ באָסיאַק, אַ ממזר, אַ בײַסטרוק.

— װער, גאָרקי? — פרעגט יהודית איבער אַ בלאַסע, אַ ציטערנדיקע, מיט טרערן אין די אױגן. — אױב דו רעדסט אַזױ פון גאָרקין, װיל איך אינגאַנצן מיט דיר נישט רעדן.

— װאָס, נישט קײן ממזר? — שפּאַרט זיך דער טאַטע — װאָס דען איז ער? אָט װעל איך דיר װײַזן, שלעפּט װידער דער טאַטע די ביכלעך פון טישל. זעסט, טאָלסטאָי הײסט ליעװ ניקאָלאַיעװיטש. טורגעניעװ, איװאַן סערגײעװיטש און ער? פראָסט מאַקסים גאָרקי. עס קומט אױס, אַז ער אַלײן לײקנט אַפילו נישט, אַז ער איז אַ ממזר.

די מאַמע מישט זיך אַרײַן:

— און װיבאַלד ער איז אַפילו אַ ממזר, איז עס דען זײַן שולד? דאָס איז די מאַמע זײַנע געװען אַ הולטאַיקע.

יהודית זאָגט אױף דעם אַלעמען גאָרנישט. זי שטײט אין אַ פּאָזע, גלײַך

ווי עס וואָלט געווען נידעריקער פאַר איר כבוד, צו רעדן מיט אַזעלכע מענטשן, וועגן אַזאַ ענין.

דער טאַטע פאַרכאַפּט זיך. דער מאַמעס ווערטער האָבן אים באַוויזן, אַז ער איז געווען נישט אויף דער געהעריקער הויך. דאָס הייסט, אַז ער האָט זיך נישט פיין אויסגעדריקט. דרייט ער זיך אויס צו יהודיתן, פאַרהוסט זיך שטאַרק און זאָגט אַ פאַרשולדיקטער:

— איך לייקן נישט, אַז ער איז אַ גרויסער שרייבער, אַ זשעני, אַ גאון. ער ווייזט דיר, אַז דאָס רוסישע פאָלק האָט אַ סך שיינקייט אין די טיפענישן פון דער נשמה. אָבער זאָג מיר, וואָס זעען מיר אין דער ווירקלעכקייט? שיכורים, וואָס לאָזן זיך לייכט פאַרפירן און מאַכן פּאָגראָמען אויף אומשולדיקע ייִדן. און וואָס איז פאַראַן אַ סך צו רעדן, אַז אַפילו אויף אייגענע ווייב און קינדער זענען זיי רוצחים.

— אָבער טאַטע, נישט אַלע זענען דאָך אַזוי. האָסט פאַרגעסן אין דער אינ־טעליגענץ און אין די באַוווסטזיניקע אַרבעטער.

— ווייס איך וואָס, אַ טראָפּן אין ים. זיי קומען אום אין די טורמעס און אין סיביר. די רעוואָלוציע איז דורכגעפאַלן.

— אָבער טאַטע, סוף־כל־סוף וועט די „סוואָבאָדאַ" (פרייהייט) מוזן קומען.

— עס וועט נאָך דויערן הונדערטער יאָרן. ווער ווייס, צי דיינע קינדס־קינדער וועלן דאָס דערלעבן.

— טאַטע, עס וועט נאָך אַמאָל זיין אַ רעוואָלוציע און די פריי־הייט וועט מוזן קומען.

— זאָל זיין שטיל! — לויפט אַריין די מאַמע אַ דערשראָקענע פון קיך.

— דו מיינסט, אַז אויב עס וועט זיין אַ רעוואָלוציע, קומט שוין פרייהייט און גליק פאַר אַלעמען? — פרעגט דער טאַטע.

— קומט בעסער עסן — זאָגט די מאַמע — וואָס האָסטו זיך צודרשנט, שמאי?

— וואָס האָסטו מורא? קיינער הערט דאָך נישט.

— אָבער צו וואָס טויג דאָס דיר — מען באַדאַרף זיין פאָרזיכטיק. ווענט האָבן אויערן.

איך קוק דערשראָקן אויף דער וואַנט. אויף דער וואַנט, וואָס די מאַמע האָט אָנגעוויזן, האָב איך גאָר אַ מיאוסן חשד. ביי אַ געלעגנהייט האָט דער טאַטע געזאָגט, אַז זי „זעצט זיך" און די מאַמע האָט אים באַרויקט, אַז: ווייס איך וואָס, זאָל מען נאָר אַליין זיין געזונט. עס איז נישטאָ וואָס מורא צו האָבן פאַר דער וואַנט, זי קאָן נאָך גענוג אויסהאַלטן. און איצט זאָגט די מאַמע אַז „זי האָט

אויערן״. איז קיין חידוש נישט, וואָס זי באַומרויִקט מיר, עפּעס אַ מאָדנע וואַנט...

ביים עסן רעדט שוין דער טאַטע מיט יהודיתן אַזוי צוגעלאָזט, גלייך ווי זיי האָבן זיך גאָר קיינמאָל נישט געקריגט. דער טאַטע דערציילט איר פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע. נישט קיין ראָמאַן — זאָגט ער — האָט ער גע־לייענט, נאָר „היסטאָריע״, אַ סימן אַז דאָס איז אמת. „קעפּ האָט מען דאָרטן געהאַקט ווי האָלץ״. אַ שוידער גייט מיר דורך איבערן לייב. איך פאַרקרים זיך אַזש פאַרצווייפלט.

— שמאַי — שרייט די מאַמע — ווי דו זעסט מיר אַ לעבעדיקע אויף דער וועלט. אַז „זי״ — ווייזט זי אָן אויף מיר — זי איז מיר נמאס ווי די בלאָטע. איך פאַרזיכער דיר, אַז איך האָב איר פיינט ווי חזיר. אַזאַ פאָדלע קינד. ווער איז זי? גראַף פּאָטאָצקיס טאָכטער? וואָס זאָל איך קאָכן פאַר איר, גאָלדענע רענדלעך מיט יויך? האָסטו געזען נאָך ערגעץ אין אונדזער גראַד, זאָל אַ קינד אַזוי פאַרדרייען דעם קאָפּ מיטן עסן?

די מאַמע נעמט זיך אויסרעכענען אַן אויפגערעגטע:

— רייז מיט יויך האָט זי פיינט. קאַשע מיט יויך האָט זי פיינט. מצהלעך מיט יויך האָט זי פיינט. ראָסל־פלייש האָט זי אויך פיינט. נעם איך און קאָך היינט אַ באָרשטש, נאָר צוליב איר; ווייל דו טאָרסט דאָס נישט עסן. יהודית האָט פיינט באָרשטש. משהלע איז אַ גאָלדן קינד, וואָס איך גיב אים, עסט ער. מיט איר אָבער וויל איך נישט האָבן קיין געשעפטן, קאָך איך ספּעציעל פאַר איר באָרשטש, עסט זי שוין קיין באָרשטש אויך נישט. איז זאָג זשע מיר, קאָן מען לעבן מיט אַזאַ אויסוואורף?

איך האָב זיך געקווענקלט צי זאָל איך עסן דעם רויטן באָרשטש, ווייל דער טאַטע האָט געערעדט פון אָפּגעהאַקטע קעפּ. אָבער נאָך דער מאַמעס דרשות, איז מיר שוין אינגאַנצן פאַרגאַנגען דער חשק צו עסן. אַ נייעס ביי מיר, אַז מען האָט מיר פיינט! איך ווייס דאָס שוין פון לאַנג.

דער טאַטע פאַרענטפערט מיר מיט אַ זיפץ:

— אַ שוואַך קינד, פון זינט זי לעבט.

ווערט די מאַמע בייז:

— נאַדיר גאָר אַ שוואַך קינד. מיינע שונאים, וואָס איז? איך בין אפשר ווי ביי „לייטן״ וואָס מען קוקט זיך נישט אום אויף קיין קינד. איך בין דען פאַראַיאָרן ערב שבועות נישט געווען מיט איר ביים דאָקטער? און דער דאָקטער האָט איר דווקא גוט באַטראַכט. הלמאַי זאָל איך זאָגן — האָט ער מיר דעמאָלט געזאָגט — זי האָט געזונטע לינגלעך און איז אינגאַנצן געזונט, נישט מערער, זי

איז „מאַלאַקראַוונע" (בלוט־אָרעם) און דערצו איז פאַראַן נאָר איין מיטל, זי זאָל וואָס מער עסן. ער האָט מיר געגעבן נישט מערער ווי אייזן־טראָפּנס.

— עפּעס מערער האָט זי דעמאָלט געגעסן — באַמערקט דער טאַטע.

— איצט אָבער, באַדאַרף זי נישט די טראָפּנס, ווייל ווינטער טרינקט זי פיש־טראָן — זאָגט די מאַמע — אָבער איך זע דאָך שוין אין דיר, אַז דו ווילסט, איך זאָל קויפן פאַר איר די טראָפּנס. האָב איך דאָס רעצעפּטל באַהאַלטן. אין פּסחדיקן בעכערל, אין דער רויטער שאַפּע און איך וועל שוין זיין די זעלביקע גבירנטע מיט די דרייסיק קאָפּיקעס און אָן זיי — זיפצט די מאַמע.

דער טאַטע ציט מיט די אַקסלען: איך הייס דען דיר קויפן די טראָפּנס? ער מאַכט אַ מינע, גלייך ווי קינדער בכלל און איך בפרט גייען אים אָן ווי דער פאַראַיאָריקער שניי.

יהודית וואַשט שוין די טעלער און זינגט אַ פאַרבאָטן רוסיש ליד. זי זינגט שטיל, נאָר פונדעסטוועגן וואָרנט איר די מאַמע:

— שטילער!

די מאַמע האָט זיך גענומען פאַרריכטן די זאָקן. יהודית האָט שפּעטער גע־נומען צירעווען דאָס גרעט. דער טאַטע זיצט ביי דעם ספר, וואָס גערב האָט אים געלאָזט און ער לייענט מיט הנאה. אין בעט וויל ער זיך נישט לייגן, ווייל אים איז שוין נמאס דאָס ליגן. מאָרגן, אַז מען וועט לעבן, וויל ער גיין אין בית־השחיטה.

די מאַמע זיפצט. גאָט זאָל העלפן דער פראָסט זאָל ברעכן. נאָר דוכט זיך, אַז ער פאַרשטאַרקט זיך גאָר. זיי, די גויים, האָבן מזל, דאָס אייז איז פעסט, אַזוי אָרום קאָנען זיי מאַכן אויפן טייך אַ קלויסטער פון אייז און דאָרטן אויס־האַקן זייערע געטשן מיטן יויזל — גאָט זאָל נאָר העלפן, אַז עס זאָלן אַריבער רויִק זייערע יום־טובים.

מיר איז אומעטיק און לאַנגווייליק און איך בעט זיך: איך וויל עפּעס טאָן, צוהעלפן, לערנט מיר די מאַמע צו לייגן אַ לאַטע אויף אַ גראָבן קיך־האַנטוך.

יהודית לאַכט:

— זי וועט נישט קאָנען. זי האָט ליימענע הענט. איך אין אירע יאָרן, בין שוין געווען אַ גאַנצע באַלעבאָסטע.

— דעמאָלט — זאָגט די מאַמע — איז געווען עפּעס אַנדערש. איך האָב געהאַט צוויי פאַר־פאָלק אויף קעסט.

דער טאַטע כאַפּט אונטער:

— דער איידעם איז געווען אַ גביריש זונדל, אַ „פאַנסקע צאַפּעקל", האָט ער נישט געקאָנט פאַרליידן, אַז זיין ווייב זאָל האָרעווען. און אויב די טאָכטער

נישט. נאָר די שנור יאָ, האָט זיך אַוודאי נישט געפּאַסט — האָט דיין מאַמע געהאַרעוועט פאַר צען.

— ראָסי די שנור — זאָגט די מאַמע — האָט דיר געלערנט צו זיין אַ באַלעבאָסטע. דו ביסט געווען זייער אַ רירעוודיקע. האָסט ליב געהאַט צו אַר־בעטן. פלעגט מען זיך טאַקע מיט דיר שאַפן. דער טאַטע דיינער — קלאָגט זיך די מאַמע — האָט בפירוש נישט געוואָלט ליידן. ער האָט געשריגן, אַז מען פאַר־מוטשעט דיר. עס איז אָבער קיין אַנדער ברירה נישט געווען און אַ חוץ דעם ביסטו שטענדיק געווען ווי היינט אַן אומרו, אַ סמבטיון — ווי דאָס גייענדיקע וואַסער.

— וואָס דען? זיין אַזוי ווי זי אַ צעקראַכענע? אַ ליימענער גולם? — לאַכט יהודית.

— זי איז אַ שוואַך קינד — נעמט זיך דאָס מאָל אָן פאַר מיר די מאַמע.

— ניין! — זאָגט יהודית — זי איז ביי דיר חשוב, זייער אַ ציטערדיקע, ווייל זי איז פון „זיבן עלף געבליבן"...

דער טאַטע צעלאַכט זיך פון יהודיתעס גראַם. די מאַמע ענדיקט אַריינצ:יען דעם פאָדעם אין דער נאָדל און רופט זיך אָן באַליידיקט:

— אינגאַנצן, אַרום און אַרום, האָב איך בסך־הכל מער ווי ניין קינדער נישט געהאַט. נאָר אַז דו האָסט צען פינגער, פונדעסטוועגן, אין וואָס פאַר אַ פינגער דו גיסט זיך אַ שניט טוט דיר וויי.

— מיר — זאָגט יהודית — געפעלט שוין בעסער פראַדלס חכמה. זי זאָגט, אַז ווען קליינוואַרג זאָל קיין אָפּגאַנג נישט האָבן, וואָלט די וועלט קיין קיום נישט געהאַט.

— איך — ענטפערט איר די מאַמע בייז — האָב פיינט אַזעלכע חכמות, ווייל קיינער מיינט נישט אַזאַ זאַך ערנסט. עס איז גלאַט געבאַמבלט מיט דער צונג. ווייל מאַך דעם חשבון ביי מיר. איך האָב געהאַט ניין קינדער, זענען דריי, אייך צו לאַנגע יאָר, אַוועק. דריי, זאָלן לעבן און געזונט זיין, האָב איך שוין גאָט צו דאַנקען חתונה געמאַכט און אַז דו וועסט חתונה האָבן, אויף אַ גוטן אופן, וועט זי מיר דעמאָלט גוט צונויף קומען.

— נאָך אַ מין צונויף קומען — כאַפּט אונטער דער טאַטע.

— ווייסט, שמאי — זאָגט די מאַמע — אַפילו ווען מיר וועלן זי שוין מיר־טשעשעם חתונה מאַכן, וועלן מיר אויך וווינען צוזאַמען; מיר וועלן איר חתונה מאַכן פאַר אַ שוחט. קיין פאַרשוין איז זי נישט, קיין טאַלאַנט, אַ דאַנק גאָט, האָט זי אויך נישט, וועלן מיר איר איבערגעבן די חזקה.

— אוי, פייגל, ביסטו זאָלסטו מיר מוחל זיין אַ נאַר — לאַכט דער טאַטע.

— וואָס איז? פאַרגינסט מיר נישט דעם טעם פון האָבן אַ קינד לעבן זיך און אַן אייניקל?

— נו, האָב דיר „פאַנטאַזיעס". ווער לאָזט דיר נישט. יהודית זעסטו שוין ווער זי איז. אָדער בעסער געזאָגט, זעסט שוין היינטיקע צייט ווי ווייט מען איז פון שחיטות און שפּעטער מיט צען יאָר, טראַכסטו, אַז דאָס וועט יאָ זיין מעגלעך. וווּ איז דיין שכל?

— אוי, שמאי, לאָז מיר אָפּ מיט דיינע חקירות. ביי גאָט איז אַלץ מעגלעך.

— מהיכי־תיתי — קרעכצט רודף־שלומדיק דער טאַטע.

איך האַלט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און בין זייער טרויעריק. וויל מיר מיין ברודערל טרייסטן. רופט ער זיך אָן:

— זי קאָן שוין פון לאַנג וואַשן קאַלאָשן.

יהודית ענטפערט אים אָפּ מיט חוזק:

— זי גיסט אָן אינעווייניק וואַסער און מאַכט זיי נאַס, די קאַלאָשן, און פון דרויסן לאָזט זי איבער די בלאָטע...

דער טאַטע קוקט אויף יהודיתן און זאָגט צו איר:

— מאָל דיר, אַז דו ביסט געווען אַ ביסעלע ערגער פון איר. פון פּיצעלעווייז אָן איז מיט דיר געווען צו זינגען און זאָגן.

— קאָנסט זיך פאָרשטעלן, וואָס פאַר אַן אַנטיקל דו ביסט געווען — כאַפּט אונטער די מאַמע — אַז איך האָב געמוזט צונעמען צו דיר אַ שיקסע. גאַנצע טעג און גאַנצע נעכט האָסטו נאָר געוואָלט מען זאָל מיט דיר טאַנצן. וואָס אַן אמת איז, קיין סך צייט איז די גויִשע דינסט נישט געווען ביי אונדז.

דער טאַטע לאַכט:

— דו געדענקסט, פייגל, די מעשה מיט די בעטלער?

— נאָך אַ מין געדענקען! — לאַכט אויך די מאַמע.

— וואָס פאַר אַ בעטלער? מיינסט דעמאָלט, ווען איך בין אַלט געווען אָנדערהאַלבן יאָר? — פרעגט יהודית פאַרשעמט.

— מאַמע, דערציילן! — בעט איך.

די מאַמע רעדט מערער צו יהודיתן ווי צו מיר:

— דער פעטער בענציע, דעם טאַטנס ברודער, איז דעמאָלט געווען ביי אונדז אויף קעסט. ווייל ער האָט זיך געלערנט שחיטה אין טאַלנע. אין שטוב זענען דעמאָלט געווען קיין עין־הרע אַ סך קינדער. די עלטערע און זיי צו לאַנגע יאָר, די פאַרשטאָרבענע. זי, יהודית, איז געווען אַ קליין קינד, אָבער אַזאַ אומרו, אַז צום ערשטע מאָל האָט מען געזען אַזאַ קינד. זי, די מאַמע, האָט דעמאָלט גע־

פילט, אַז אויב עמעצער וועט איר נישט צוהעלפן מיט עפּעס, וועט זי אומפאַלן. האָט מען איר „נאַרייעט" אַ שיקסל און זי האָט איר צוגענומען.

איין מאָל, אין אַ טאָג פון יאַריד, בעט זיך דאָס שיקסל, אַז זי וועט גיין אין מאַרק אויפזוכן עמעצן פון איר דאָרף, אָפּצונעמען אַ גרוס. גיי — זאָג איך איר — נאָר זיי פאָרזיכטיק מיטן קינד. עס זענען אַוועק אַ פּאָר שעה ווער איך אומרויק. גלייך ווי דאָס האַרץ וואָלט מיר געזאָגט, אַז עפּעס איז דאָרטן פאָר־געקומען. וויל איך גיין זוכן דאָס שיקסל מיטן קינד. זאָגט צו מיר מיין שוואָגער בענציע: פאַרוואָס פאַרגינסטו זיך נישט, פייגל, אָפּצועסן איינמאָל רויִק, אָן דעם מזיק. לאָמיר פריִער אָפּעסן מיטיק און אויב זי וועט דורך דער צייט נישט אָנ־קומען, וועסטו זי גיין זוכן, האָב איך זיך געלאָזט אָנרעדן און מיר האָבן זיך געזעצט עסן.

דערווייל איז זיך פאַרלאָפן אַזאַ מעשה:

כינקע, די מאַרק־יידענע, די איבערקויפערין, האָט, זאָגט זי, געהאַט אַ שלעכטן יאַריד. פונקט ווי עמעצער זאָל איר געוועזן איבערגיין דעם וועג מיט ליידיקע עמער... וואָס זי גייט קויפן, רייסט מען ביי איר אַרויס פון די הענט. דערווייל זעט זי, ווי עס גייט אַ גויע און טראָגט אַ הון. לויפט זי צו און וויל אַ קוק טאָן און אַ טאַפּ טאָן די הון. די גויע פאַרדרייט זיך אָבער און וויל איר קיין מקח נישט זאָגן. זי פאַרקויפט נישט די הון — זאָגט זי צו איר — זי טראָגט די הון פאַר אַ מתנה אירער אַ „קומע" (אַ פריינדין). די הון איז אַ גרויסע, אַ פעטע און עס פאַרדריסט כינקען, פאַרוואָס יענע וויל איר נישט זאָגן קיין מקח און וואָס הייסט זי פאַרקויפט נישט. זאָגט איר כינקע פריִער דעם פּרייז וואָס זי וויל געבן. די גויע שוויַיגט אָבער. איז זי איר מוסיף אויפן פּרייז נאָך אַ פּאָר קאָפּיקעס. אָבער די גויע ענטפערט איר אויף דעם: טשעפּע זיך אָפּ „סמאָלע". פאַרדריסט דאָס זייער שטאַרק כינקען און גייט נאָך דער גויע און טענהט: אָבער זאָג וויפל דו ווילסט, זאָג אַ מקח, אפשר וועל איך דיר געבן וויפל דו ווילסט? אַזוי פאַמעלעך זענען זיי צוגעקומען ביז צו דעם קלויסטער.

פונדערווייטנס האָט איר אַ שווינדל געטאָן אין די אויגן אַ באַקאַנט רויט קליידעלע. זי גייט צו נענטער און עס האָט זיך ביי איר שיעור נישט אונטער־געהאַקט די פיס. ווען זי האָט אַ טבע צו חלשן, פאַלט זי באַלד אַוועק אויפן אָרט און חלשט... זי זעט, ווי יהודיתל זיצט לעבן אַ בלינדער בעטלערין, האַלט אַ בלעכן שעלעכל מיט מטבעות. זי פאַרמאַכט אַן אייגל און האָט שוין איבערגע־נומען דער בעטלערינס ניגון, שטעקט אויס דאָס הענטל און די גויִים וואַרפן איר אַריין מטבעות און אַ חוץ דעם האַלט זי אין דער האַנט פלעצעלעך מיט בייגעלעך.

לויפט כינקע צו צו דער בעטלערין און זאָגט איר: גיב אָפּ דאָס קינד, דאָס מיידעלע איז דעם שוחטס, דעם „רעזניקס". ענטפערט איר די בעטלערין: איך האָב ביי דיר קיין קינד נישט גענומען. איך ווייס, אַז דאָס איז דעם „רעזניקס". מיין שוועסטער האָט דאָס קינד דאָ אַוועקגעזעצט און אַז זי וועט קומען, וועט זי דאָס קינד צונעמען.

לויפט כינקע, פאַרשטייט זיך, צו מיר און נאָך איר לויפן נאָך ווייבער און קינדער. שטעלט אייך פאָר מיין דערשרעק — זאָגט די מאַמע — ווען זי איז אַריין אין שטוב און האָט אונדז דערציילט די גאַנצע מעשה. פאַרשטייט זיך, אַז מיר זענען אַלע געלאָפן. איך, דער טאַטע, דער פעטער בענציע, אַלע קינדער און נאָך אונדז אַלע שכנים. מיר לויפן אַלע צום קלויסטער און איינער פון די שכנים איז געלאָפן צום פריסטאַוו.

אָבער אונדז אַנטקעגן איז שוין געלאָפן דאָס שיקסל מיטן קינד אויף די הענט. טאַקע באַלד אויפן אָרט, האָב איך אָפּגעזאָגט דאָס שיקסל — דערציילט די מאַמע — זי האָט זיך געוואָרפן אויף דער ערד און זיך געשוווירן, אַז בלויז אויף צען מינוט האָט זי אַוועקגעזעצט דאָס קינד, לעבן איר שוועסטער דער בעטלערין. איך האָב אָבער נישט געוואָלט מער הערן אַפילו פון קיין דינסטן.

— נו — דערציילט איצט דער טאַטע — צו פינף יאָר האָט זיך יהודיתל צעבונטעוועט. זי וויל נישט זיין קיין מיידעלע... זי איז אַריין אין אַלקער, אויסגעזוכט אַ פּאָר הויזעלעך, מיט אַ רעקל, זיך אָנגעטאָן אַ היטל און אפשר אַ וואָך צייט האָט זי נישט געוואָלט אָנטאָן קיין קליידעלע. זי האָט כסדר געטענהט, אַז זי וויל גיין אין חדר, גיין דאַוונען און זיך גליטשן אויפן אייז און טאָן אַלץ וואָס יינגלעך טוען. קיין מיידעלעך זענען איר נישט געפעלן געוואָרן...

יהודית לאַכט און די מאַמע זאָגט צו איר:

— זעסטו שוין, פון קליינערהייט אָן האָסטו שוין געוואָלט זיין אַ „ראַווינאַפּראַוויע" (אַ גלייכבאַרעכטיקטע).

— „עמאַנציפּאַציע" — לאַכט דער טאַטע — אָבער ווי עס זאָל נישט זיין, מוזסטו מודה זיין, אַז קיין גאָר רויק קינד ביסטו נישט געווען...

מיין ברודערל איז צוגעגאַנגען צו יהודיתן, שטעלט אויף זיין בלוזקעלע און צעזינגט זיך בעטלעריש:

— „דאַיטע מעניע בובליטשקאַ!"

איך לויף צו פון דער אַנדערער זייט און בעט ביי איר בייגעלעך. טרייבט זי אונדז אַוועק. און מיר פאַרשטעלן זיך צוערשט פאַר בעטלער. דערנאָך פאַר שיכורים און מיר זינגען מיט אַ האַלב שיכורן קול.

איך ווער פלוצלינג אומרויק, פונקט ווי איך וואָלט דערפילט אַ געפאַר. די

מאַמע האָט זיך אויפגעהויבן פון דער סאָפקע, זי גייט צו דעם קיך־פענצטער, זי נעמט אַ פאַרשמאַלצעוועט פלעשל, מיט פיש־טראָן און גייט מיר „איינגעבן״. איך דערקען שוין אין איר פנים, אַז איך וועל מיר נישט קאָנען אַרויסדרייען, נעם איך דעם לעפל און שלינג אַראָפּ מיט עקל דעם פיש־טראָן. איך טופּע אַזש מיט די פיס. איך בייס אָפּ אַ שטיקל ברויט מיט זאַלץ. נאָך דעם נעמט די מאַמע אַרויס פון קעשענע אַ געפילטן קאָנפעקט, פונקט פון די צוקערלעך, וואָס איך האָב שטאַרק ליב און גיט מיר איינס. דערנאָך נעמט זי אַרויס נאָך אַזאַ צוקערל און גיט דאָס משהלען און זי פאַרענטפערט זיך, אַז גאָלדע אייזיקס, האָט נישט געהאַט קיין גראָשן איר צו געבן קיין רעשט, האָט זי דעריבער גענומען צוקערקעס.

— אָבער פאַרוואָס איז אים, מיין ברודערל, געקומען אַ צוקערקע? אויב ער האָט קיין פיש־טראָן נישט געטרונקען?

איך ווער שטאַרק בייז, אָבער איך שווייג. איך לויף אַוועק אין אַלקער און שטעל זיך אַוועק לעבן דער רויטער ספרים־שאַפע. פון צייט צו צייט גיב איך אַ קלאַפּ מיטן פוס אין די טירלעך פון דער שאַפע.

מיט דער שאַפע האָב איך אַן אַלטן חשבון. בייטאָג האָט זי כלומרשט אַן אומשולדיקן פנים. ביינאַכט אָבער, ווען איך קאָן נישט שלאָפן און קוק אויף איר אין דער פינצטער, נעמט זי אָן די שרעקלעכסטע געשטאַלטן. אַמאָל זעט זי ביי מיר אויס, ווי דאָס בילד, וואָס הענגט אויף דער וואַנט אין שטוב פון אונ־דזער שכן לייזער מאַזער. איך לאָז קיין אויג נישט אַראָפּ פון דעם דאָזיקן בילד. דאָס בילד שטעלט מיט זיך פאָר אַ סצענע פון דער אָפּערע „זשידאָווקאַ״, דאָס אינקוויזיציע־בילד, מיט דעם שרעקלעכן גלח, וואָס ווייזט מיט אַ פינגער דעם תליון, אַז ער זאָל וואַרפן דאָס ייִדישע מיידל אין פייער און זי, דאָס מיידל, איז שטאַרק געראָטן אין יהודיתן. נישט קיין הויכע, אַן איידעלע, מיט לאַנג־צעלאָ־זענע האָר, מיט גרויסע דערשראָקענע אויגן. איר פאָטער, אַ ייִד מיט אַ גרויער באָרד, בענטשט זי און זי זינגט אַ ליד (דאָס זעלביקע ליד, וואָס יהודית זינגט) און נאָך דעם ליד, לאָזט זי זיך אַריינוואַרפן אין פייער.

ווען איך כאַפּ זיך אויף ביינאַכט און קוק אויף דער שאַפע, ווייזט זיך מיר אויס, אַז די אינקוויזיציע, איז אַרויס פון דער ספרים־שאַפע, טאַקע פון דעם זעלביקן ספר, וואָס דער טאַטע האָט אַמאָל געבאָרגט טעפּליצקין דעם קאַזיאָנע רב, זאָגנדיק אים: „אָט האָט איר די גאַנצע אינקוויזיציע״. וויסנדיק, אַז ביינאַכט שפּיגלט זיך אָפּ דאָס שרעקלעכע בילד אויף די טירן פון אונדזער שאַפע און וועלנדיק דאָס אויסמיידן, האָב איך פאַרן שלאָף געעפנט די טירלעך. יענע נאַכט האָב איך טאַקע די אינקוויזיציע נישט געזען. דערפאַר אָבער האָבן די אויסגע־שטעלטע גמראס אויף די פּאָליצעס מיר אויסגעזען ווי ייִדן אין שוואַרצע קאַ־

פּאַטעס, וואָס גייען נאָך, נאָך אַ מת. איך פּלעג אַזוי שטאַרק ליידן פון די דאַ־זיקע קאַשמאַרן, אַז איך האָב איינמאָל באַשלאָסן און דאָס אַלץ פאַרטרויט פאַרן טאַטן.

האָט דער טאַטע זיך געבייזערט אויף מיר, הלמאַי איך האָב נאַרישע „פאַנ־טאַזיעס". איז איצט ווילט זיך מיר אויסלאָזן דעם גאַנצן כעס צו דער שאַפע. אַ חוץ שלאָגן איר מיט די פיס, שפּיי איך אויך אין אירע גלאַנציקע טירן...

עס קומט אַריין מיין ברודערל מיט אַ פאַרשמירט פנים מיט פּאָווידלע. ער טראָגט אין האַנט אַ שטיק אַנגעשמירט ברויט מיט פּאָווידלע און רעדט צו מיר מיט אַ פול מויל: גיי נעם דיין חלק — רופט ער מיר — גלייך ווי עס וואָלט גאָרנישט פּאַסירט. איך וואָלט געוועז אַ בעלן אים צו געבן אַ פּאַטש אין די גראָבע באַקן. ווייס איך אָבער, אַז „זיי" וועלן אים צוגעבן גערעכט. ענטפער איך אים קורץ, אַז איך וויל נישט עסן.

— קום עסן הערינג — בעט מיר יהודית.

— זאָל זיין הערינג, אַבי עס — זאָגט מיר די מאַמע — דו האָסט ביים טיש גאָרנישט געגעסן.

—דוכט זיך, אַז די קליינע האָט „פּאָסטעמקעס" — מאַכט דער טאַטע אַ וויץ אויף מיין חשבון...

— וואָס זאָל דאָס זיין, וואָס אַלע האָבן מיר אַזוי פיינט?

משהלע איז אַ ליגנער און באַרימער. לאָזט מען אונדז אַרויס אין דרויסן. זוכט ער אויס די גרעסטע בלאָטעס און נעמט איבער די קאַלאָשן. שרייט מען אויף אים און מען ווייזט אָן אויף מיר:

— פאַרוואָס האָט זי נישט איבערגענומען די קאַלאָשן?

זאָגט ער אַ תירוץ, אַז ער איז אַזוי שטאַרק ווי שמשון הגיבור, דערפאַר טרעט ער טיף אין דער ערד און זי — זאָגט ער אויף מיר — זי גייט פון אויבן, אויף דער בלאָטע.

פאַרקלאָגט אים די מאַמע צום טאַטן. לאַכט דער טאַטע מיט הנאה:

— עס איז טשיקאַווע, וואָס יעדער קינד האָט זיך זיינע פאַנטאַזיעס...

און מיר זאָגט דער טאַטע, אַז איך זאָל מיר היטן פאַר „פאַנטאַזיעס", ווייל פאַר אַזעלכע פאַנטאַזיעס, זאָגט ער, בינדט מען מיט אַ שטריק און מען פירט אַוועק אין משוגעים־הויז.

* * *

דער פראָסט שטאַרקט זיך. די מאַמע הייצט צום דריטן מאָל די הרובע.

עס קומט אַריין מאָטל בריל, ווען מען האַלט ביים אָנצינדן דעם לאָמפּ. ער פרעגט זיך וואָס דער טאַטע מאַכט. ער שטייט אינמיטן שטוב און וויל אַפילו

נישט אויסטאָן דעם טולופ. ער זאָגט, אַז היינט האָט ער פאַרמאַכט פרי דאָס קלייטל, ווייל אין אַזאַ פראָסט וועט קיינער נישט קומען און אין מיטן וועג האָט ער זיך אַריינגעכאַפּט געוויזיר ווערן, וואָס דער טאַטע מאַכט.

— אָבער וואַרעמט זיך אָן — בעט אים דער טאַטע.

— איך האָב מורא, אַז אויב איך וועל זיך אָנוואַרעמען, וועט זיך מיר נישט גלוסטן צו גיין אַהיים. מילא אַ גלאָז טיי וועל איך כאַפּן.

— איך האָב גאָר אַן אַנדער פּלאַן ר' מאָטל — זאָגט די מאַמע — איך האָב אויף וועטשערע אַ זופּ מיט פּערל־גרויפּן און פאַסאָליעס מיט געגנדזענע פּיסלעך. וויל איך, אַז איר זאָלט דאָס פאַרזוכן.

— ניין, דאָס קאָן איך נישט — ענטפערט מאָטל — איך זאָל דאָ זיצן און עסן וועטשערע און מיין קינד זאָל אומזיסט וואַרטן אויף מיר? מירטשעשעם, ווען ר' שמאי וועט גיין אין בית־השחיטה, וועט איר מיר געבן עטלעכע פּיסלעך, וועט מיין רבקה מאַכן „כאָלאָדעץ".

— אייער רבקה קאָכט דען וועטשערע? — פרעגט די מאַמע.

— ניין. שוין גענוג פאַר אַ מיידל, אין אירע יאָרן, אַז זי קאָכט מיטיק — זיפצט מאָטל.

— טאָ וואָס אַרט אייך, אַז איר וועט עסן ביי אונדז?

— איך דאַנק אייך, שמאיכע, נאָר איך גיי אַהיים. מיין טאָכטער האָט זיכער אָפּגעזאָטן אַ טעפּל קאַרטאָפל און איך ברענג אַ הערינג. אין שטוב איז פאַראַן איינגעמאַכטס. איך האָב געקויפט כאַלוואַ און, דאַנקען גאָט, אָן מיין שאָדן, אויף אַלע אָרעמעלייט געזאָגט געוואָרן.

— רב מאָטל — פרעג איך — איז דאָס אמת, אַז זינט די וועלט שטייט איז נאָך אַזאַ פראָסט נישט געווען?

— ווער האָט דאָס דיר געזאָגט — פרעגט מאָטל בריל, און ער באַהאַלט דעם שמייכל אין די פאַרקנייטשטע וואָנצעס און באָרד — איך געדענק איינמאָל אַזאַ פראָסט, אַז ווען מען פלעגט אַריינשטעלן אין אַ ברענענדיקן אויוון אַ טאָפּ פאַרפרוירענע וואַסער, האָט אַ העלפט געזאָטן און די צווייטע העלפט איז געווען אַ שטיק אייז...

— דאָס קאָן נישט זיין — זאָג איך — און קוק מיר איבער מיט משהלען און משהלע שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין. זאָג איך שוין אַ דרייסטע:

— אַז מען שטעלט אַריין פאַרפרוירענע וואַסער אין אויוון, צעגייט זיך צום ערשטן דאָס אייז און נאָכדעם זידט דאָס אויף.

— געפונען דאָס אָרט — לאַכט דער טאַטע — געפונען וועמען אָפּצונאַרן. מאָטל לאַכט:

— איר זענט, קיין עין־הרע, קלוגע קינדער.

— פעטער, איר האָט אַ טעות — לאַכט מיט גדלות די מאַמע — פרעגט, זייט מוחל, ערגעץ אַנדערש. דאָ האָט איר נישט געטראָפן.

— נו, אַ גוטע נאַכט! — געזעגנט זיך מאָטל בריל און די מאַמע פאַרשליסט נאָך אים די טיר. — ווער וועט דען קומען אין אַזאַ זאַווערוכע? עס איז דאָך אַ רחמנות אַ הונט אַרויסצולאָזן.

דער טאַטע זיפצט: אַזאַ פשוטער ייִד, דער מאָטל, נאָר אַ גאָר לייטישער און אָרנטלעכער מענטש; ער ווערט נעבעך גוט פאַרשוואַרצט און וויל נישט חתונה האָבן כדי זיין רבקה זאָל נישט האָבן קיין שטיפמאַמע.

— איך ווייס נישט צי דאָס איז נישט קיין נאַרישקייט — זאָגט די מאַמע — קאָן זיין, ווען עס מאַכט זיך אים אַ פיינע ייִדענע, וואָלט זי אָראָפּגענומען דעם יאָך פון דעם מיידל.

— ווייס איך וואָס דו רעדסט, פייגל. ווו האָסטו געזען, אַז אַ שטיפמאַמע זאָל קאָנען דורכקומען מיט די פריִערדיקע קינדער?

— ס'איז נישט קיין ראיה — עקשנט זיך די מאַמע.

— טאַטע — פרעגט יהודית — פאַרוואָס לאָזט ער נישט רבקהן פאָרן קיין אַמעריקע. זי וויל זייער שטאַרק פאָרן.

— נו, טאַמער וויל זי. מיינסטו אַז זי ווייסט וואָס זי וויל? מאָטל טענהט, אַז קיין פאַרשוין איז זי נישט, האָט ער מורא, אַז זי זאָל חלילה נישט דאַרפן אָפּאַרבעטן דאָרטן אַלע אירע יאָרן. דאָ קען זי יעדער. מען ווייס, אַז זי איז אַ טאַטנס אַ קינד און זי האָט אירע מעלות. אָבער אין אַמעריקע איז אַלץ הפקר, דאָרטן קוקט מען אַבי דאָס פנים איז שיין. ער וואָלט וועלן איר חתונה מאַכן דאָ אויפן אָרט, אָבער קיין גרויסן נדן פאַרמאָגט ער נישט, איז מאַכט זיך טאַקע נישט קיין שידוך — זיפצט דער טאַטע — אים ווילט זיך זייער אַ ביסעלע נחת פון איר. אויף דערויף איז ער דאָך אַ טאַטע.

— עס וועט זיך מיט גאָטס הילף מאַכן — זאָגט די מאַמע — זי איז חלילה נישט געבוירן געוואָרן אָן קיין זיווג.

* * *

מען האָט מיר שוין אויסגעבעט ביי דער הרובע. איך וויין אָבער, איך וויל זיך צודעקן נאָר מיט דער „בייענער" קאָלדרע און די מאַמע האָט זיך איינגע־שפּאַרט, אַז איך זאָל מיר צודעקן מיט דעם טאַטנס בורקע.

מיט דער בורקע גייט דער טאַטע אין בוינע און זי הענגט געוויינלעך אין קיך־ווינקל לעבן דער שוואַרצער שאַפע. איך האָב פיינט די בורקע, ווייל איך שרעק מיר פאַר איר ביינאַכט, ווען איך כאַפּ מיר אויף.

— זעסט — טענהט די מאַמע — קיין וועטשערע האָט זי נישט געגעסן זוי עס באַדאַרף צו זיין, פאַרצאַפּט זי מיר איצט בלוט מיטן שלאָפן.

דער טאַטע זיפצט און זאָגט:

— עס פייפט דער דלות.

ווערט די מאַמע בייז און ווייזט אים:

— זעסט, אונטער איר קאָלדרעלע, האָט יהודית אונטערגעגנייט אַ ליילעך, מיט שטעכעלעך ווי די פּערל. דאָס קאָלדרעלע איז אָבער קליין פאַר איר. די פיס שטעקן אַרויס און אַ חוץ דעם פאַלט דאָס איר אַראָפּ און זי פאַרקילט זיך. די בורקע אָבער, איז שווער, קאָן זי איר נישט אַראָפּוואַרפן — אַבי דו מאַכסט אַ רחמנות־פּנים. מיט וואָס דען דעקט מען צו אַ קינד?

איך בלייב שטיל. די מאַמע האָט אויסגעפּירט.

פּלוצלינג דערפיל איך אַן אנגעגעם קיצלען פון דער באָרד. דער טאַטע האָט זיך צוגעבויגן צו מיר. ער וויל וויסן, וואָס איך האָב קעגן זיין בורקע.

— איך האָב פאַר איר מורא ביינאַכט — בין איך זיך מודה.

— שוטה! — לאַכט דער טאַטע — שוין ווידער מיט דיינע פאַנטאַזיעס?... לייען קריאת־שמע, וועט זיך דיר גאַרנישט חלומען און דו וועסט גוט שלאָפן.

און אַזוי איז טאַקע געווען.

* * *

יענע נאַכט האָט די מאַמע נישט געקאָנט איינשלאָפן. זי האָט געהאַט אַ גרויסע זאָרג, טאָמער ווערט פאַרקילט דאָס טייג און דאָס ברויט וועט נישט אויפגיין. איז איינמאָל וועט זיין אַ גרויסער שאָדן דאָס געבעקס ברויט און צווייטנס, וואָס וועט מען עסן? זי קען גוט אירע קינדער די מפונקים, זיי קאָנען נישט עסן אַבי וואָס.

איז זי דעריבער אויפגעשטאַנען זייער פרי, כמעט ביינאַכט. עס איז נאָך נישט געווען קיין דריי אַזייגער, זי האָט אויסגעפלאַמט דעם אויוון מיט פּאַלאָווע, כדי עס זאָל ווערן וואַרעם אין קיך. זי האָט זיך שטאַרק דערפרייט ווען זי האָט געזען, אַז דער פאַרדעקטער מולטער מיט דער „ראָשטשינע" איז נישט פאַרקילט געוואָרן. זיך גיין לייגן צוריק, האָט זיך איר נישט געוואָלט. האָט זי אַזוי פאַ־מעלעך אָפּגעטאָן אַלע אַרבעטן, ביז דעם פאַרקנעטן, דערנאָך האָט זי אַראָפּגע־טראָגן דעם מולטער מיט טייג און זיך גענומען קנעטן דאָס ברויט.

דעמאָלט איז דער טאַטע אַריין אין קיך מיט גאַנצע טענות:

— וואָס טראַכסטו זיך, פייגל?... אַז דו וועסט חס ושלום אַוועקפאַלן, וועסטו אונדז דערמיט מאַכן בעסער? דאָס איז אַן אופן צו באַווייזן געטריישאַפט? וואָס הייסט, דו שלעפּסט אַליין אַזאַ שווערן מולטער מיט טייג?

ענטפערט די מאַמע:

— וואָס זשע דען זאָל איך טאָן? ווען האָב איך ער זאָל מיר העלפן? טאָמער האָב איך איין שטיקל יהודית, האָרעוועט זי דען ווייניק? זאָל איך איר אפשר וועקן אין אַזאַ קעלט פאַרטאָג? אַ חוץ דעם ווייסטו גוט, אַז ווען מיר זענען אַפילו געווען אַ גרויסע „סעמעיסטווע" האָב איך קיינעם נישט גערופן צו הילף. שוין אַזאַ נאַטיר ביי מיר.

— זעסטו, טאַקע געווען אַ גרויסע חכמה פון דיר — הוסט דער טאַטע.

די מאַמע ענטפערט צוריק:

— און דו? צו וואָס ביסטו אויפגעשטאַנען אין אַזאַ קעלט אַזוי פרי?

— וואָס דען? — זאָגט דער טאַטע בייז — היינט מוז איך שוין גיין אין בית־השחיטה, וועל איך דעריבער גיין דאַווענען מיטן ערשטן מנין. וואָס מיינסטו? „יענער" וועט שטענדיק וועלן האָרעוועט פאַר דיר? און די שטאָט וועט דאָס וועלן ליידן? די שטאָט, לאָז זיך דיר דוכטן — זאָגט ער ביטער — קוקט שוין פון לאַנג אַרויס אויף אַ געלעגנהייט, כדי מען זאָל קאָנען צונעמען אַ „סוחר" און יענער דאַרף זיך נאָר אַריינרוקן מיט אַ פוס, איז גענוג! בלייבן מיר — די שעה זאָל קיין שעה נישט זיין — אָן פרנסה. וואָס מיינסטו, יענער איז אַזוי ווי איך? איך האָב זיך געמוטשעט, געקרענקט, ביז איך האָב אויסגעצאָלט דער אלמנה גאַנצע זעקס הונדערט קערבלעך, פאַר דער חזקה.

די מאַמע שפּרינגט אויף:

— וואָס רעדסטו, שמאי? איך ווייס באמת נישט וואָס פאַר אַ מענטש דו ביסט. וואָס איז דאָס פאַר אַ נאַטיר ביי דיר? אויב דו קאָנסט אַזוי רעדן וועגן טאַלנע?

— וואָס, פייגל? דו האָסט פאַרגעסן, ווען, נישט היינט געדאַכט, בשעת מיין גרויסער שלאָפקייט, ווען לאה פלעגט קומען יעדן טאָג צו אונדז, יעדן טאָג ווי אַ „גוטער פריינט" און טאַקע דעמאָלט האָט איר מאַן, שלמה יאָסל דער מנקר, געשיקט נאָך זיין זון שייקעלע, אַז ער זאָל קומען פון דאָרף, ער וויל אים מאַכן פאַר אַ שוחט אויף מיין אָרט, טאַקע אויף דער הייסער שעה. און איך טאַלנע זאָלסטו וויסן איז אַלצדינג מעגלעך. איך בין דאָ עלנט. איך האָב דאָ נישט קיינעם, נישט קיין קרובים, נישט קיין פריינט און אַ חוץ דעם איז טאַלנע הפקר. ווער עס האָט חוצפה, פירט עס אויס.

— שמאי! — שרייט די מאַמע — עס איז דאָך פון דיר נישט אויסצו־האַלטן. וואָס פאַר אַ משל איז דאָ שלמה יאָסל? געדענקסט דאָך אַז ער האָט במחילה געמוזט פאַרקערעווען אויף צוריק. ער האָט אַפילו מורא געהאַט זיך צו ווייזן אין בית־מדרש. די גאַנצע שטאָט איז געווען אויפגעטראָגן אויף זיי. וואָס

הייסט, דו זאָגסט, אַז די שטאָט וויל דיר שלעכטס טאָן? פאַרוואָס אַז דו רעדסט מיט דעם קאָזיאַנע רב, צי מיט ניסלען, אָדער מיט גערבן, האַלסטו אין איין לויבן די שטאָט מיט אירע חברות. דו לויבסט די בעלי־מלאכות, וואָס האַלטן אויס די תלמוד תורה — די שולע מיין איך, די קאָאָפּעראַטיווע, וואָס דוד פּירט אָן. דעם לינת הצדק, וואָס די יונגוואַרג האָט געגרינדעט. רעדסטו אָבער מיט דודן, זידלסטו אַלע כלל־טוער, פּאַר לייזערן און ניסלען, רעדסטו אויף די קרעמער און פּאַר יהודיתן לאַכסטו פון דער „מאַלאַדיאָזש".

קומט אַמאָל ביי דיר אַ צייט, ווען עס באַפאַלט דיר אַ מרה שחורה, נעמסטו שיטן פעך און שוועבל אויף טאַלנע. וואָס פאַר אַ רעכט האָסטו צו רעדן אויף דער שטאָט? זאָגסט דאָך אַליין אַז אין טאַלנע זענען פאַראַן גוטע און שלעכטע מענטשן, פונקט ווי אין אַלע שטעט און דערמיט ביסטו באמת גערעכט, ווייל אין אַ טייך זענען פאַראַן כלערליי פיש, נאָר פלוצלינג קומסטו מיט אַזעלכע חשדים און טענות, וואָס דו ווייסט אַליין נישט פאַרוואָס. טאַלנע האָט דיר קיין שום שלעכטס נישט געטאָן. ווער, ווער, נאָר דו דאַרפסט נישט האָבן קיין טענות צו טאַלנע. דו האָסט דאַנקען גאָט גרויס מזל צו דער שטאָט. דו ביסט אָנגענומען אין דער שטאָט מיט גרויס כבוד, פון קיינעם פון די כלי־קודש האַלט מען נישט אַזוי ווי פון דיר.

די מאַמע רעדט איבערצייגט און מיט האַרץ, זי וויל ביים טאַטן צעשלאָגן די מרה־שחורה. זי רייסט זיך אָפּ אַ ווײַלע פון קנעטן דאָס ברויט און רעדט ווייטער:

— אָט נעם די רבנים: הערציע דער רב, האָט זיך זיין צד צווישן די רייכע יידן, די שיינע באַלעבאַטים, איז אים טאַקע נישט שלעכט אין דער פרנסה, דער־פאַר אָבער האָט אים די שטאָט פיינט און רופט אים דער פראַצענטניק. מאָטל דער רב, האָט מיט זיך דעם פראָסטן נאַראָד. דו זאָגסט, אַז ער איז ערלעכער און לייטישער פון הערציען. נו, וואָס קומט אים אַרויס? ערשטנס איז ער אַ קבצן, אַן אביון און צווייטנס האָבן אים די איידעלע יידן פיינט און זיי טענהן אַז ער איז פראָסט און האָט אַ גראָבן קאָפּ. זעסטו, ווער עס איז געווען באַליבט ביי גאַנץ טאַלנע, איז דער רב נחום עליו־השלום. ער האָט דאָס גאַנץ כשר פאַרדינט, ווייל אַ חוץ למדנות, האָט ער געהאַט אַ זיידענעם כאַראַקטער, אַ דימענטענע נאַטור. אָבער לאָמיר זיך נישט נאַרן, דיר שמאי, אַז עס קומט דיר אָן, קוקסטו דאָך נישט ווער עס איז, דו ענטפערסט אָפּ און פאַרסט איבער דעם גרעסטן גביר, דעם שענסטן באַלעבאָס, פונדעסטוועגן האָסטו גרויס מזל. מען שאַנעוועט דיר, מען לייגט אויף דיר כבוד און מען האָט פאַר דיר דרך־ארץ. דו, מיין מאַן, דאַרפסט שווייגן, ווייל דו לעבסט אין זכות פון דער שטאָט.

— טאַקע? — צעלאַכט זיך ביטער דער טאַטע — דו, מיין ווייב, וואָלסט

פאַרשטאַנען אַז אַרבעטן זאָל איך אין טאָלנע און צאָלן זאָל מען מיר אין יע־הופעץ?...

— דו ווייסט גאַנץ גוט, שמאי, אַז נישט דאָס מיין איך. איך געדענק אָבער זייער גוט, ווי די שטאָט האָט דיר „אויסגעבעטן״, דעמאָלט ווען דו ביסט, נישט היינט געדאַכט, געווען אַזוי מסוכן. דערציייל מיר נישט קיין מעשיות, שמאי, ווייל אַפילו איך זאָל לעבן הונדערט יאָר, וועל איך דאָס אויך נישט פאַרגעסן — הייבט אויף די מאַמע די האַנט מיטן טייג — ווען דען דערקענט מען גוטע פריינט, אויב נישט ביי קיין אומגליק? דו האָסט ערשט געזאָגט, אַז דו האָסט דאָ נישט קיין גוטע פריינט. האָסטו זיך באַטראַכט וועגן דעם וואָס דו האָסט געזאָגט? דע־מאָלט, נישט היינט געדאַכט, איז ניסל גייסינסקי געזעסן ביי דיר גאַנצע נעכט. דוד דער שוחט, האָט בייטאָג געאַרבעט און ביינאַכט האָט מען אים געדאַרפט אַרויסטרייבן ער זאָל גיין שלאָפן. דער קאַזיאָנער רב טעפּליצקי איז געלאָפן צום דאָקטער. פון די באַלעבאַטים קאָן איך דיר נישט אויסרעכענען ווער אַלץ עס איז געווען. דו פרעג בעסער ווער עס איז דאָ נישט געווען און ווער עס איז אַלץ יעדן טאָג געקומען פרעגן וועגן דיין געזונט. חיים דער שוחט, וועגן וועמען דו זאָגסט שטענדיק אַז ער איז פאַלש, אַז ער באַרעדט דיר פאַרן „בעל־טאַקסע״, ער איז דעמאָלט דעם גאַנצן מעת לעת געווען ביי דיר.

— יענער גוטער מעת לעת — זיפצט די מאַמע — איך בין זיך מודה, אַז איך האָב שוין דעמאָלט פאַרלוירן די האָפענונג. חיים האָט אָבער אַכטונג געגעבן, אַז אין אַלע בתי־מדרשים זאָל מען בעטן גאָט און זאָגן תהילים.

— איך קאָן דיר זאָגן, שמאי, אַז ביז היינט צו טאָג שעם איך זיך, ווען איך באַגעגן אין גאַס דעם דאָזיקן בעניע וואָלינעץ און ער „וויטעט״ (באַגריסט) זיך צו מיר. ער איז אַ פריייער יונגערמאַן, אַן אינטעליגענט, פונדעסטוועגן ווייס־ט גוט וואָס ער האָט געטאָן פאַר דיר. ער איז אַריינגעקומען אין יענעם „גוטן״ פרימאָרגן. ריסל זאָל לעבן, האָט מיר אַרויסגערופן מיט אַ ווונק פון דעם אַלקער. איך קום אַריין אין זאַל, זע איך ווי ער שטייט (איך האָב אים ביז דעמאָלט גע־קענט בלויז פון דער ווייטנס) און ער זאָגט צו מיר:

— די שטאָט האָט באַשלאָסן אַראָפּצוברענגען פון אומאַן דעם גרויסן דאָק־טער ליסאָווסקין. איך האָב שוין אָפּגערעדט מיט דעם דאָקטער בעלינקי. היינט פאַר איך נאָך אים. איך בין געקומען אייך מעלדן, כדי איר זאָלט צוגרייטן ר׳ שמאיז צו זיין וויזיט.

איך בין געשטאַנען מיט פאַרקלעמטע ליפּן, ווייל איך האָב געוווּסט, אַז אויב איך וועל אויסרעדן איין וואָרט, וועל איך מיר צעיאָמערן אויפן קול און ער וועט אוודאי מיינען, אַז איך ווייס נישט ווי אַזוי מען דאַרף זיך „אָבראַשטשאַיען״

מיט מענטשן. — וואָס באַדאַרפסטו מער. דער נאַרישער בן־ציון דער חזן, פון וועמענס טפשות דו חוזקסט שטענדיק, ער האָט זיך אַרויסגעוויזן קליגער פאַר מיר. ער האָט אים דערלאַנגט די האַנט און אים געזאָגט: פאָרט געזונט און זייט מצליח און גאָט זאָל העלפן, אַז איר זאָלט זיין דער גוטער שליח.

— און וואָס דער גרויסער קנאַקער, דער דאָזיקער דאָקטאָר האָט געזאָגט ווייסטו דאָך אויך: אַז ווען ער וועט זיין ביים וואָקזאַל אויף צוריקוועגס, וועט שוין זיין נאָך אַלעמען. עס איז שוין גאָרנישט פאַראַן וואָס צו טאָן. אָבער גאָט האָט מיר געהאָלפן און געטאָן דעם גרויסן נס. און ווייסטו פאַרוואָס שמאַי? ווייל די גאַנצע שטאָט האָט געבעטן צו גאָט פאַר דיר. אַ קלייניקייט אַן עדה ייִדן זענען מתפלל און זאָגן אַ מעת־לעת תהילים! דערנאָך ווען דו ביסט שוין אַרויס פון געפאַר און איך בין צום ערשטן מאָל געגאַנגען קויפן אַ שטיקל פלייש אויף מי־טיק, בין איך געווען שוואַך, ווי נאָך אַ שווערן קימפעט. ווייבער, קצבים, העקער און שינדער, האָבן מיר אַרומגערינגלט און אַלע האָבן זיך שטאַרק געפרייט. נאָ־טע דער שינדער האָט זיך צו מיר אָנגערופן: „איר מיינט שמאַיכע, אַז די יאָלדן, די פרומע ייִדן האָבן אייך אויסגעבעטן רב שמאַין? עס הייבט זיך גאָרנישט אָן. מיר, די שינדער זענען געגאַנגען פון איין שענק צום צווייטן, געטרונקען לחיים, מיט בעלי־עגלות, מיט בעלי־מלאכות און מיט „נאָש בראַט". מיר האָבן געוווּנטשן אַ רפואה רב שמאַין און פאַר אונדז — האָט ער געוויזן מיט אַ קולאַק צום הימל — פאַר אונדז האָט ער זיך דערשראָקן דער „אַלטער". מיר האָבן מיט אים גע־רעדט ריינע דיבורים: „ר' שמאַין באַדאַרפן מיר דאָ. ווייל ער איז אַן אונדזערי־קער, אַ פּראָווילנער און נישט קיין צבועק".

דער טאַטע קענטיק אַ באַרויִקטער, טוט פון דעסטוועגן אַן דעם טולופּ, גרייט אויף אַרויסצוגיין.

— שמאַי! — פּרוּווט נאָך די מאַמע ווירקן — איך האָב געמיינט, אַז דו וועסט איבערוואַרטן די שטאַרקע פרעסט.

— וואָס רעדסטו? די קעלטן קאָנען נאָך אַזוי אָנהאַלטן אַ חודש צייט.

— נו, זאָל זיין אין אַ מזלדיקער שעה — מורמלט שטיל די מאַמע. — עס זאָל שוין זיין געננוג. מיר זאָלן מער פון קיין שלאָפקייטן נישט וויסן.

זי לעשט אויס דאָס לעמפּל, ווייל עס איז שוין ליכטיק. יהודית שטייט שוין אין קיך ביים וואַש־בענקל. זי זייפט זיך דאָס פּנים, דעם האַלדז און די אָרעמס מיט קאַלטע וואַסער. די מאַמע זאָגט איר, כאָטש זי ווייסט, אַז עס וועט איר נישט העלפן, אַז זי זאָל נעמען כאָטש אַביסל וואַרעם וואַסער. דערנאָך שטייט אויף משהלע. די מאַמע העלפט אים זיך וואַשן און גיט אים צו טרינקען און דעם פרישטיק. ווען איך שטיי אויף, טרינקט שוין די מאַמע איר פאַרציע טיי. די מאַמע

זאָגט, אַז אין דעם טאָג וואָס זי באַווייזט נישט אויסצוטרינקען איר פּאָרציע טיי, דאָס הייסט פיר, אָדער פינף גלעזער טיי נאָכאַנאַנד, ברענט איר אין האַרצן ווי אַ פייער און עס טוט איר ווײ דער קאָפּ.

איצט איז איר פּנים אָנגעכמורעט. זי האָט זיך פאַרשפּעטיקט מיטן טרינקען, ווייל נאָך אַלע אַרבעטן האָט זי נאָך געהאַט אַ „ריזענניש" מיט יהודיתן צוליב די פּאַלן. יהודית וויל דווקא היינט, אין אַזאַ ביטערע קעלט, אָפּוואַשן אַלע פּאַלן. עס איז גענוג — זאָגט זי — וואָס די מאַמע האָט איר נעכטן, זונטיק, נישט געלאָזט וואַשן מיט דעם אויסרייד, אַז דעם טאַטן קאָן שאַטן די פייכטקייט. איצט וויל זי דעריבער אויף גיך אָפּוואַשן די פּאַלן, כדי זיי זאָלן זיך אויסטרוקענען ביז דעם טאַטנס קומען.

זי האָט אַפילו נישט געוואָלט פריִער אָפּטרינקען. נאָר קוים מיט צרות, שווערנדיק זיך ביי איר לעבן האָט די מאַמע געפּועלט, אַז זי זאָל זיך אָוועקזעצן פרישטיקן. די מאַמע זיצט דעריבער אַ פאַרחושכטע און טראַכט, אַז וואָס צופיל איז איבעריק; יהודית איז אַ צופיל בריה, צו געשיקט און אַפילו אַ צופיל חנוודיקע און דערפאַר טויג דאָס נישט.

אין קיין שום שטוב זעט זי נישט, אַז מען זאָל אַזוי פאַרלויפן אַלע וועגן און אַזוי ציטערן און פלאַטערן איבער קינדער, ווי ביי אונדז. האָט דען אַזאַ מיידל ווי יהודית נישט געקאָנט אָפּעסן אַליין און נישט ברענגען איר צו אַ שבועה און זי זאָל אָוועקלייגן ביי איר אַ שטיק האַרץ?

די מאַמע זיפצט און קוקט ווי איר טאָכטער עסט מיט אַזאַ מינע, פּונקט ווי זי זאָל איר טאָן דערמיט די גרעסטע טובה.

פּלוצלינג טוט די מאַמע אַ ציטער: איר האָט זיך היינטיקע נאַכט געפּלאָנטערט אַ שרעקלעכער חלום, וואָס זי האָט זיך נאָר וואָס דערמאָנט. עס האָט זיך איר געחלומט, אַז זי האָט אָפּגעשניטן ברויט פאַר פיר קינדער און יהודית איז דערביי נישט געווען, נאָר די צוויי קליינע קינדער, מיט די צוויי פאַרשטאָרבענע ייִנגלעך בענטשיק מיט ליאָווען — זאָלן זיין ווייט אָפּגעשיידט — וואָס זאָל דאָס באַדייטן?

ווען יענע קינדער האָבן געלעבט, זענען נאָך די קינדער אויף דער וועלט נישט געווען. רבונו של עולם — טראַכט די מאַמע — עס זאָל נאָר זיין צום גוטן! זי האָט עפּעס אַ שווערן פּאַרגעפּיל. משהלע איז קיין עין־הרע געזונט, שיין און ליכטיק, נישט מערער ער האָט אַ שוער בריסטל. ער הוסט זייער אָפּט. דער דאָקטאָר האָט אַפילו געזאָגט, אַז ער וועט דאָס איבערוואַקסן. גאָט זאָל אָפּהיטן, עס זאָל חלילה נישט זיין קיין „באַסלעדסטוועו". די קליינע האָט בפירוש געזונטע לינגלעך, איז זי אָבער אַזוי דאַר, אַז מען קאָן פּשוט די ביינדלעך איבערציילן. מען

באַדאַרף זיך נעמען צו איר, נישט דורכלאָזן דעם פיש־טראָן טרונקען. כאָטש צו־ריק געדעדט — זיפצט די מאַמע — איז מען שטענדיק ביי גאָט אין די הענט.

יהודית קוקט אויף דער מאַמען און עס באַהערשט איר אַ געפיל פון חרטה. פאַרוואָס זי האָט פאַרשאַפט דער מאַמען עגמת־נפש און כדי איר צו פאַרגיטיקן, שניידט זי זיך אָפּ נאָך אַ רייפטל ברויט און באַשמירט עס מיט פאָווידלע. די מאַמע באַמערקט דאָס אָבער נישט.

ווען דער טאַטע קומט צוריק, זענען שוין די פאָלן טרוקן און פאַרשפּרייט מיט די גרינע סטעזשקעס. דער טאַטע טוט אויס די קאַלאָשן ביי דער טיר, שטעלט זיי אַוועק אויף דער רעדנע און נעמט זיך גלייך בייזערן אויף יהודיתן, הלמאַי זי האָט געוואַשן די פאָלן.

— אין אַזאַ פראָסט וואַשט מען פאָלן? מען צווינגט דיר פון קהל אַזוי צו האַרעווען? איך פאַרשטיי נישט, ווי אַזוי קומט צווישן מיינע קינדער אַזאַ נאַר. וויפל מען טענהט נישט מיט איר און מען גיט איר צו פאַרשטיין, איז פונקט ווי מען זאָל רעדן צו דער וואַנט. עס לוינט זיך דיר איינצושטעלן דאָס לעבן צוליב אַזאַ נאַרישקייט, ווייל אויף יענער וועלט וועלן דיר אַנטקעגן גיין ריינע, אויסגע־וואַשענע פאָדלאָגעס — הוסט מיט חוזק דער טאַטע.

נאָך איידער יהודית באַוויזט צו ענטפערן, מישט זיך אַריין די מאַמע:

— זי האָט געוואַשן מיט וואַרעמע וואַסער.

— און אַז מיט וואַרעמע וואַסער איז וואָס? מען דאַרף טאַקע זוכן ווי אַזוי זיך צו פאַרקילן און ווערן קראַנק? ערשט פרייטיק געוואַשן, דאַרף מען אין אַזעל־כע מסוכנע פרעסט וואַשן מאָנטיק נאָך אַמאָל.

— וואָס דען? — פרעגט יהודית — מען דאַרף ליגן אין שמוץ?

— לאָז איר צורו, שמאַי! — זאָגט די מאַמע מיט אַ געמאַכטער פריילעכ־קייט — עס איז נישטאָ קיין שום סכנה. געפאַרבטע פאָלן איז גרינג צו וואַשן און דו דאַרפסט זיך נישט אויפרעגן. דו בייזערסט זיך ווייל דו ביסט איר געטריי און זי מיינט, אַז דו פאַרגינסט איר נישט דאָס פאַרגעניגן פון האַרעווען. שרעק זיך נישט, איר איז נישט קאַלט. זי באַוועגט זיך שטענדיק, דערוואַרעמט זי די גע־בליטן און דו ווייסט דאָך אַז זי האָט ליב „טשיסטאָטאַ״ (ריינקייט). איך וועל בעסער גרייטן צום טיש, וועלן מיר אָפּעסן פרי, וועסטו צייט האָבן זיך אָפּצו־רוען, איידער דו גייסט אין בית־השחיטה.

דער טאַטע גיט אַ מאַך מיט דער האַנט:

— וואָס איז דאָס איילעניש?

פאַרשטייט שוין די מאַמע, אַז עמיצער פון די שוחטים האָט איבערגענומען ביים טאַטן דעם האַלבן טאָג. זיפצט זי אָפּ לייכטער.

* * *

ביים עסן דערציילט דער טאַטע, אַז דוד דער שוחט — און דער טאַטע רופט אים אַן שוחט און נישט ווי ווען ער איז בייז און רופט אים „דוד דער פּרעסי־דאַטעל" — איז אַריין אין בית־מדרש זיך אָנגוואַרעמען, ווייל אין בית־השחיטה איז קאַלט ווי אין אַ „פּסאַרניע", האָט ער אים דערזען און אים געזאָגט, אַז עס איז פון אים אַ גרויסע עוולה אַרויסצוגיין אין אַזאַ וועטער אויפן גאַס. אַלנפאַלס בעט ער אים, אַז ער זאָל זיך נאָך היינטיקע וואָך אָפּרוען. ביי אים איז אַ קליי־ניקייט צו גיין אינדערפרי איין מאָל און נאָכמיטיק נאָך אַמאָל. חיים האָט זיך זיין וואָך אין „בוינע" און מיט עופות, וועט ער, דוד, זיך אַליין אַן עצה געבן. סיידן ערב־שבת, אויב איר וועט זיך פילן בעסער, קומט מיר העלפן אַ פּאָר שעה.

— לאַנג לעבן זאָל ער! — זאָגט די מאַמע — דערפאַר זאָל ער קיינמאָל פון קיין שלאָפקייטן נישט וויסן.

— יאָ — גיט צו דער טאַטע — דער דוד איז אַ פּראָסט יינגל. אָבער זיין פּיאַטע איז לייטישער פאַר חיימען. ער האָט אַן איידעלן כאַראַקטער.

— דער עיקר איז דער כאַראַקטער ביי אַ מענטשן — כאַפּט אונטער די מאַ־מע — אַ פיינער, אָרנטלעכער כאַראַקטער, איז מער ווערט ווי למדנות.

איך האָב מיר פאַרטראַכט אויף דעם וואָס דער טאַטע האָט געזאָגט אַ „יינגל". איך ווייס אַז אַ יינגל איז אַ בחור און דוד איז אַ באַווייבטער, ער האָט אָפילו דריי קינדער און ווי עס זאָגט לאה די מנקרקע, איז ווען פייגעלע זאָל נישט „אָפּטרייבן" וואָלט שוין געווען אַ פולע שטוב מיט קינדער.

איך בין אַזוי ווייט באַהערשט פון דעם געדאַנק וועגן די אָפּגעטריבענע קינ־דער. איך וויל וויסן: ווען טרייבט מען זיי? און ווער טרייבט זיי? פאַרוואָס קומט זיי צו טרייבן? און צו לויפן זיי נעבעך אַרום באָרוועס? איך גיב מיר אָפילו נישט אָפּ קיין חשבון וואָס איך טו און ווו איך בין. איך האָב אָפילו פאַרגעסן, אַז איך האָב פיינט מצהלעך מיט יויך און האָב נישט ווילנדיק אויפגעגעסן דעם גאַנצן חלק, וואָס די מאַמע האָט מיר געגעבן. מיין ברודערל קוקט שטאַרק פאַרוואונדערט אויף מיר.

איך הער ווייטער ווי דער טאַטע זאָגט, אַז ביי דודן איז דער עיקר, אַז ער האָט פריי די אָוונטן, פאַר זיינע זיצונגען. דעריבער האָט ער פיינט צו פאָרןביי־נאַכט אין דער בוינע. יהודית מיינט אָבער, אַז דוד האָט ליב געזעלשאַפטלעכע אַרבעט און דער טאַטע שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין, דאָס הייסט, אַז ער האַלט זיך ביי זיין מיינונג, אַז אַ כלי־קודש דאַרף נישט זוכן קיין כבוד און עס איז פּאַר אים געזונטער זיך צו האַלטן פון דער חייטנס.

ווען מען ענדיקט עסן און מען וואַשט איבער די כלים, נעמט זיך יהודית אָנטאָן אויף צו גיין אין דער ביבליאָטעק און די מאַמע זאָגט צו איר:

— גייסט אין „טשיטאַלנע"? טאָ נעם אַרויס פון אויבערשטן שופלאָד, פון דער רויטער שאַפע צוואַנציק קאָפּיקעס. דאַרפסט דאָך שוין באַצאָלן פאַרן חודש.

די מאַמע רעדט מיט אַ מינע ווי איינער זאָגט: מיר דאַרף מען נישט דערמאָנען. איך גיב אַליין אויף דעם וואָס מען באַדאַרף געבן.

יהודית ענטפערט אויף דעם מיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ.

גאַנץ פּלוצלינג, פון דער העלער הויט, צעפלאַקערט זיך אַ קריג צווישן דער מאַמען מיט יהודיתן, אַן אמתע מלחמה. סיי יהודית און סיי די מאַמע לאָזן אַרויס אַזוי פיל רייד, אַז מיר איז שווער זיך פונאַנדערצוקלייבן אין וואָס דאָ האַנדלט זיך. די מאַמע טענהט:

— ווו די וועלט האָט אַן עק, האָב איך שוין געזוכט דעם זאַק וואָס איך שטריק און פונקט ווי די ערד וואָלט אים איינגעשלונגען. אַז נאָר מען פאַררוימט, מען פוצט, מען פאַרשטעקט און מען פאַרשטופּט און פאַרוואַרפט. מען כאַפּט אַרויס פון אונטער די הענט.

טענהט יהודית, אַז זי איז נישט קיין „סטאַראָזש" פון דעם זאַק; זי איז נישט מחוייב אים צו היטן און זי קאָן נישט נאָכגיין דער מאַמען און איר היטן ווו זי פאַרשטעקט אים. זי זאָגט אַז זי פאַררוימט נישט גלאָט אין דער וועלט אַריין, נאָר פונקט פאַרקערט, יעדע זאַך האָט ביי איר אַן אָרט, נישט מער וואָס אין דער שטוב איז יעדערער געוווינט, אַז זי באַדאַרף אַלצדינג אונטערטראָגן. מעג אַפילו אַ זאַך ליגן פאַר די אויגן, וועט מען דאָס אַליין נישט נעמען, נאָר מאַכן אַ סקאַנדאַל.

פרעגט די מאַמע איראָניש:

— ווי באַלד אַזוי, טאָ ווו זשע איז דער אָרט פון מיין זאַק?

ענטפערט יהודית:

— אין דעם אונטערשטן שופלאָד פון טיש, ביי דער זייט פון דער קליידער־שאַפע.

זאָגט איר די מאַמע דרייסט:

— אויב אַזוי, טאָ גיי און ברענג מיר אים.

גייט יהודית צו צום שופלאָד און נעמט אַרויס דעם זאַק מיט די שפּיזלען, מיט דעם קנויל ביינוול צונויפגעלייגט אין אָרדענונג און דערלאַנגט דאָס דער מאַמען מיט אַ מינע וואָס קאָן באַדייטן:

— זעסט ווער דו ביסט!

דער טאַטע רייסט איבער זיין אַרבעט פון ציילן די טראַפּנס פון אַ קליין פלעשעלע אין אַ גלאָז וואַסער און גיט אַ קוק מיט חוזק אויף דער מאַמען.

פאַרדריסט דאָס דער מאַמען, זאָגט זי אַביסל פאַרלוירן:

— אַט דאָ אין שופלאָד איז ביי דיר אַן אָרט פאַר אַ זאָק?

פרעגט יהודית צוריק:

— ווו דען לייגט מען אַ זאָק?

ענטפערט די מאַמע פאַרשעמט, קוקנדיק אויף די ווענט:

— אַ זאָק לייגט מען אין אַ „פיסמעניק"...

— אַזוי? — שפּרינגט יהודית אויף מיט נצחון — דער אמת איז אַרויס ווי בוימל אויפן וואַסער. הייסט דאָס, אַז דו לייגסט שטענדיק דעם זאָק אין בריוונטאַש. וואָס דען? אין דער שטוב וועט עפּעס זיין? — באַדויערט זי מיט אַ ביטערן זיפץ.

די מאַמע שטייט אַ באַזיגטע און אַביסל אַ פאַרשעמטע. זוכט זי ווי אַזוי אַרויסצוגיין מיט כבוד פון דער אומבאַקוועמער לאַגע. ווייזט זי אַן אויף מיר מיטן פינגער און זאָגט צו יהודיתן:

— אפשר מוז איך אָוועקלייגן דעם זאָק אויף אַזאַ אָרט, אַז מען זאָל אים נישט קאָנען דערלאַנגען, ווייל אויב נישט, אַרבעט „זי" מיר אַן אַזאַ פלאַנטער, אַז איך האָב שוין צו זינגען און צו זאָגן.

איך גיי צו נאָענט צו מיין שוועסטער און באַשליס ביי מיר נישט צו רעדן מיט דער מאַמען ווי לאַנג איך וועל לעבן. דערפאַר וואָס זי וואַרפט מיר פאַר אַ זאַך, וואָס איך האָב געטאָן אפשר מיט פופציק יאָר צוריק...

יהודית טוט אָן די שוואַרצע קאַלאָשן אויף די שיך און איך פרעג איר פאַר־וואָס זי טוט נישט אָן די נייע שיך. ענטפערט זי מיר אַז אונטער די קאַלאָשן מעגן זיין אַלטע שיך, ווייל די נייע זענען אַ שאָד. די מאַמע שמייכלט אַ צופרידענע און איך בין מקנא יהודיתן, וואָס אַט וועט זי אָנטאָן די נייע קאַלאָשן, דעם מאַנטל וואָס זי האָט געבראַכט פון קיעוו. אויף דעם מאַנטל זאָגן אירע חברטעס, אַז ער איז שיקאַרנע, אַז ער ליגט אויף איר ווי אויסגעגאָסן און אַז זי נעמט מיט אים איין גאַנץ טאַלנע.

איך האַלט מער נישט אויס און זאָג מיט געבעט:

— נעם מיר מיט אין דער „ביבליאָטעקאַ". וואָס קאָן עס דיר אַרן?

ענטפערט זי מיר גלייך אָפּ שאַרף:

— דו באַדאַרפסט נאָך פרעגן? אָן דיר ווייס איך נישט דעם וועג.

זאָגט צו מיר די מאַמע:

— נאַרעלע וואָס דו ביסט, אין אַזאַ קעלט? וואָלסט דאָך פאַרפרוירן גע־

וואָרן, מירטשעשעם זומער, אַז מען וועט לעבן, וועט זי דיר ווידער מיטנעמען אין „פּובליטעק״ און וועסט אויך גיין אין וואַלד.

* * *

די מאַמע זיצט אויף דער סאָפּקע און שטריקט דעם זאָק. דער טאַטע ליגט אין בעט האַלב־אָנגעטאָן. ער לייענט שפּינאָזאַן און עס איז קענטיק, אַז ער האָט זייער הנאה פון דער טיפקייט פון ספר. ער גיט פון צייט צו צייט אַ זיפץ, גלאַט אַזוי זיך, פון יוצא־וועגן, כדי קיינער זאָל נישט מיינען, אַז אים איז גוט, וואָס ער איז אין דער היים און „יענער״ אַרבעט פאַר אים.

די מאַמע זאָגט צו יהודיתן, וואָס שטייט שוין אָן אָנגעטוענע, מיט אַ ווייס שאַלעכל אויפן קאָפּ וואָס עס פּאַסט איר זייער. איך בעט דיר טאָכטער, קום גלייך פון דער „פּובליטעק״ אַהיים. איך וואָלט געוועזן צופרידן אַז זאָלסט בעסער גיין מיט אַ חברטע. עס איז איצט ערב חגא. אין גאַס דרייען זיך אַרום אַ סך שיכורים. דו ווייסט דאָך, אַז דער טאַטע ווערט אומרויִק ווען דו קומסט נישט תחילת נאַכט אַהיים.

— איך ווייס — ענטפערט יהודית אומצופרידן — איך טאָר נישט אַרויס פון שטוב. איך בין דאָ ווי אין אַ תפיסה. זי לויפט האַסטיק אַרויס.

יהודיתן ווילט זיך דווקא יאָ אַריינכאַפּן צו אַ חברטע. זי האָט אַ פאַרלאַנג אויסצוזינגען אַ פּאָר נייע לידער, וואָס זי האָט געברענגט פון איר לעצטער רייזע. איבערהויפּט ווילט זיך איר אויסזינגען אַ ציגיינערישן ראָמאַנס. זי פילט ממש, ווי ער שטיקט איר אין האַלדז. ווען זי וואָלט אַ שטייגער אַריינגעקומען צו איר חברטע לאַהקע האַלפּערין און זי שטעלט זיך דאָרטן אַוועק זינגען, וואָלט איר צוגעקומען אַ שטיק געזונט. זי וועט אָבער אַהין איצט נישט גיין, ווייל מען וועט זיך דאָרטן צוטשעפּען צו איר, אַז זי זאָל קומען אַהין ניי־יאָר אויף וועטשע־רינקע, וואָס זיי פּראַווען צו באַגעגענען דאָס נייע יאָר. דער טאַטע האָט שוין אָנגעהויבן באַצייטנס צו חוזקן פון לאהקעס טאַטן, וואָס מען רופט אים בעני פלוט, זאָגנדיק, אַז אים וואָלט נישט אָנגעשטאַנען צו זיצן ביי זיין טיש. בפרט, אַז זי ווייס בפירוש אַז זיי לאַדן איר איין צוליב איר זינגען, וואָס דאָס איז פּונקט דאָס זעלביקע, ווי מען פאַרבעט קלעזמער אויף אַ שמחה. איבערהויפּט פאַרשטייט ער נישט, וואָס פאַר אַ גדולה איז פאַר ייִדן זייער „נאָוויגאָד״. יהודיתן איז נישט ניחא צו דאַרפן קעמפן פאַר יעדער זאַך. זיפצט זי שווער. זי וואָלט כאָטש וועלן האָבן אַן אויסזען פון אַן אַנטוישטער, טרויעריקער מיידל...

ווען זי קומט אַרויס אויף דער גאַס, ווערט איר שטימונג איבערגעביטן. עס איז אמתדיק קאַלט. עס איז אָבער אַ הערלעך שיין וועטער. די זון שפּיגלט זיך

אין שניי מיט אַ קאַלטן גלאַנץ. דער שניי איז אַזש בלוי, פֿאַר ווייסקייט. איר איז אנגענעם. זי פילט ווי עס רויטלען זיך אירע באַקן און זי פילט אויך ווי זי איז באַחנט מיט איר ווייס שאַלעכל, מיט די נייע פליטקע קאַלאָשן און די הויכע קנאָפּל זעען אירע פיסלעך אויס נאָך קלענער. דער מאַנטל אירער איז שיין און זי פילט זיך זייער גוט אין אים, הויפּטזעכלעך זייער יונג. זי איז פול מיט טרוי־מען און האָפענונגען פאַר דער צוקונפט. זי איז איבערהויפּט פול מיט לעבן און ענערגיע. סוף־כל־סוף — טראַכט זי זיך — איז דאָס לעבן שיין און זי האָט נאָך אַלץ פאַר זיך.

## אַכטער קאַפּיטל

# דער איבערפאַל

די מאַמע זיצט פאַרזונקען אין מחשבות, דער טאַטע ליגט אין בעט און לייענט, און משהלע וויל אַז מיר ביידע זאָלן שפּילן אין די קוויטלעך, וואָס דער טאַטע האָט אונדז געמאַכט חנוכה, און די מאַמע האָט אונדז אויסגעלערנט ווי אַזוי צו שפּילן אין זיי. די שפּיל איז אפשר די יושרדיקסטע אין דער וועלט, נאָר דערפאַר זייער אַ לאַנגווייליקע.

מיר האָבן צוואַנציק קוויטלעך וואָס מיר צעטיילן אויף דער העלפט. אַמאָל געווינען איך און אַמאָל ער און צום סוף צעטיילן מיר זיך. איך נעם אָפּ מיין געלט און ער זיינס און מיר פאַרשפּאָרן זיך אַזוי אַרום צו קריגן און צו שלאָגן.

דאָס איינציקע וואָס מיר ווערט אומעטיק ביי דער שפּיל. איך טראַכט דער־מאָלט וועגן זומער, ווי אַזוי איך וועל גיין אין וואַלד, מיט יהודיתן אין אירע חברטעס, פון וועלכע אייניקע האָבן אויך אַזעלכע שוועסטערלעך ווי איך. און מיר די קליינוואַרג לויפן אַרום און וואַרפן זיך אויפן גראָז, אין דער צייט וואָס אונדזערע שוועסטער לייענען ביכלעך און אַמפּערן זיך וועגן דאָס געלייענטע. אָפּטמאָל ווערן זיי באַגלייט אין זייער שפּאַציר פון בחורים, וועלכע קומען צו, שוין נאָענט לעבן וואַלד, איינציקווייז אָדער עטלעכע צוזאַמען, און אַמאָל באַ־גלייט מיט אַנדערע מיידלעך, נישט פון „דוכאָוונע זוואַניע״ (פון פרומען אָפּ־שטאַם). די מיידלעך היטן זיך שטאַרק, אַז מען זאָל פון דעם נישט וויסן, כאָטש די מאַמעס זייערע מאַכן זיך נישט וויסנדיק און זענען מעגלעך אַפילו צופרידן וואָס זייערע טעכטער גייען באַגלייט פון היימישע יינגלעך און נישט אַליין אין וואַלד.

אין שטאָט אָבער גייט מען באַזונדער און אין וואַלד רעדן די יוגנטלעכע פון ערנסטע זאַכן. דער עיקר באַקלאָגן זיי זיך אויף דעם גרויען, נישט אינטערע־סאַנטן קליינשטעטלדיקן לעבן. ווען עס ווערט זיי נמאס דאָס „כניקען״, דאָס הייסט, דאָס קלאָגן זיך, נעמען זיי זיך צו רודערן, לויפן און שפּרינגען. יהודית רופט אַרויס אַ סך באַוווּנדערונג, סיי מיט איר זינגען און סיי מיט איר פריילעכ־קייט. ווען מען ווערט שוין מיד פון פילאָזאָפירן און דיסקוטירן, פון זידלען די

אָפּגעשטאַנענקייט און דעם פּאַנאַטיזם און פון לויבן די נאַטור (פאַרשטייט זיך, אַז אויף דער רוסישער שפּראַך, כאָטש זייער נישט פּינקטלעך), גייען מיר אַלע צופרידענע, נאָר מידע אַהיים. איך ריר קוים מיט די פיס, כאָטש איך לייקן פאַר־שטייט זיך אַז איך בין מיד.

— ווען נאָך אַמאָל קומען אָט די גליקלעכע צייט? דוכט זיך, אַז דאָס זע־נען די שענסטע מאָמענטן אין מיין לעבן. איך באַרים זיך אָפּט פאַר די קינדער, וואָס האָבן נישט דאָס גליק צו האָבן עלטערע שוועסטער, וואָס זאָלן זיי נעמען אין וואַלד. זומער איז אַ גליקלעכע צייט פאַר קינדער און ווינטער איז פאַר זיי אַן אומגליק, בפרט נאָך פאַר מיר, מיט מיין ברודערל. אונדז לאָזט מען נישט אַרויס פון שטוב, סיי בעת די גרויסע פרעסט און סיי אין די בלאָטעס. ווער ווייסט וויפל יאָר עס וועט נאָך דויערן דער ווינטער און צי עס וועט נאָך בכלל אַמאָל קומען דער זומער?

עס באַפאַלט מיר אַ שרעקלעכער אומעט. וואָלט איך כאָטש געווען אַליין אין שטוב מיט משהלען, וואָלטן מיר געעפנט די קליידער־שאַפע, אַרויסגענומען פון דאָרטן די מלבושים און זיך פאַרשטעלט פאַר גרויסע. ער וואָלט זיך אַוועקגעזעצט ביי דער גמרא און איך וואָלט געקומען מיט אַן עוף פרעגן אַ שאלה. משהלע קרעכצט אין אַזאַ פאַל, הוסט און באַטראַכט דעם עוף לאַנג. און איך ווער אומ־געדולדיק און גיב אַ פרעג:

— נו, כשר אָדער טריף?

ווערט ער בייז און זאָגט, אַז אויף אַזאַ אופן וויל ער זיך נישט שפּילן. אויף אַ שאלה ענטפערט מען נישט אַזוי איינפאַך מיט איין וואָרט: מען ענטפערט, עס איז נישט רעכט, עס איז נישט כדאַי, אָדער מען ענטפערט אַז עס איז גאָרנישט און איר קאָנט דאָס עסן געזונטערהייט. פאַראַן אויך פאַלן, ווען מען זאָגט עס איז טריף, וואַרפט דאָס אַרויס, מען טאָר דאָס אַפילו קיין גוי נישט פאַרקויפן.

איצט אָבער, אַז די מאַמע איז דאָ, וועט זי נישט לאָזן עפענען די שאַפע. ווייל אַנומלטן האָט מען געלאָזט די שאַפע אָפן, האָב איך נישט געקאָנט ביי־שטיין דעם נסיון און זיך געוואָלט איבערצייגן, צי עס איז נאָך פאַראַן מיין זו־מערדיק ווייס קליידעלע, מיט דעם בלויען גאַרטל, ווייל איך בענק שטאַרק נאָך דעם זומער. האָט יהודית פאַרשטייט זיך געמאַכט אַ געוואַלד, אַז איך האָב צו־ליב שלעכטסקייט און אויף צו להכעיס צעוואָרפן און צעקנייטשט אַלצדינג וואָס עס איז פאַראַן אין שאַפע און געמאַכט „אָרע קאָרע" פון די קליידער. די מאַמע האָט נאָר געוואָלט דערגיין ביי מיר, צוליב וואָס איך האָב דאָס געטאָן. איך האָב מיך אַפילו נישט פאַרענטפערט. צוליב וואָס? זיי וועלן דען דאָס פאַרשטיין?

איך גיב אַ וואָרף אויף דער ערד די קוויטלעך, וואָס זענען מיר דערעסן גע־

וואָרן ביז חלשות. מיין ברודערל נעמט זיי צונויף געדולדיק. דער מאַמען איז באַפאַלן אַ שלאָף, זי וויל זיך אָבער נישט אונטערגעבן, פּשוט צוליב דעם וואָס זי האָט נישט וואָס צו טאָן אין אַזאַ לאַנגער נאַכט און באַזונדערס דאַרף זי טאַקע שטריקן דעם זאָק, ווייל עס פעלט שוין ווייניק צייט צו פּורים און דערנאָך איידער מען רירט זיך, רוקט זיך אָן פּסח און די מאַמע זיפצט דערביי — מען זאָל נישט זינדיקן מיט די רייד, עס איז נישט גוט, אַז מען קוקט אַרויס אויף דעם געציילטן גראָשן.

די מאַמע זאָגט אַז זי וואָלט נאָך פריִער באַדאַרפט גיין אין קלייט און נעמען פאַר די קינדער אַ גאַרניטורל, אַ פלאַטקע און בפרט פאַר אַן עלטער קינד וואָלט זי אַוודאי באַדאַרפט אַ זומער־מאַנטעלע, אָדער אַ קלייד. ווען זשע איז דאָס גערעדט געוואָרן? ווען מען וואַרפט אַריין פראַדל דער שניט־קרעמערין אַ צענערל אויפן חוב, קאָן מען זיך ווייטער דרייען. עס פעלט אין שטוב אַ ליילעך, אַ טישטוך, אַ האַנטוך און אַפילו אַ העמד. וואָס זשע טוט אָבער גאָט? ער שיקט בעסער צו אַ שלאַפקייט, אַ לונגען־אָנצינדונג און עס גייט אַוועק אַ סדרה דאָקטוירים יעדן טאָג, מיט רפואות און בעסערע „פּיטאַניע" (דערנערונג) — טאָ ווי זשע קאָן מען טראַכטן פון אַזעלכע זאַכן? פאַרשטייט זיך אַז צוליב דעם ווערט מען זיך דאַרפן באַגיין אָן אַ סך זאַכן און זיי אָפּלייגן אויף שפּעטער. נישט מערער, אַז אויב מען לייגט אָפּ איינמאָל, קומען אונטער אַנדערע זאַכן און דאָס מוז מען און יענץ דאַרף מען, בלייבט שוין פאַר זיך גאָרנישט איבער צו קויפן. אויך דאָס מאָל מעגן אַלע ווייטער שרייען אַז זי מוז אַ סך זאַכן, וועט זי זיך דאָס מאָל שוין באַגיין מיט גאָרנישט. ווייל די קליינע „זניקנע" אַז זי דערהערט, אַז מען וויל פאַר איר עפּעס איבערנייען פון דער גרויסער, איז דאָס ביי איר ערגער ווי אין טאַטן געשאָלטן; זי וויינט און טענהט פאַרוואָס זי איז ערגער פאַר אַלע, זי זאָגט אַז זי פילט זיך שלעכט אין איבערגענייטע בגדים, ממש לעכערלעך.

וויפל איך טענה מיט איר, אַז אומעטום נייט מען איבער פון אַן עלטער קינד פאַר אַ יינגערס, האַלט זי אין איין שרייען, פאַרוואָס עפּעס נאָר פאַר איר. אָט אַ נאַריש קינד. זי פאַרשטייט נישט, אַז פאַר משהלען מוז איך קויפן סחורה, ווייל איך האָב נישט פאַר אים פון וועמען איבערצונייען. נו, מילא — לעקט די מאַמע אירע פאַרטריקנטע ליפּן — באַהיט גאָט פאַר ערגערע צרות. איך אַליין וואָלט דען נישט געוואָלט אַ בעלן איר צו מאַכן אַ רויט סאַמעטן קליידעלע מיט אַ ווייס קעלנערל? עס איז די מאָדע און עס איז טאַקע שיין פאַר אַ קינד. איז אָבער אַן עלטער קינד בילכער און אַפילו אַז מען קאָן נישט, מוז מען „שטרעקן נאָך די צקן". ווי מען זאָגט, אַז מען קאָן נישט אַריבער, מוז מען אַרונטער.

די מאַמע ווערט טרויעריק, אָבער זי באַדענקט זיך באַלד און נעמט זיך אַליין זאָגן מוסר:

— וואָס איז דאָס מיט מיר? ווו בין איך אין דער וועלט? אַט ערשט האָט גאָט געטאָן מיט מיר אַזאַ חסד און איך זיץ גאָר און טראַכט וועגן „מאָדעס", „סאַמעטענע קליידלעך" האָט זיך מיר פאַרגלוסט. מען איז איצט טאַקע פאַר־ענגט, נאָר מען וועט זיך מיט גאָטס הילף אַרויסדרייען. דער עיקר איז אַבי דער „קרן" איז מיר פאַרבליבן, שמאי האָט זיך — געלויבט דער אויבערשטער — אויפגעהויבן. גאָטעניו, פיר ווייטער מיט מיר מיט חסד! שטראָף מיר נישט, כאָטש איך ווייס אַז איך בין זינדיק. איך דאַנק דיר גאָט דערפאַר וואָס איך האָב צו געבן צו עסן מיינע קינדער. מיין מאַן פאַרדינט און די שטוב איז זאַט.

זי נעמט זיך מיטאַמאָל מאַכן אַן „אינווענטאַר" פון איר פאַרמעגן: צוויי גרויסע טעפּ מיט פּאָווידלע, אַ טאָפּ גענדזן־שמאַלץ, אַ סלאָי הינער־שמאַלץ, ווײַנשל־איינגעמאַכטס, געמאַרינירטע פלוימען און באַרן אאַז״וו. אויסער דעם איז פאַראַן אין קעלער געזייערטע אוגערקעס און קאַווענעס, אַ פעסל געפּרעסטע עפּל, קאַרטאָפל, פאַסאָליעס, טרוקענע פלוימען און באַרלעך — וואָס חוץ אונדזער שאָדן, אויף אַלע ייִדן געזאָגט געוואָרן.

די פאַבריקע וואָך — דערמאָנט זיך פלוצלינג די מאַמע — האָט זי באַגעגנט אין מאַרק טייבל דער בייטאַרין. איר מאַן איז שוין אַ יאָר צייט אין אַמעריקע און ווי מען זאָגט, שיקט ער איר נישט קיין געלט. עס ווייזט אויס, אַז עס גייט אים זייער שלעכט. עס קאָן נישט זיין אַז ער זאָל האָבן פאַרגעסן אין איר, ווייל זיי האָבן „געשפּילט אַ ליבע" און זיי האָבן דאָ דריי קינדערלעך. דאָס ווייבל זעט אויס זייער שלעכט, זי איז בלאַס און דאַר. זי האָט געהאַלטן אין דינגען ביי אַ פויער אַ בינטל האָלץ. עס איז אַ ביטערער רחמנות אויף דעם ווייבל. עס איז שוין פון יענע גליקן, צו דאַרפן אָנקומען אין מיטן ווינטער צו אַ פויער נאָך אַ בינטל האָלץ. ערשטנס איז אַזאַ האָלץ פּיטש־נאַס, אַז מען קאָן דאָס גאַרנישט אָנצינדן און אַחוץ דעם, הייסט זיך דער פויער אָפּגילטן פאַר דעם האָלץ, ווען ער פירט דאָס אַרויס צו פאַרקויפן אויף איינציקע בינטלעך אין סאַמע מיטן ווינטער.

די מאַמע טראַכט, אַז זי וועט טאַקע באַלד אַראָפּנעמען אין דעם „שטשער־באַטן טעפּעלע" אַביסל גענדזן־שמאַלץ און אַ גלאָז פּאָווידלע, וועט אַרויפנעמען פון קעלער אַ געזייערטן קאַוואָן מיט אוגערקעס און אַ פּאָר עפּל. זי וואָלט אַפילו געשיקט אַ ברויט אויך, דערפאַר וואָס גאָט האָט געטאָן מיט איר אַ נס און עס איז געזונט געוואָרן איר מאַן. טאָ פאַרוואָס זאָל זי נישט מחיה זיין אַזאַ אָרעם ווייבל ווי טייבעלע, מיט אירע דריי קינדער זאָלן געזונט זיין?

אַט האָט ריסל, זאָל לעבן, געשענקט אַ מאַלצייט פאַר די אָרעמע תלמוד־

תורה־קינדער. עס קאָסט אַביסל טייער, נאָר עס איז שוין דאָרטן „אַן אָפּענער 31". עס זענען שוין אויסגעשטעלט די טעג און אַ סך שיינע באַלעבאָסטעס שטעלן זיך אויס פאַר די לערערס, פאַר דער שטאָט און מען טוט טאַקע אַ מצווה. אָבער אַזאַ ווייבל ווי טייבעלע, איז מערער אויסגעשטעלט אויף הונגער ווי אַנ־דערע, פּשוט דערפאַר ווייל זי שעמט זיך און טאַקע דעריבער איז נישט כדאַי צו שיקן איר אַ ברויט, ווייל מען קאָן איר חלילה מבייש זיין. ווייל שיקן אוגערקעס, אָדער עפּל איז עפּעס אַנדערש.

די מאַמע באַשליסט אָנצוגרייטן אַלץ און וואַרטן ביז לאה די מנקרקע וועט אַריינפאַלן צו איר. זי, לאה, איז אומעטום פול און זי וועט שוין געפינען אַ „פּאַרטל" ווי אַזוי איר דאָס איבערצוגעבן. זי וואָלט אַפילו געקאָנט זאָגן גאָלדע משה־ריוועס, אַז זי זאָל דאָס אָוועקטראָגן, ווייל גאָלדע טוט שטענדיק מצוות, זי האָט אָבער זייער אַ מיאוסע טבע: יעדער מצווה וואָס זי טוט „צעפּויקט" זי דאָס איבער דער שטאָט. לאה, אָבער — ציט די מאַמע ווייטער אירע געדאַנקען — מעג זיך זיין וואָס זי איז, אָבער די מעלה האָט זי, אַ מצווה טוט זי, ווי עס באַדאַרף צו זיין; קיינער ווייסט ביי איר נישט פאַרוואָס און פאַר וועמען. עס בלייבט ביי איר באַגראָבן ווי אין אַ קבר.

די מאַמע רוקט זיך עטוואָס אָפּ פון דער הייסער הרובע. זי וועט באַלד אַראָפּגיין אין קעלער, ווייל מען דאַרף דעם ענין דערליידיקן וואָס שנעלער און נישט פאַרלאָזן אין דער לאַנגער באַנק. עס איז איר בלויז אַ שאָד, וואָס זי האָט אָנגעוויקלט אויפן פינגער אַ סך ביינוול, זי מוז דעריבער וואַרטן ביז דאָס וועט זיך אָפּשטריקן, ווייל אַראָפּנעמען אַזוי קאָן מען נישט, עס ווערט פאַרפלאָנטערט און דערנאָך קומט דער זאַק אַרויס מיט קניפּן. עס קאָן זיין, אַז די קינדערלעך גייט נעבעך אויס דאָס חיות נאָך אַביסעלע וואַרעניע און דאָס ווייבל וועט זיך אַוודאי מחיה זיין, אַז זי וועט האָבן אַביסעלע שמאַלץ צו אַ זופּ.

דאָ ביי מיר — טראַכט די מאַמע ווייטער — איז קיין עין־הרע וואַרעם, אַ מחיה. איך היט טאַקע אָפּ די שטוב, איך האָב פאַרשטעלט אַלע לעכער אויפן בוידעם, כדי דער שניי זאָל נישט אַזוי אַנווייען, אָנגעשיט אַ פולן בוידעם מיט פּאַלאָווע, גוט פאַרקלעפּט די פענצטער, אַרומגעשלאָגן די טיר מיט שטרוי און אַ רעדנע. איך הייץ אויך גוט. פון דעסטוועגן מוז מען געדענקען אַז דאָס איז אַ וואַרעמע שטוב, אַ פאַרגעניגן. אין אַזאַ מוראדיקן פראָסט און אין שטוב פילט מען כמעט נישט קיין קעלט — וואַרעם ווי אין אַן אויוער — קוועלט די מאַמע.

פלוצלינג דערפילט זי אַ שניידנדיקע קעלט אין די פיס. פון וואַנען טראָגט דאָס אַזאַ מוראדיקע קעלט? — שרייט די מאַמע הויך אויפן קול — עס מוז אַוודאי זיין דער אַלטער אַרעמאַן ברוך. ער לאָזט שטענדיק אָפן די טיר. די

מאַמע וויקלט זיך אַפּ דעם ביינוול פון די פינגער און שרייט אַרויס: רב ברוך, איר טראַכט אַפּנים נישט צו נעכטיקן דאָ? איר פאַרגעסט אַז איך האָב קליינע קינדער? איר ווילט זיי מיר פאַרקילן? האַ?

אָבער וואָס איז געשען?

די טיר פון קיך אין „הויז" איז ברייט צעפּראַלט און עס הערן זיך אַ סך שווערע טריט. די מאַמע עפנט די טיר פון קיך אין צימער און דערזעט מיט שרעק און קאָפּ-שווינדל, אַז אין טיר האָט זיך אַריינגעשטעלט דער סטראַזשניק מאַקאַר, אַט דער מיט דער רויטער באָרד, וואָס רעדט ייִדיש פּונקט ווי אַ ייִד. נאָך אים קומט אַריין דער בלאַסער „אוריאַדניק" מיט דעם צונאָמעניש דער „מת". זיין בלאַסקייט — זאָגט מען, האָט ער באַקומען נאָך איידער ער איז געקומען צו אונדז קיין טאַלנע.

מען זאָגט אויף אים, אַז אין דער אומאַנער טורמע זאָל ער האָבן געשלאָגן אַ „פּאָליטישעסקן" אַרעסטירטן און שפּעטער אין אַ פינצטערער נאַכט איז אים אויסגעקומען צו פאָרן אין אַ דאָרף, איז מען אים אויפן וועג באַפאַלן, איבערגעדעקט מיט אַ זאַק דעם קאָפּ און אים גוט צעשלאָגן, טאַקע אָפּגעשלאָגן די לונגען און אַריינגעוואָרפן אין אַ „פּאַלאָנקאַ". ער האָט געהאַט מזל, אַז פּונקט איז דורכגעפאָרן אַ בעל־עגלה טאַקע פון טאַלנע און טאַקע דער טייערער אברהם שרה-מלכהס. דער טאַטע האָט געזאָגט דערויף, אַז אָפּראַטעווען אַ נפש פון טויט, איז זיכער אַ גרויסע מצווה אָבער אָפּראַטעווען דעם אוריאַדניק, דעם גוטן „מת" איז אַ מצווה וואָס פּאַסט טאַקע פאַר אַזאַ לייט ווי אברהם שרה-מלכהס.

ווען ער האָט דערהערט קרעכצן, האָט ער אים אַרויסגעשלעפּט און געבראַכט צופירן אין „באָלניצע" (שפּיטאָל) און ווען ער איז געזונט געוואָרן, האָט מען אים באַשטימט קיין טאַלנע און איצט שטייט ער, מיט מאַקאַרן ביי אונדז אין שטוב.

נאָך זיי רוקט זיך אַריין אַ נידעריק, שוואַרץ ייִדל, מיט גלאַנציקע שטיוול, אויף די שטיוול פלאַכע קאַלאָשן, מיט אַ כמעט נייעם „טיליפּ" מיט אַ הויכער שוואַרצער קוטשמע. דער ייִדל הייסט ליפּע דער „סטאַראָסטע". ער טראָגט אונטערן אָרעם אַ גרויסן ריזיקן בוך. נאָך זיי פּילט זיך אָן אונדזער קיך מיט נייגעריקע שכנים און פרעמדע דורכגייער.

די מאַמע כאַפּט זיך אָן ביים ווינקל פון טיש. דאָס האַרץ קלאַפּט איר האַסטיק און גיך. ווי אַ וויכער טראָגן זיך איר אין קאָפּ געדאַנקען איינער שרעקלעכער פון אַנדערן: אַוודאי האָט מען געטראָפן יהודיתן זינגען ערגעץ אַ פאַרבאָטן ליד און מען איז דעריבער געקומען מאַכן אַן „אָביסק" און מען האָט איר שוין זיכער פאַרנומען. צי אפשר, חלילה, אַ בלוט-בלבול? עס איז דאָך נאָענט צו פּסח.

אַ גרויל גייט איר אַריבער איבערן לייב. אויף איר שמאַין אויסגעטראַכט אַ „ביי־ליס־פּראָצעס״, צי אַ „דרייפוס־פּראָצעס״. אַ גזר. אַן אומגליק. געוואַלד! געוואַלד! באַוועגט זי קוים מיט די ווייס־געוואָרענע ליפּן, ציטערנדיק פון קאָפּ ביז די פיס. איך טאָר נישט חלשן. איך טאָר נישט חלשן — קנייפּט זיך די מאַמע ביז ווייטיק אין די אָרעמס.

און מיטאַמאָל פאַלט דער מאַמען איין אַ געדאַנק, אַז דאָס האָט אוודאי לור־קעריאַ דערלאַנגט, אַז שמאַי האָט ביי איר צוגעגנבעט דאָס פּעקל וואָס זי אַליין האָט געבראַכט. אַ קשיא אויף אַ גוי? האָט מען דען אויף ישראל ליסאגאר נישט געמאַכט קיין בילבול, אַז ער האָט געגנבעט סקאָט? דאָס האָבן כוליגאַנעס אָנגע־רעדט דעם גוי, ביי וועמען ער האָט געקויפט סקאָט און באַצאָלט, אַז ער זאָל זאָגן אַז מען האָט דאָס ביי אים געגנבעט און וויפל האָט דאָס זיי געבעך אָפּגעקאָסט, ביז ער האָט זיך באַפרייט. זי, אָבער וועט נישט שווייגן, זי וועט לויפן צום דאָק־טאָר בעלינקי און צום גויישן אַפּטייקער און וועט זיי שטעלן פאַר עדות, אַז שמאַי איז קראַנק און גייט נישט אַרויס פון שטוב.

דער מאַמען ווערט פון דעם געדאַנק אַביסל לייכטער. זי פאַרבינדט ענער־גיש די עקן פון טיכל אויפן קאָפּ און עפנט די אויגן. ערשט דער טאַטע שטייט ביים טיש אַ בלאַסער, מיט גלאַנציקע אויגן און אַ שטאַרק צעשויבערטער באָרד. ער האָט נישט באַוויזן אָנצוטאָן דעם כאַלאַט, שטייט ער אין דעם לייבל. די מאַמע דערלאַנגט אים אויטאָמאַטיש דעם כאַלאַט.

— וואָס פאַרלאַנגט איר? — פרעגט דער טאַטע אויף רוסיש, שוין צום דריטן מאָל. אָבער אָנשטאָט אים צו ענטפערן, לייגט דער „סטאַראָסטע״ אַוועק דעם גרויסן בוך אויפן טיש און מישט די בלעטער.

— דאָ ווױנט שמאַי מאַיסייעוויטש פעלדמאַן? דער „דוכאָוונער רעזניק״?

— פרעגט מאַקאָר דער סטראַזשניק, נישט אויף ייִדיש און אַפילו נישט אויף אוקראַיִניש, נאָר אָפיציעל אויף רוסיש. גלייך ווי ער ווייסט גאָרנישט דער חזיר, ווער עס ווױנט דאָ און קען גאָרנישט דעם טאַטן.

דער טאַטע ענטפערט אומגעדולדיק: — נו, יאָ! אָבער וועגן וואָס האַנדלט זיך דאָ?

שטיל און געלאַסן נעמט דער „אוריאַדניק״ דאָס וואָרט און זאָגט: — אייער זון, גאָספּאָדין רעזניק, אייער זון בן־ציון שאַמאָוויטש פעלדמאַן האָט זיך נישט צוגעשטעלט צום פּריזיוו אין דער געהעריקער צייט. דעריבער מאָנט איך די מלוכה און דאָס געזעץ 300 קערבלעך שטראָף.

— מיין זון בן־ציון — ענטפערט דער טאַטע נערוועז — איז געשטאָרבן

אין עלטער פון ניין יאָר. איך האָב אין דער געהעריקער צייט צוגעשטעלט אַן „אומערשע מעטריקע״ (אַ טויטן־שיין).

— אין אייער מעטריקע — ענטפערט דער ייִד דער „סטאַראָסטע״ אויף רו־סיש — אין אייער מעטריקע זאָגט זיך אַז עס איז געשטאָרבן בן־ציון שמייעוויטש און וועגן בן־ציון שאַמאָוויטש איז נישט פאַראַן קיין שום באַשטעטיקונג, אַז ער איז געשטאָרבן.

— דאָ האַנדלט זיך פון אַ טעות. אייער אָנגעשטעלטער האָט שלעכט גע־שריבן — טענהט דער טאַטע.

— דערפאַר — ענטפערט געדולדיק דער אוריאַדניק — דאַרפט איר באַ־צאָלן די שטראָף, ווייל דאָס פּאַפּיר איז נישט ריכטיק.

— איך פאַרשטיי נישט — טענהט דער טאַטע — עס איז דאָך אַ זאַך וואָס אַלע ווייסן, אַז ער איז געשטאָרבן קליינערהייט.

— גיב אים צו פאַרשטיין — ווענדט זיך דער אוריאַדניק צום סטאַראָסטע. און דער לעצטער נעמט רעדן אויף ייִדיש:

— פאַרשטייט איר רב שמאי. אַ זאַקאָן איז אַ געזעץ וואָס מען דאַרף אויס־פירן גענוי און פּינקטלעך. אין דעם טויט־שיין זאָגט זיך שמייעוויטש און גע־דאַרפט וואָלט זיך זאָגן שאַמאָוויטש. הייסט דאָס, אַז ביי זיי איז ער אַן אַנדערער.

דער טאַטע ווערט שטאַרק בייז. דער עיקר פאַרדריסט אים אויף דעם עם־הארץ, דעם גראָבן יונג, וואָס פאַרטייטשט אים אויף ייִדיש, גלייך ווי ער אַליין איז נישט בכוח צו פאַרשטיין דעם טיפן „שכל״, וואָס עס ליגט אין „פּאַניע גנבס״ געזעצן. ווערט דער טאַטע נאָך בלאַסער אויפן פנים. נעמט אַן דעם ייִדן ביי דער לאַץ און זאָגט צו אים כלומרשט רויִק און געלאַסן:

— ווי באַלד אַזוי, וואָלט אפשר געווען אַ פּלאַן, אַז דו זאָלסט זיך אַליין מטריח זיין און זיך דורכגיין צו מיין זון, וועסטו זיך פאַרשטענדיקן מיט אים דירעקט...

אונדזער שכן אברהם צעלאַכט זיך און נאָך אים דער איבעריקער עולם ביי־געריקע.

דער אוריאַדניק, דער „מת״, ווערט אויפגעבראַכט, מלא רציחה. ער דער־לאַנגט אַ שטאַרקן קלאַפּ אין טיש און טופעט מיט די פיס.

— דו רעזניק, קליג זיך אַביסל וויניקער. פון די זאַקאָנעס לאַכט מען נישט. „ני סמעיס״, זאָלסט נישט וואַגן!

דער טאַטע האָט זיך שטאַרק דערשראָקן און דער עולם ווערט שטיל.

— איך לאַך נישט — זאָגט דער טאַטע מיט ציטערדיקע ליפּן — נישט מער, ווו זאָל איך נעמען אַ זון צום פּריזיוו, אויב ער איז שוין געשטאָרבן?

— איך בעט נישט ביי אייך קיין זון — ענטפערט דער אוריאַדניק קורץ — איר דאַרפט באַצאָלן דריי הונדערט קערבלעך שטראָף.

— געלט? איך האָב געלט? — זאָגט דער טאַטע האַלב פאַרוווּנדערט און האַלב באַליידיקט — אַפילו קיין דריי הונדערט גראָשן וועט איר ביי מיר אין שטוב נישט געפינען.

— מיר וועלן שוין זען — ענטפערט דער אוריאַדניק. און אַפילו אָן אַ בענקל, נאָר אויסצייענדיק זיין לאַנגן קערפּער מיט די לאַנגע דאַרע הענט, רייסט ער אַראָפּ פון דער וואַנט אונדזער וואַנט־זייגער. עס גיבן זיך אַ שיט פון אונטער דעם זייגער אַלטע פּאַפּירן, אַ ליידיק צונויפגעפלעטשט שאַכטעלע און שטיקער ווייסע ליים פון דער וואַנט.

אויף דער וואַנט בלייבט אַ קויטיק מיאוסער פלעק.

ער נעמט דעם זייגער אין זיינע אָרעמס, ווי מען טראָגט אַ קינד און אין זעלביקן מאָמענט גיט זיך מאַקאַר דער סטראַזשניק אַ לאָז אין אַלקער און קומט צוריק מיט די לייכטער, מיט אונדזערע לייכטער אין זיינע גרויסע הענט.

— „טשיסטאָיע סערעברא‟, ריינע זילבער — זאָגט ער מיט געמאַכטער מבינות.

— דו זאָלסט אַזוי האָבן דעם קאָפּ אויף זיך! — ווינטשט אים שטילערהייט אונדזער שכנה פראַדל, אברהמס ווייב.

די לייכטער ווערן כמעט פאַרשוווּנדן אין די קעשענעס פון מאַקאַרס פּאָלי־צייישן שינעל, נאָר די אויבערשטע רערלעך זעען זיך אַרויס. עס ווייזט זיך מיר אויס, אַז די רערלעך בעטן הילף. עס דוכט זיך מיר, אַז איך הער אַ פאַרשטיקט קינדעריש געוויין און איך שטויס מיר אָן, אַז דאָס וויינען די לייכטער און בעטן זיך: „ראַטעוועט אונדז פון דער פינצטערער קעשענע, פון גוייִשע פּאָליצייסקע שינעלן!‟. איך ציטער פאַר שרעק, און מיין ברודערל וויינט אויך.

אין שטוב איז אַריין יהודית אַ דערשראָקענע. זי האַלט זיך ביים האַרצן. ווען זי איז אָנגעקומען און דערזען די טירן צעפּראַלט און אַזוי פיל מענטשן, האָט זי געמיינט, אַז עס איז פאָרגעקומען אַ שריפה, אָדער נאָך עפּעס ערגערס. משהלע פאַלט איר אויפן האַלדז מיט אַ געוויין.

— שאַ! זיי וועלן אָפּגעבן — באַרויִקט אים יהודית.

דער אוריאַדניק מיט דעם סטראַזשניק גייען אַוועק מיט די צוגענומענע זאַכן. דער ייִדישער סטאַראָסטאַ בלייבט נאָך אַ ווײַלע. עס איז קענטיק, אַז ער וויל עפּעס זאָגן דעם טאַטן.

פלוצלינג שפּרינגט אונדזער שכן אברהם אַרויס מיט אַ געשריי:

— פע, איר מעגט אייך שעמען! די שטאָט וועט דאָס אייך נישט שענקען.

מבייש זיין רב שמאין! „זיי" זענען ביי אונדז אַ צירונג אין שטאָט. ווייסט איר כאָטש דערפון? — טרייסלט ער אים ביים קאָלנער.

— וואָס בין איך שולדיק?

— ווער דען איז שולדיק? דער בראָדער רב? האָ?

— לאָז אים צורו, אברהם! לאָז אים, ער וועט שוין אַליין פגרן.

דער סטאַראָסטאַ גיט אַ בייזן קוק אויפן טאַטן און לויפט אַרויס, מיט זיין בוך אונטערן אָרעם. ער פאַרמאַכט די טיר מיט אַ שטאַרקן זעץ.

— מיטן קאָפּ אין דער ערד! — ווינטשט אים נאָך אונדזער שכנה פראַדל.

— נו, וואָס טוט מען איצט? — ברעכט דער טאַטע די הענט.

— מען באַדאַרף גיין צום פריסטאַוו — זאָגט אברהם.

— אַ דאַנק פאַר דער עצה! — ענטפערט דער טאַטע. — דאָס ווייס איך אַליין. די זאַך איז ווער וועט גיין. און ווער ווייסט וויפל עס דאַרף קאָסטן די דאָזיקע געשיכטע. הלוואַי קום איך דאָס אָפּ מיט אַ צענערל.

— אַ גוזמא — זאָגט אברהם.

— אַ גוזמא? — ווערט דער טאַטע בייז. — הלוואַי קום איך דאָס אָפּ מיט אַ צענערל. איך האָב מורא עס וועט קאָסטן נאָך טייערער.

— ווייס איך וואָס איר רעדט — שפּאַרט זיך אַברהם — אַ פינפערל, פאַר־קרענקען זאָלן זיי דאָס, איז איבערגענוג.

— ווער וועט גיין? — קרעכצט דער טאַטע — מען באַדאַרף צו דעם פריס־טאַוו אַ שליסעלע. איך מיין אַ „מאַכער".

— וואָס פאַר אַ שליסעלע און וואָס פאַר אַ מאַכער? אַז דער פריסטאַוו נעמט געלט, דאָס ווייסט יעדער איינער. איר אַליין קאָנט גיין — טענהט אברהם מיט די הענט.

— איך טויג זיך נישט אויס דערצו און באַזונדער איז די צונג ביי מיר אין גלות. נאָר איך וועל אַרויס אין גאַס, וועל איך שוין זען. דערלאַנג מיר דעם טי־ליפּ, יהודית. מיינסט דאָך, אַז איך וואָלט מיר געאיילט צו לויפן נאָך די זאַכן? איך וואָלט דווקא געוואָרט, אַז זיי זאָלן אַליין אָפּברענגען. איך וויל נאָר נישט — זאָגט דער טאַטע און זיין קול ציטערט דערביי — מיר איז אַ ווייטיק, אַז מיין פייגלס לייכטער זאָלן זיך געפינען אַן איבעריקע מינוט אין זייערע שמוציקע, טריפהנע הענט.

דער מאַמעס פּנים שיינט פלוצלינג אויף, פונקט ווי זי וואָלט יינגער געוואָרן.

— שמאי — זאָגט די מאַמע — איך וועל דיר נישט לאָזן גיין אין ערגעץ. דער וועטער איז נישט פאַר דיר. איך וועל גיין אַליין. צום ערשטן מוז איך גיין קריגן ערגעץ אַ צענערל.

— איי פייגל, פייגל! — קרעכצט דער טאַטע.

— קום פראַדל, אין קלייט אַריין — רופט אברהם זיין ווייב.

די מאַמע טוט אָן דעם פוטער און בינדט זיך אַרום דעם קאָפּ מיטן גראָבן שאַל און נעמט יהודיתעס מופטע. דער טאַטע זאָגט צו איר:

— הער אויס פייגל, גיי אַריבער צום בעל־טאַקסע. סיי־ווי־סיי דאַרף מען דאָך צו אים אָנקומען נאָך געלט. דערצייל אים די גאַנצע מעשה און זאָג אים, אַז דו ביסט געקומען אים פרעגן אַן עצה. איך שטעל מיר נישט פאָר, אַז פונקט ער זאָל גיין צום פּריסטאַוו, כאָטש ער איז מיט דעם שיכורניק דער בעסטער גוטער פריינט. זיי שפּילן אין קאָרטן צוזאַמען. אָבער אַזוי לאַנג קרענקען זיי ביידע, ווי זיי ווילן דאָס נישט טאָן אומזיסט. און פאַר געלט, ווער דאָס דורך אים קאָסטן טייערער. מען ווער מסתמא קריגן אַ מאַכער פאַר געלט. דו הערסט, פייגל?

— איך פאַרשטיי — זיפצט די מאַמע.

דער טאַטע קנאַקט נערוועז די פינגער — הלוואי מען זאָל אָפּקומען מיט צען קערבלעך.

וואָס רעדסטו טאַטע? — מישט זיך אַריין יהודית — זיי האָבן דאָך גערעדט פון דריי הונדערט קערבלעך?

— ביסט אַ נאַר — ענטפערט איר דער טאַטע — אַזוי לאַנג זאָלן זיי אַלע קרענקען, ווי זיי ווילן ביי מיר קריגן דריי הונדערט קערבלעך. זיי ווייסן גוט, אַז איך האָב נישט קיין געלט צו באַצאָלן, נאָר אַזוי ווי עס איז ערב חגא, זוכן זיי געלט אויף צו שיכורן און עס איז ביי זיי אַ יושר, אַז איך זאָל קראַנקערהייט האָרעווען און זיי גיבן צענערלעך — אַן אמתער ריס אין האַרצן — אָדער איך ווייס, אפשר חלילה נאָך מער.

— וואָס רעדסטו שמאי? איך וועל זיך פּרווון, אפשר וועל איך דאָס מאַכן פאַר אַ דרייערל. וואָס איז, עס קאָסט זיי טייערער?

— ווייס איך וואָס דו רעדסט, פייגל — ענטפערט קורץ דער טאַטע.

— איך גיי. איך בעט דיר שמאי, רויק! — מאַכט די מאַמע מיטן פינגער — ווייל פון דיין קאָכן זיך וועט קיין גוטס נישט אַרויסקומען.

ווען די טיר פאַרמאַכט זיך, באַקוקט יהודית די שטוב. די פאַדלאָגע וואָס איז געוואָרן שמוציק פון דעם אָנגעטראָגענעם שניי און פון דעם צעטראָטענעם ווייסן ליים פון דער וואַנט. אויף דער וואַנט ווו דער זייגער איז געהאַנגען, איז איצט קענטיק אַ גרויסער גרויער פלעק. עס ווערט איר טרויעריק אויפן האַרצן און זי הייבט אָן שעלטן מיט טרערן אין די אויגן דעם אוריאַדניק, אַז עס זאָלן אים אָפּטרוקענען די הענט אַזאַ"וו.

אויך דער טאַטע כאַפּט אונטער מיט קללות און זיי שטייען איינער קעגן

צווייטן און שעלטן מיט טויטע קללות די גאַנצע חברה כאַבאַרניקעס, גנבים און שיכורים. מער פון אַלעמען שעלט דער טאַטע דעם ייִדן, דעם סטאַראָסטאַ. ער איז חושד, אַז זיין קאָפּ ליגט דערביי. אַ פּרנסה זוכט זיך דאָס אויס אַ ייִד. ריי־ניקן אָפּטריטן איז אַ סך שענער און בכבודיקער, ווי די דאָזיקע „מלאכה", און דערנאָך שעמט ער זיך נישט צו קוקן אַלעמען אין די אויגן. יהודית פּאַטאַקע־ווערט אויף אַלץ.

איך טראַכט וועגן מיין שוועסטער יהודית, וואָס איז שוין ווידעראַמאָל גע־וואָרן „קוצעניו מוצעניו" מיטן טאַטן. אַזאַ טבע שוין ביי איר: אָדער זיי שפּאַרן זיך און קיינער פון זיי לאָזט נישט נאָך, אָדער זיי ווערן איינס. ווען די מאַמע וואָלט געוועזן דערביי, וואָלט זי זיכער נישט דערלאָזט אַזוי צו שעלטן בכלל און נאָך אַ ייִדן בפרט.

די מאַמע זאָגט אַז דער טאַטע האָט זיך צוגעוווינט צו שעלטן ביי די קצבים און שינדער און אַז יהודית לערנט זיך פון אים. די מאַמע טענהט, אַז זי וואָלט וועלן וויסן, וויפל עס קומט זיי אַריין אין דעם בייטל פון דעם שעלטן? זי האָט פיינט, אַז מען מאַכט זיך קאַליע דאָס מויל מיט דעם שעלטן.

דאָס וואָס דער טאַטע זאָגט, אַז רייניקן אָפּטריטן איז שענער, ווייזט מיר אויס ווילד. איך פאַרשטיי נישט, פאַרוואָס יהודית האַלט מיט דעם טאַטן. נישט אומזיסט זאָגט די מאַמע, אַז יהודית האָט דעם טאַטנס כאַראַקטער.

פּלוצלינג רייסט זיך יהודית אָפּ פון פּלאַץ און נעמט זיך איילנדיק צו דער אַרבעט. זי קערט אויס און ווישט אויס די נעץ און הייסט דעם טאַטן זיך צולייגן.

— ביסט דאָך אַזוי בלאַס — זאָגט זי צו אים — איז דיר אפשר קאַלט, טאַטע?

— לאָז מיך צורו! איך בין שוין גענוג געלעגן.

ער דרייט זיך אַרום אַ צעטראָגענער איבערן צימער. די באָרד איז ביי אים צעשויבערט און ער לויפט וואָס אַמאָל שנעלער. יהודית קוקט אויף אים דער־שראָקן. זי ווייסט, אַז איצט מוז ער צו עפּעס, אָדער צו עמיצן אויסלאָזן דעם כעס.

דער טאַטע הוסט שטאַרק און טרוקן. יהודית קאָן זיך נישט באַשליסן צו טאָן די אַרבעט רוּיק און אים איבערלאָזן. זי קוקט דעריבער אויף אים, ווי ער שטייט איבערן שפּיי־קעסטל און זוכט בלוט. ער קרעכצט מיט אַ פאַרלייכטערונג, ווען ער איבערצייגט זיך, אַז דער לייכעץ איז וויים, אָן רויטע פינטלעך. ער רופט זיך אָן צו יהודיתן:

— דו האָסט געזען ווי אַזוי אברהם דער „וואַרעניק" איז אַנטלאָפן, ווען איך האָב אויסגערעדט, אַז איך דאַרף כאַפּן אַ צענערל, אַ גמילות־חסד? „קום פראַדל!"

— רעדט דער טאַטע נאָך אברהמען אַביסל אונטער דער נאָז, פּאַנפּעוואַטע,

מיט אַ הייזעריקן קול. — ער האָט זיך דערשראָקן, טאָמער בעט איך ביי אים געלט. אוי! — קרעכצט ווייטער דער טאַטע — דוכט זיך, אַז איך האָב חלילה ביי קיינעם אין טאַלנע נישט צוגענומען. איך גיב ברוך־השם אָפּ יעדן איינעם מיט פּראָצענט. איך צאָל עיסקא אויף עיסקא. אברהם ווייסט גוט, אַז איך וואָלט אים אומגעקערט מיט אַ דאַנק. די מורא איז נאָר ביי אים, טאָמער צאָל איך אים אויס צו ביסלעכווייז. נו, איז וואָס? ער וואָלט צוגעלייגט דערצו דעם טאַטנס ירושה. ער איז אָנגעשטאָפּט מיט געלט און ציטערט דאָס געלט אַרויסצולאָזן פון האַנט, אַפילו אויף איין מינוט. אויף דערויף איז ער דאָך אַ „וואַרעניק", אים איז אַ סך גרינגער געווען אָנצוכאַפּן דעם מנובל, דעם סטאַראָסטאַ, ביים קאָלנער און אים שעלטן אין טאַטן אַריין. דאָס קאָסט קיין געלט נישט. עס קאָסט אים אויך נישט קיין געלט דאָס חנפענען: „ר' שמאי איז ביי אונדז אַ צירונג!" איך בין זיי דאָס מוחל. ער וואָלט בעסער אויסגעהאַנדלט מיט דעם מנובל, ווען ער שטופּט אים אַריין אַ פּאָר רובל אין דער לאַפּע, אויף דער הייסער שעה. איך וואָלט דאָס אים מיט דאַנק אומגעקערט. די מאַמע וואָלט פאַרשפּאָרט אין אַזאַ קעלט און זאַווע־רוכע צו גיין צו דעם בעל־טאַקסע און שוואַרצן דאָס פּנים און זיך בוקן פאַר אים און אים בעטן געלט. אַ חוץ דעם, וואָלט דאָס אברהם געמאַכט פאַר אַ סך בילי־קער און מען וואָלט פאַרשפּאָרט צו שלעפּן די בעבעכעס איבער דער גאַנצער שטאָט. נאָר וואָס איז דאָ צו רעדן, אַ „וואַרעניק" בלייבט אַ „וואַרעניק". אַז די שטאָט רעדט, ווייסט זי מסתמא וואָס זי רעדט. די וועלט איז נישט משוגע.

— טאַטע, וואָס פאַר אַ משל איז דאָ „וואַרעניק"? דו אַליין זאָגסט, אַז מען רופט אים אַזוי צוליב זיין זיידן. אָבער מיט וואָס האָט ער זיך פאַרזינדיקט, אַז זיין זיידע האָט ליב געהאַט וואַרעניקעס?

— איי ביסטו אַ נאַר! — לאַכט שוין דער טאַטע — זאָג נאָר חכמה מיינע: צוליב וואָס מיינסטו, רופט מען זיי וואַרעניקעס? איך מיין, אַז זיי אַליין זענען שולדיק אין דעם. זיי מאַכן זיך ממש לעכערלעך דערמיט, וואָס עס פאַרדריסט זיי אַזוי שטאַרק, ווען מען וואַרפט זיי פאָר דעם צונאָמען. אַפילו פראַדל, וואָס איז דאָך אַפילו נישט קיין טאַלנער און ווי מען זאָגט שטאַמט זי גאָר פון אַ פיינער משפחה, פון דעסטוועגן נעמט זי אָן דאָס דאָזיקע וואָרט פאַר דער ערגסטער באַ־ליידיקונג קעגן זיך.

אַנומלטן האָט מיר דערציילט אסתר רחל, חיים דעם שוחטס, אַז ביי זיי האָט מען געקאָכט וואַרעניקעס מיט קעז, האָט גנעסיע געטראָגן אויף אַ זיפּל די וואַרעניקעס, כדי זיי אַוועקצולייגן אין שטוב אויפן טיש (ווייל אין קיך איז דער טיש פלייִשיק), איז איר אַנטקעגן געקומען פראַדל אברהמס, און ווען פראַדל האָט דערזען די וואַרעניקעס, איז זי געוואָרן רויט ווי פייער און אַנטלאָפן פון דאָרטן

זוי אַן אָפּגעבריטע. און אויף פּראַדלען זאָגט מען, אַז זי איז אַ קלוגע. נאָר דאָס זעסטו איז שוין עפּעס אַנדערש — לאַכט דער טאַטע — דאָס איז מסתמא דער־פאַר, וואָס גנעסיע האָט זיך צעלאַכט, ווייל ווען גנעסיען קומט אָן דאָס לאַכעניש, קאָן זי זיך נישט איינהאַלטן.

— איך האָב דאָך דיר געפרעגט עפּעס אַנדערש — רייסט אים איבער יהו־דית — פאַרוואָס האָט זי טאַלנע געגעבן דעם צונאָמעניש, וואַרעניק?

— איך מיין, אַז דאָס איז פּשוט דערפאַר וואָס זייער זיידע האָט ליב גע־האַט וואַרעניקעס און איך האָב געהערט זאָגן, אַז ער איז געשטאָרבן ביי אַ שיסל וואַרעניקעס...

יהודית האַלט אין איין מאַכן אָרדענונג אין שטוב און דער טאַטע גיט פּלוצ־לינג אַ פרעג יהודיתן:

— דו ווייסט וואָס עס מיינט צו זאָגן „קאַנטאָניסטן"?

— יאָ, דער גזר — ענטפערט יהודית. זי שטעלט זיך אָפּ אין מיטן קערן די שטוב און זאָגט נישט דרייסט: — ווען מען פלעגט חתונה מאַכן קליינע קינדער.

— דו ווייסט פאַרוואָס? דו מיינסט אַוודאי גלאַט אַזוי זיך פאַר ווילדקייט? ביין, דאָס איז געווען צוליב עפּעס אַנדערש; צוליב דעם אַז מען זאָל זיי נישט צונעמען פאַר קיין סאָלדאַטן.

דער טאַטע, שוין אַביסל רויקער, נעמט אַריין די באָרד אין דער רעכטער האַנט און הייבט אָן מיט אַ וויינענדיק קול:

— ניקאָלאַי דער ערשטער, ווען מען פאַרטראַכט זיך גוט, האָט אפשר גע־מיינט טאָן יידן אַ טובה. ער האָט זיי פּשוט באַדאַרפט, אַז זיי זאָלן אויפלעבן דאָס לאַנד און אַנטוויקלען דעם מסחר מיט אויסלאַנד. ער האָט זיי געגעבן גלייכע בירגערלעכע רעכטן, געוואָלט געבן בילדונג און זיי אַרויסרייסן פון געטאָ. דו ווייסט וואָס געטאָ באַדייט? אין מיטלאַלטער זענען יידן געווען אָפּגעזונדערט. אין געוויסע אייראָפּעיִשע לענדער, אין באַזונדערע טיילן פון שטאָט, ווי די מצורעים.

דער טאַטע שפּייט אויס אין שפּיי־קעסטל און זעצט פאָר:

— די סיבות דערפון וועל איך דיר איצט נישט דערציילן. פאַרצייטנס זע־נען יידן געווען זייער פרום און ווען מען האָט זיי געוואָלט געבן געוויסע רעכטן, האָבן זיי דאָס נישט געוואָלט אויסנוצן. און זיי האָבן זיך געהאַלטן אָפּגעזונדערט. פאַרשטייט זיך, אַז ניקאָלאַי האָט זיך גענומען צו די רעפאָרמעס, לטובת די יידן אויף אַ ברוטאַלן, גראָבן, כוליגאַנישן אופן, אַזוי ווי די רוסישע רעגירונג קאָן, אָט למשל אונדזער פאַמיליע־נאָמען פעלדמאַן שטאַמט פון יענע צייטן. ער האָט געוואָלט געבן ערד די יידן, אַז זיי זאָלן איר באַאַרבעטן און ווערן נוצלעכע ביר־

גער פאַרן לאַנד, האָט מען קיין אַנדער אופן נישט געפונען, ווי צו כאַפּן משפחות און זיי באַזעצן מיט געוואַלד אויף פעלדער, פון וואַנען דער גרעסטער טייל איז זיך צעלאָפן אויסקויפנדיק זיך מיט געלט.

דער טאַטע קרעכצט:

— ווען פאַניע וויל אַפילו טאָן אַ טובה, קומט דערפון אַרויס אַן אומגליק: היינט ווען ער נעמט זיך רודפן... — צענעמט דער טאַטע הילפלאָז די הענט.

— אָבער טאַטע, דו זאָגסט דאָך אַז ער האָט געוואָלט געבן בילדונג. טאָ וואָס פאַר אַן אומגליק שטעקט דערביי?

— דאָס איז אַ באַזונדער מעשה — באַמערקט דער טאַטע — ייִדן האָבן מורא געהאַט פאַר שמד. דערפון רעד איך איצט נישט. נאָר די מעשה מיט די סאָלדאַטן איז געווען אַזעלכע: דעמאָלט איז נאָך נישט געווען איינגעפירט קיין מיליטער־דינסט פאַר אַלעמען אַזוי ווי איצט, נאָר יעדער געמיינדע, סיי גוייִם, סיי ייִדן, האָבן באַדאַרפט צושטעלן אַ געוויסע צאָל זעלנער. ביי גוייִם האָט זיך געפירט, אַז אויף וועמען דער פריץ האָט געוואָרפן אַן אומחן, דעם האָט ער אָפּ־געגעבן פאַר אַ סאָלדאַט. דאָס דינען אין מיליטער איז געווען נאָך שרעקלעכער פון דער „פאַנשטשיזנע" און מען האָט געדינט גאַנצע 25 יאָר. ביי די ייִדן פלעגט זיך די געמיינדע געוויינטלעך אויסקויפן מיט געלט,, ביז ניקאָלאַי האָט גענומען פאָדערן אַז ייִדן זאָלן אויך דינען דאָס פאָטערלאַנד צו גלייך מיט אַלע בירגער. איז געוואָרן שלעכט. מען האָט זיך געמוטשעט, געדרייט און אַזוי ווי קיין באַ־ווייבטע האָט מען נישט גענומען אין מיליטער, איז מען געפאַלן אויף אַן עצה און מען האָט אַנגעהויבן חתונה מאַכן פיצלעך קינדער, פאַרשטייט זיך, אַז נאָר לפנים־וועגן. דאָס קליינוואַרג איז געוואַקסן צוזאַמען, אייניקע האָבן זיך איינגעלעבט צווישן זיך און שפּעטער אויסגעלעבט זייערע יאָרן צוזאַמען. אַנדערע האָבן זיך געמוזט גטן, ווייל מען האָט במילא געדאַרפט צושטעלן אַ געוויסע צאָל זעלנער.

— איי! — כאַפּט זיך דער טאַטע אָן ביים קאָפּ, — וואָס דעמאָלט האָט זיך אָפּגעטאָן! מען האָט מיר דערציילט און איך האָב וועגן דעם געלייענט און איך שטעל מיר פאָר, וואָס פאַר אַ מחלוקתן און פּאַסקודסטוועס עס זענען דעמאָלט פאָרגעקומען. פאַרשטייסט דאָך אַליין, אַז די נגידים און מיוחסים זענען געווען פּטור דערפון און ווי נעבעך אַן אָרעם קינד, אָדער אַ יתומל, איז ער געווען דאָס כפּרה־הינדל. עס האָבן זיך געיאַוועט „כאַפּערס", זיי פלעגן פאַרנאַרן, אָדער כאַפּן אַ קינד און עס איז געוואָרן אַ טומל, אַ רעש, האָט מען געקריגן געלט אויף אויסצוקויפן האָט נאָך אַמאָל געהאַלפן. אויב נישט, איז אַ פיצל קינד אַרויסגע־ריסן געוואָרן פון דער נעסט, פון טאַטע־מאַמע. מען פלעגט דאָס קינד אָפּגאָלן דעם קאָפּ, געהאַלטן צוערשט אין די קאַזאַרמעס און שפּעטער האָט מען זיי אָפּ־

געגעבן צו די פויערים, אַז זיי זאָלן אַרבעטן „פּאַנשטשיזנע". אָפטמאָל האָט מען זיי געצוווּנגען זיך צו שמדן און קליינע קינדער האָבן זיך געלאָזט אויף קידוש־השם. דו וואָלסט באַדאַרפט לייענען דערפון. עס זענען פאַראַן אַ סך ביכער פון דער צייט פון די קאַנטאָניסטן.

משהלע מישט זיך אַריין:

— טאַטע, דער אַלטער ניקאָלאַיעווסקער סאָלדאַט, וואָס קומט אין בית־מדרש האָט זיך געשמדט?

— ניין, זונעניו — ענטפערט אים דער טאַטע — ער האָט געהאַט מזל. אים איז פונקט אויסגעפאַלן צו זיין אין אַ שטוב, ווו די באַלעבאָסטע, די פויערטע, איז נישט געווען קיין שלעכטע. זי האָט פונקט נישט געהאַט קיין זין, נאָר טעכ־טער, און זי האָט רחמנות געקריגן אויפן ייִדישן קינד, זיך ממש צוגעבונדן צו אים. זי פלעגט זיך אָננעמען פאַר אים, ווען איר מאַן האָט אים געשלאָגן. די ערשטע צייט האָט זי אים געגעבן צו עסן געבראָטענע קאַרטאָפל מיט האַרטע אייער, ווייל ער האָט נישט געוואָלט עסן קיין טריפס. דערנאָך האָט ער, פאַרשטייט זיך, פאַרגעסן דאַווענען און אַפילו רעדן ייִדיש. ער האָט אָבער נישט פאַרגעסן און איז געבליבן אַ ייִד. ווען ער איז אַלט געוואָרן צוואַנציק יאָר, איז ער אַוועק אַלס סאָלדאַט און האָט אָפּגעדינט פופצן יאָר.

וואָס די קינדער פלעגן אויסשטיין און וואָס פאַר אַן אומגליק דאָס איז גע־ווען פאַר אַלע ייִדן בכלל און פאַר די משפחות, ווועמען דאָס האָט געטראָפן בפרט, דאָס איז זיך לייכט פאַרצושטעלן. און מען דערציילט אין טאַלנע, אַז אברהמס זיידע איז געווען אַ „כאַפּער". דאָס איז אַ זיכערע זאַך, טאַכטער, אַ סך באַלע־באַטים געדענקען אים. ער פלעגט זיך אַרומדרייען אין די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער. וואָסער אַ האַרץ די מאַמעס האָבן אויף אים געטראָגן, קאָנסטו זיך שוין אַליין פאַרשטעלן. ווען די ווייבער האָבן אַמאָל „פּאַפּאַדעט" אַזעלכן, איז ער נישט געווען זיכער מיטן לעבן. מיט קאָכיקע טעפּ וואָסער פלעגט מען אַזעלכן אָפּשרפענען. דערציילט מען, אַז אַמאָל, איז דער דאָזיקער פאַרשוין געקומען אַליין אין אַ קרעטשמע, פונקט ווען די באַלעבאָסטע האָט געקאָכט וואַרעניקעס. גע־ווײנלעך אין אַ קרעטשמע, ווו עס דרייען זיך אַרום אייגענע בהמות, זשאַלעוועט מען נישט קיין קעז און קיין פוטער. האָט די קרעטשמערקע אים דערלאַנגט אַ שיסל מיט וואַרעניקעס געפילטע מיט קעז, וואָס זענען אַרומגעשווומען אין פּו־טער, דערצו דעם אמתן שנאַפּס און דערווייל האָט זי אַרויסגעשיקט איר מיידל דורך דער הינטער־טיר, אַז זי זאָל מודיע זיין אין דאָרף, אַז דער „העכט" איז דאָ. ווען ער האָט געענדיקט די ערשטע שיסל, האָט זי אים אונטערגעשטעלט אַ צוויי־

טע, אַזוי אַז ווען ער האָט פאַרענדיקט איז ער געווען אַ שווערער און אַ שיכו־רער און אַזוי זיך אַוועקגעלאָזט אין דאָרף.

ביים אַרויסגיין האָט אים שוין אָפּגעוואַרט אַן עולם ווייבער (אַפילו היימי־שע גויעס האָבן אויך מיטגעהאָלפן אין דער מצווה) און מיט שטעקנס, קאָטשע־רעס, לאָפּעטעס, האָבן זיי אים אַזוי שטאַרק צעממיתט, אַז ער איז געבליבן ליגן אַ האַלב־טויטער.

אַ דורכפאָרנדיקער בעל־עגלה האָט אים אויפגעהויבן און געבראַכט אַהיים. די פאַמיליע האָט גערופן אַ רופא און ער האָט פעסטגעשטעלט, אַז אים האָבן פאַרשאַדט די וואָרעניקעס... ער האָט במחילה ביים עסן אויסגעצויגן די קאַפּי־טעס... מען האָט געמאַכט אַ שוויג און פאַרפאַלן. קיין גאָר גרויסן כבוד האָט מען אים נאָכן טויט אויך נישט אָפּגעגעבן. געשטאָרבן, באַגראָבן און שאַ־שטיל! ערשט שפּעטער, מיט אַ שטיק צייט, האָט מען זיך אַרומגעזען אין שניידערשן שולכל, אין צווייטן עק שטאָט, אַז ער איז נישטאָ. האָט איינער זיך אָנגערופן, אַז ער איז שוין געשטאָרבן מיט אַ פּאָר חדשים צוריק און איינער אַ בעל־עגלה, האָט זיך גענומען שפּאַרן, אַז ער האָט אים ערשט נעכטן געזען אין קרעטשמע ביי אַ שיסל וואָרעניקעס.

מען ווייסט נישט, צי איז דער בעל־עגלה געווען אונטערן גלעזל און האָט אַ טעות געהאַט און אים פאַרביטן מיט אַ צווייטן, אָדער האָט ער זיך גלאַט פאַר־פלאָנטערט אין חשבון. דער עיקר איז, אַז חברה לצים האָט דאָס אויפגעכאַפּט און מען האָט אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג, אַז ער גייט אַרום אין עולם התוהו און אַז ער איז מגולגל געוואָרן ביי די וואָרעניקעס... און דער שיינער נאָמען איז שוין פאַרבליבן אויף קינדס־קינדער.

יהודית איז שטאַרק גערירט פון דעם וואָס דער טאַטע האָט איר דערציילט. פון דעסטוועגן נעמט זי זיך אָן פאַרן שכן.

— וואָס זענען זיי שולדיק, די קינדער און די אייניקלעך, אין דעם וואָס זייער זיידע איז געווען אַן אויסוואורף? איז ערלעך זיך נוקם צו זיין אין אַלע דורות?

— עט, — מאַכט דער טאַטע מיט דער האַנט — אַברהמס פאָטער, בן־ציון, איז דווקא געווען אַ פיינער מענטש, כאָטש ער איז געווען דעם אויסוואורפס אַ זון. אָבער אויף אברהמען האָב איך קיין רחמנות נישט. ער איז אַ קאַרגער הונט, אַ קמצן און אין מסחר אויך נישט אַזוי פיין, ער איז אַ קריגער, אַ שלעגער, ער גיט קיינמאָל נישט אויף גאָרנישט. ער לעבט נאָר צוליב זיך און צוליב דעם איי־גענעם פּרעס. אַפילו קיין כלי פון שטוב לייען זיי נישט. די דינסט גיט נישט

אַן דער באַלעבאַסטע און אַן אָרעמאַן שיקט מען פון שטוב אין קלייט און פון קלייט אין שטוב.

אברהם האָט ברידער, זיי טשעפּעט אָבער קיינער נישט, ווייל זיי פירן זיך פיין.

— טאַטע — זאָגט יהודית — אברהמס פאַמיליע פירט זיך אויך אויף פיין. זיי אַרבעטן אין דעם לינת הצדק. עס איז נישט אַזוי שרעקלעך. זיי זענען מענטשן גלייך ווי אַנדערע און זענען בשום אופן נישט שולדיק אין זייער על־טער־זיידנס פאַרברעכנס און דו אַליין זאָגסט דאָך, אַז טאַלנע איז אכזריותדיק מיט די צונעמענישן.

— עס שאַדט נישט — מאַכט דער טאַטע מיטן האַנט — טאַלנע ווייסט וואָס זי טוט. אַזאַ פּאַסקודסטווע טאָר מען נישט מוחל זיין ביז דעם צענטן דור.

— טאַטע, זאָל איך שוין איינהייצן די הרובע, צי עס איז נאָך צו פרי? אין שטוב איז קאַלט.

— פאַרוואָס נישט? דו מיינסט ווייל ביינאַכט וועט זיין קאַלט? מילא וועט מען שפּעטער צוּוואַרפן נאָך אַ פּאָר שייטלעך האָלץ. אַז דאָס געשעפט גייט גוט, טראָגט אויף אַלעמען — לאַכט ביטער דער טאַטע.

— טאַטע — ווייזט יהודית מיטן פינגער אויף מיר — נעם איר אַריין אין שטוב. איך וויל אַראָפּגיין אין קעלער, איידער עס ווערט פינצטער און זי גייט מיר כסדר נאָך ווי אַ קאַלב נאָך אַ קו.

איך דערפיל מיר זייער באַליידיקט און לויף אַרויס פון דער קיך אין אַל־קער. דער טאַטע קרעכצט. עס איז געוואָרן, זאָגט ער, אַ ווינט, אַ זאַווערוכע און די מאַמע באַדאַרף גיין אַזאַ ווייטן וועג.

איך קוק אין פענצטער, איך זע אָבער נישט די גאַס, איבער די פאַרשידענע „אוזאָרן" וואָס דער פראָסט האָט אויסגעמאָלט אויף די שויבן. איך בין זייער טרויעריק. איך האָב זייער מורא, טאָמער גיט מען נישט אָפּ די לייכטער. וואָס וועט דעמאָלט זיין? ווי אַזוי וועט די מאַמע בענטשן זיבן ליכט אַן די ווייסע שיי־נע לייכטער? ווי איך שטיי אַזוי פאַרטראַכט ביים פענצטער, קומט צו צו מיר מיין ברודערל, קאָנטיק אַז ער וויל מיר טרייסטן. ער מיינט אָבער, אַז איך בין טרויעריק ווייל די מאַמע איז נישטאָ. זאָגט ער צו מיר אַזוי:

— דו ביסט אַ נאַר, דער מאַמען קאָנען זיי נישט אַרעסטירן.

— פאַרוואָס? — פרעג איך אים פאַרטראַכט.

— ווייל אַ מאַמע איז נישט קיין „פּאָליטישעסקע" — ענטפערט ער מיט גדלות, גלייך ווי ער ווייסט אַלצדינג בעסער פאַר מיר, ווייל ער הערט זיך צו צו דעם וואָס מען רעדט אין בית־מדרש, ווען דער טאַטע נעמט אים מיט.

— ווער דען איז אַ „פּאַליטיטשעסקי״? — נעם איך אים אויפן פאַרהער, ווילנדיק אים דערוויַיזן אַז איך ווייס בעסער פון אים און ער שטעלט זיך נאָר אין פּאַסאַן.

— אַ ייִנגל קאָן שטענדיק זיין אַ „פּאַליטיטשעסקער״ — ענטפערט ער.

— און אַ מיידל נישט?

— ניין! — מאַכט ער מיטן קאָפּ.

— דו ווייסט נישט פון דיין חיות. ווען איך גיי מיט יהודיתן צו אירע חברטעס, הער איך וואָס מען רעדט. אין טאַלנע זענען פאַראַן אַן אַ שיעור מיידלעך „פּאַליטיטשעסקע״.

— דאָס איז אַ ליגן! — ענטפערט ער בייז.

— טאָ פאַרוואָס האָבן דער טאַטע מיט דער מאַמען מורא, אַז יהודית זאָל נישט ווערן קיין „פּאַליטיטשעסקע״?

— דאָס איז אַ משל קאַבאַק — זאָגט ער — זיי האָבן מורא, טאָמער זינגט זי פאַרבאָטענע לידער און זי מיט איר „גאָלאָס״ הערט מען אין דער צענטער גאַס.

פּלוצלינג לויפט יהודית אַריין אין עסצימער און נעמט זיך דערציילן דעם טאַטן, אַן אויפגערעגטע און אָן אַן אָטעם.

זי שטייט אין מיטן שטוב און האַלט מיט ביידע הענט אַ גרויסן פּאַלימעסיק מיט זויערע אוגערקעס און מיט אַ זויערן קאַוואָן, וואָס קיצלט די נאָז מיט זייער געשמאַקן ריח. אירע הענט זענען רויט און נאַס פון דעם זויערן ראָסל און זי דערציילט, אַז אַרויסגייענדיק פון קיך, געדענקט זי גוט, אַז זי האָט בפירוש פאַרמאַכט די טיר אויף דער קליאַמקע און זי פאַרשטייט נישט ווי אַזוי עס איז מעגלעך, אַז דער טאַטע האָט נישט געהערט ווי מען האָט געעפנט די טיר בשעת זי איז געווען אין קעלער. זאָל דער טאַטע אַריינגיין אין קיך, וועט ער אַליין זען, ווי אויפן טאַפּטשאַן ליגן די לייכטער מיטן זייגער. און די מאַמע איז נאָך נישט געקומען. פאַרשטייט זי נישט ווער עס זאָל זיי האָבן געבראַכט?

— עס איז ביי דיר אַ קשיה אויף אַזעלכע גנבים? — זאָגט דער טאַטע — פּאָליציי־לייט זענען פון שטענדיק אָן די גרעסטע גנבים. שפּילט ביי זיי אַ ראָל זיך אַריינצוגנבענען, אַז מען זאָל זיי נישט הערן?

איך רייס מיר אָפּ פון פענצטער און זע טאַקע, ווי יהודית האַלט שוין די לייכטער אין די הענט אוןווישט זיי מיט אַ ריינער שמאַטע.

— האָט שוין די מאַמע באַוויזן צו באַצאָלן אַזוי גיך? — פרעגט יהודית.

— איך ווייס נישט — ענטפערט דער טאַטע און נעמט זיך מיטן שאַרפשטיין אַריינשלאָגן אַ טשוואָק, אויף וועלכן עס איז געהאָנגען דער זייגער און דער אור־ריאַדניק האָט אים אַרויסגעריסן צוזאַמען מיט אַ שטיק וואַנט. דער טאַטע נעמט

דעם זייגער, שטעלט זיך אויף אַ בענקל, הענגט אים אויף און נעמט זיך לאַנג פּרוּוון און מייסטרעווען, אַז ער זאָל הענגען גלייך. ערשט נאָך דעם ציט ער אים אָן און קלינגט אים אויס.

איך מיט משהלען שטייען פוןביידע זייטן און זענען באַשעפטיקט מיט ציילן דאָס קלינגען. דער טאַטע עצהט זיך מיט יהודיתן, וויפל אומגעפער ער זאָל אָנשטעלן דעם זייגער. זיי באַשליסן אָנצושטעלן אויף פיר אַזייגער. דערנאָך פאַרמאַכט ער דאָס טירל און גייט אַראָפּ פון בענקל און דער זייגער בלייבט שטיין.

— וואָס זאָל דאָס זיין? — פרעגט פאַרזאָרגט דער טאַטע — ער הענגט דאָכט זיך גלייך, טאָ פאַרוואָס איז ער געבליבן שטיין?

איך כאַפּ מיר אַרויס:

— דו ווייסט פאַרוואָס, טאַטע? עס איז דערפאַר, וואָס פריִער איז געווען אונטערגעלייגט אונטערן זייגער דודס אַ לשון־קודשדיק בריוול און איצט ליגט גלאַט אַזוי אַ פּאַפּירל.

— אויב אַזוי — ענטפערט דער טאַטע — וואַקסטו קיין עין־הרע אַ גאַר גרויסע חכמה...

די ווערטער ווערן אַרויסגעזאָגט מיט אַזוי פיל שפּאָט און איראָניע, אַז איך ווייס מיר נישט ווו אַהינצוטאָן פאַר בושה און איך אַנטלויף אין אַלקער.

איך אַליין ווייס נישט ווי אַזוי עס האָט מיט מיר פּאַסירט. איך האָב דאָך געמיינט די גרויס פון דעם פּאַפּירל, נישט ווייל ער איז געשריבן אויף לשון־קודש, און ער — אַ טאַטע — פאַרשטייט דאָך אַז נישט דאָס האָב איך געמיינט. ער וואָלט באַדאַרפט וויסן, אַז איך בין נישט אַזאַ נאַר. ער פאַרשטייט דאָס טאַקע, נישט מערער איך האָב שוין אַזאַ מזל, אַז פון מיר לאַכן אַלע: דער טאַטע, די מאַמע און אַפילו מיין שוועסטער ריסל, האָט אויך ליב צו חוזקן פון מיר. פון יהודיתן איז דאָך שוין אָפּגערעדט. פון היינט אָן און ווייטער דערצייל איך זיי גאָרנישט און אַז זיי וועלן מיר עפּעס פרעגן, איז געענטפערט מיט אַ שאָקל מיטן קאָפּ. איך זיי, וועל גאָרנישט פרעגן און גאָרנישט דערציילן.

איך שטעל מיר אַוועק קעגן די לייכטער און קוק מיר איין אין זיי. עס ווערט פאַר מיר קלאָר, אַז די לייכטער האָבן באַקומען אַן אַנדער פּנים, אַ טרויעריקס, נישט צו פאַרגלייכן מיט פריִער, ווען זיי האָבן געהאַט אַ שמייכלדיק פריילעך פּנים. איך אַליין ווייס, אַז לייכטער האָבן נישט קיין מענטשלעך פּנים, אָבער איך זע זייער לייכטערישן פּנים און איך בין זיכער, אַז איך הער פון זיי אַ שטיל קינדעריש געוויין. איך גלייב אַז זיי האָבן זיך געענדערט צוליב זייער פאַרברענגען אַ פּאָר שעה אין דער פּאָליציי.

איך וועל אָבער דערפון מיט קיינעם נישט רעדן, ווייל אַ חוץ חוזק און באַ־

ליידיקונג דערוואַרט מיר גאָרנישט פון די דערוואַקסענע. איך ווייס אַז דער טאַ־טע וואָלט געזאָגט, אַז צום גרעסטן אומגליק קאָן מען קומען פון אַזעלכע פאַנ־טאַזיעס.

איך זע בולט, אַז זייער אויסזען איז טרויעריק, כמעט וויינענדיק, נאָר אויב קיינער רעדט נישט דערפון, וועל איך אויך וועגן דעם נישט רעדן.

מיין ברודערל לויפט אַריין מיט אַ גדולה:

— דו ווייסט — זאָגט ער — דער זייגער גייט שוין. דער טאַטע האָט אים אויסגעפּראָוועט, גייט ער שוין. אויף מיין וואָרט, ווי איך בין אַ ייִד!

— קוק, זאָג איך צו אים — ווי די לייכטער זעען אויס.

— פּאַרטויעט פון פראָסט — ענטפערט ער און לאָזט זיך לויפן אין קיך און איך נאָך אים.

די מאַמע איז שוין געקומען. זי שטייט ביי דער טיר, אויף דער אויסגע־שפּרייטער רעדנע און טוט אויס די קאַלאָשן.

— מאַמע! — שריי איך אויס — זאָג, ווו ביסטו געווען? וואָס האָסטו זיך אַזוי לאַנג געזאַמט?

— איך וועל דיר שוין מודיע זיין — ענטפערט די מאַמע איראָניש.

— מאַמע, דו ווייסט, אַז מען האָט געבראַכט דעם זייגער מיט די לייכטער?

— זאָגט צו איר משהלע.

— איך ווייס מיין זון — ענטפערט אים די מאַמע.

מיר לויפן נאָך דער מאַמען אין שטוב און הערן זיך צו, וואָס זי דערציילט דעם טאַטן מיט יהודיתן.

— וויפל האָט געקאָסט? — איז אומגעדולדיק דער טאַטע צו וויסן.

— כאַפּ נישט די פיש פאַר דער נעץ! — זאָגט די מאַמע און הייבט אָן צו דערציילן.

— אַזוי ווי מיר האָבן אָפּגערעדט, בין איך אַרויפגעגאַנגען צו דעם בעל־טאַקסע.

— אַ שיינער אַרויפגאַנג, אין אַזאַ פראָסט און זאַווערוכע — זיפצט דער טאַטע.

— דו ווילסט מיר אויסהערן? — פרעגט די מאַמע מיט חשיבות — איך בין אַריינגעגאַנגען, אויסגעטאָן די קאַלאָשן. פרעגט מיר די דינסט, וואָס איך פאַרלאַנג? זאָג איך איר, אַז איך וויל רעדן מיטן באַלעבאָס. דערווייל קומט אַריין די „מאַדאַם“, דאָס הייסט איטקע און דערפרייט זיך גאָר שטאַרק מיט מיר. אַזאַ גאַסט! — זאָגט זי — קומט אַריין, וואָס שטייט איר ביי דער טיר? זי פירט מיר אַריין אין זאַל און הייסט שוין דערלאַנגען טיי.

— זייט מיר מוחל — זאָג איך צו איר — איך בין נישט געקומען צו גאַסט. איך באַדאַרף, זאָג איך, רעדן מיטן גאַספּאַדין שוואַרץ. האָט זי אים באַלד אַריינ־גערופן און איך האָב אים דערציילט די גאַנצע מעשה. פון דיין קראַנקייט און פון דעם וואָס עס איז היינט פאָרגעקומען. פון דער קראַנקייט, ווייסט ער — האָט ער מיר געזאָגט — און וועגן דער היינטיקער פּאַסירונג, דאַרף עמיצער זיך זען מיטן פּריסטאַוו. אים פּאַסט דאָס נישט. ווייל אומזיסט קאָן ער דאָס נישט מאַכן און פאַר געלט, וועט דאָס דורך אים קאָסטן נאָך טייערער. נאָך זיין מיינונג איז דער סאַמע צוגעפּאַסטער צו רעדן נישט קיין אַנדערער ווי דער „סטאַראָסטע״, מיט אים קאָן מען זיך דינגען און פאַרהאַנדלען. איי דאָס וואָס מען האָט אים אָפּ־געזידלט? — דאָס, זאָגט ער, מאַכט נישט אויס. ער איז שוין צוגעוווינט דערצו. ער ווייסט, אַז דערויף קלייבט מען אים אויס.

— איך פאַרשטיי — זאָגט ער צו מיר, דערציילט די מאַמע — אַז איר באַ־דאַרפט אַ הלוואה. — וואָס דען? — ענטפער איך. האָט ער דעמאָלט גענומען ביי איטקען דעם בונט שליסלען, אויפגעשלאָסן אַ שופלאָד פון שרייבטיש, איז דאָרטן קיין עין־הרע פאַראַן גאָלד, זילבער און פּאַפּירלעך, אויף אַלע ייִדן געזאָגט גע־וואָרן. ער האָט אָפּגעציילט צען זילבערנע קערבלעך און מיר דערלאַנגט. דעם פּריסטאַוו, זאָגט ער, איז גענוג אַ דריירל און נאָך צוויי וועט דאַרפן קאָסטן דער „סטאַראָסטע״ מיט די סטראַזשניקעס. איך גיב אייך צען, ווייל איך פאַרשטיי, אַז עס וועט אייך צונוץ קומען.

— נאָך ווי אַזוי! — זאָג איך.

— איר וועט מיר אָפּגעבן ווען איר וועט האָבן — האָט ער מיר געזאָגט.

— דו גלייבסט אים פויגל? — הייבט זיך דער טאַטע אָן צו היצן — וועסט זען, אַז ער וועט אָפּרעכענען אַ קערבל אַ וואָך. שוין באַלד די אַנדערע וואָך, ביים אויסצאָלן די שכירות.

— שמאַי! — ווערט די מאַמע בייז — וואָס ביסטו דאָס פאַר אַ מענטש? אַז ער וועט אָפּרעכענען, וועלן מיר גיכער פּטרן דעם חוב. קיין עיסקא בעט ער נישט ביי דיר. איז דאָס אַ טובה צי נישט?

— אַזאַ יאָר אויף אים — עקשנט זיך דער טאַטע.

— דער מאַמעס פּנים ווערט טרויעריקער.

— נו, ווייטער — מונטערט איר דער טאַטע.

— בין איך אַוועק צו דעם „סטאַראָסטאַ״ און אים געטראָפן, ווען ער איז נאָר וואָס געקומען פון פּריסטאַוו. ער האָט זיך כמעט נישט געלאָזט רעדן צו זיך. „דער פּריסטאַוו — זאָגט ער — איז בייז און שיכור. ער האָט געטופּעט מיט די פיס, געקלאַפּט אין טיש און געשריגן — באַלוואַנען! צו וואָס באַדאַרף איך זשי־

דאָווסקע שבת־לייכטער? בהמות, אייזלען, פערד וואָס איר זענט. איך וועל אָוועק־שיקן די „דיעלאָ“ אין אויעזד, קיין אומאַן. וועט מען דעם שוחט אַנהייבן צו רופן אַהין און ער וועט מוזן באַצאָלן.״ האָב איך — זיפצט די מאַמע — אָנגעהויבן טענהן מיטן דעם סטאַראָסטאַ וועגן דורכקומען. זאָגט ער צו מיר: די לייכטער מיטן זייגער האָט מען אייך שוין אָפּגעשיקט. טאָ וואָס נאָך ווילט איר פון מיר? גייט און רעדט אַליין מיטן פּריסטאַוו.

האָב איך אים אַוועקגעלייגט דריי זילבערנע קערבלעך אויפן טיש און האָב געמיינט אַז ער וועט ווייכער ווערן. ערשט עס הייבט זיך נישט אָן. „צו דעם פּריס־טאַוו — זאָגט ער — קאָן מען נישט גיין ווייניקער ווי מיט אַ צענערל. ביי אַן אַנדערן, זאָגט ער, וואָלט ער נאָך געהייסן זיך באַצאָלן פאַר דער טירחה אויך, נאָר ביי דיר מאָנט ער גאָרנישט, ווייל ער ווייסט מיט וועמען ער האַנדלט״.

— ער זאָל אַזוי האָבן די נשמה! — מישט זיך אריין יהודית און דער טאַ־טע העלפּט איר אונטער.

— ער האָט זיך געשוווירן — זאָגט ווייטער די מאַמע — מיט שבועות, וואָס מען קאָן גלייבן אַפילו אַ משומד.

— און מיט וואָס איז ער דען בעסער? — פרעגט דער טאַטע.

— אוי, איך קאָן מיט דיר נישט רעדן — הייבט זיך די מאַמע אויף פון בענקל.

— נו, הכלל, דערצייל ווייטער — מאָנט דער טאַטע.

— ווייטער, האָט עס געקאָסט צען רובל — זאָגט די מאַמע מיט אַ געבראָכן קול — איך האָב מיר געפּרוווט געבן פינף רובל. איך האָב אים „געטיקעט“ זיבן און עס האָט נישט געהאָלפן און איך האָב מוראַ געהאַט, טאָמער שיקט ער דאָס טאַקע אַוועק אין אויעזד, דער שיכורניק, דער פּריסטאַוו. וויפל איך האָב זיך נישט געדונגען, איז כאָטש גיב אים אַ קרענק. ער זאָגט, אַז ער טוט דאָס נאָר צוליב דיר.

— עס זאָל אים געטאָן ווערן מכות מיט פורעניות — שעלט ווייטער דער טאַטע.

— שמאַי, ער איז נישט שולדיק. דאָס איז די אַרבעט פון פּריסטאַוו דעם שיכור. אַ ייִדן טאָר מען נישט חושד זיין.

— ווייל ער איז זיכער אַ גנבֿ? — פרעגט איר דער טאַטע מיט לצנות — אָבער וואָס איז די נפקא־מינה, ווער דער שולדיקער איז. עס איז ביטער און פינצ־טער, אַז אין אַזאַ פאַרענגטער צייט, רייסט מען אַרויס אַ צענערל און מען דער־וועקט אַלע צרות און וואָס? אויב עס זאָל זיך זיי פאַרגלוסטן, חזרט זיך מאָרגן איבער די זעלבע געשיכטע.

— נו, גענוג שמאַי — בעט זיך די מאַמע — וואָס קאָן מען מאַכן? אַזוי איז

אַפּנים באַשערט. זאָל דאָס זיין אַן אָפּקומעניש פאַר אונדז אַלעמען און דו ווייסט דאָך גוט, אַז דיר שאַדט דאָס ערגערן זיך. יהודית, דו האָסט שוין, טאָכטער, אָנ־געהייצט די הרובע האָסטו גוט געטאָן. האָסט צוגעשטעלט די קאַרטאָפל אין אַ פאַרעווע טעפּל?

— יאָ, מאַמע.

— זייער גוט, טאָכטער. אַזוי וועל איך קאָנען אַראָפּנעמען פאַרן טאַטן אַ פּאָר קאַרטאָפל און צערייבן מיט פּוטער און פאַר אונדז וועל איך דאָס מאַכן מיט שמאַלץ. איך וועל עפּעס אַרויפשיטן אויף דער מילך, רייז אָדער גרייפּלעך, וועט דער טאַטע האָבן אַ וועטשערע און פאַר אונדז וועט זיין קאַרטאָפל מיט שמאַלץ, מיט געזייערטע קאַווענעס און אוגערקעס און פאַרבייסן מיט פּאָווידלע מיט טיי. אונדזערע שונאים, וואָס גיבן אַרויס גזירות אויף ייִדן, זאָל דאָס אויך נישט האָבן. איך גיי טאַקע באַלד מאַכן וועטשערע פאַרן טאַטן — רייבט זיך די מאַמע די הענט — און דו טאָכטער, וועסט מאַכן די פליישיקע וועטשערע, וועלן מיר מאַכן פאַר פרי נאַכט, ווייל איך בין איבערגעפרווירן.

אין שטוב ברענט שוין דער גרויסער לאָמפּ און אין קיך דאָס קליינע לעמפּל. עס קומט אַריין דוד דער שוחט. ער האָט זיך צוגעזעצט לעבן משהלען, ביי דער הרובע אויף דער סאָפּקע. ער איז איבערגעפרוירן. ער זיפצט און זאָגט צום טאַטן, אַז גאַנץ ראָסיי ליגט אונטער פּאָליצייִשע שטיוול.

פלוצלינג רופט זיך אָן משהלע מיט אַ פאַרזאָרגטער מינע ווי אַ דערוואַק־סענער:

— טאַטע, איך האָב שוין אַ מעטריקע?

— אַוודאי זונעניו, באַלד ווי אַ קינד ווערט געבוירן, פאַרשרייבט מען עס אין אַ בוך, דאָס הייסט אַ מעטריקע.

— נו, און אַן „אומערדשע מעטריקע" האָב איך שוין? — פרעגט ער ווייטער.

אַלע צעלאַכן זיך און דוד נעמט זיך מיט געדולד, צו געבן צו פאַרשטיין משהלען, אַז „אומער" מיינט צו זאָגן געשטאָרבן און ער, משהלע, לעבט נאָך ביז הונדערט און צוואָנציק יאָר.

משהלע הערט רויט פאַר בושה און דוד טרייסט אים, אַז ווען ער וועט זיין גרויס וועט ער וויסן, אַז וועדליק די יאָרן איז געגוג דער שכל.

יהודית פּרוּווט מאַכן אַ וויץ, אַז „וועדליק דער שכל איז שוין געגוג יאָרן". אָבער די מאַמע צעשרייט זיך אויף איר, אַז די אויערן הערן ביי איר נישט דאָס וואָס ס'מויל רעדט און גיט דערביי צו: — מיינע ביינער זאָל ער איבערלעבן, גאָטעניו! עס זאָל מיר זיין פאַר זיין קאָפּ.

דוד זאָגט אַ גוטע נאַכט און גייט אַוועק. די מאַמע שטייט ביים פּריפּעטשיק

און קאָכט רייז מיט מילך פאַרן טאַטן. יהודית שיילט אָפּ די קאַרטאָפל און צע־דריקט זיי מיט שמאַלץ.

ביי איר זענען די אויגן פאַרטראַכט און די באַקן שטאַרק רויט און די מאַ־מע קוקט אויף איר מיט צופרידנקייט. קיין בייז אויג זאָל איר נישט שאַטן — זאָגט זי שטיל און נעמט זיך אין געדאַנק בעטן דעם רבונו של עולם. זי דאַנקט אים פאַר דעם חסד, וואָס ער טוט מיט איר, דערמיט וואָס יהודית איז חלילה נישט פאַרמישט מיט דער „חברה״. גאָטעניו — שעפּטשעט זי שטיל — דיר דאַרף איך דאָך נישט לערנען, דו ווייסט דאָך ווי אַזוי דו קאָנסט מיר העלפן און טאָקע באַלד, ווייל זי איז נאָך אַזוי יונג. שיק מיר פאַר אירעטוועגן אַ שידוך, עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל איר געפעלן און עס זאָל אונדז אָנשטיין.

דער טאַטע שטייט ביים פענצטער, פאַרזונקען אין טרויעריקע, ערנסטע מחשבות. איך ווייס דאָס דערפון וואָס ער שווייגט און קרעכצט נישט, אַ סימן אַז ער טראַכט זיך זיינע זאַכן.

משהלע דרייט זיך לעבן טאַטן. ער שאָקלט זיך און מאַכט דעם אָנשטעל אַז דאַוונט, אָבער אין אמתן טרוימט ער וועגן דעם, אַז ווען ער וועט ווערן גרויס, וועט ער אויסוואַקסן אַ גבור און מאַכאָר דער סטראַזשניק וועט ביי אים רויען מיט דער נאָז די ערד. ער וועט שוין פאַרזאָגן אַ צענטן, נישט אָנצורירן דער מאַ־מעס לייכטער. דעם אוריאַדניק וועט ער אַוועקלייגן אויף דער ערד. ער וועט מיט דער קני זיך אָנשפאַרן אויף אים און וועט אים אַ פרעג טאָן:

— וואָס ווילסטו, טויט צי רויט? וועט ער אים זאָגן רויט, וועט ער אים זאָגן: — הייסט דאָס אַז דו גיסט זיך אונטער? — זאָלסטו דאָס גוט געדענקען!

— ווילסט זיך זיין אַן אוריאַדניק? געזונטערהייט. ווילסט רעשטעווען (אַרעסטירן) אַ שיכורן גוי, אָדער אַ גנבֿ? מהיכא־תיתי. אָבער עס וועט זיין אָך־און־וויי צו דיר, אויב דו וועסט אָנרירן, אַפילו מיט אַ פינגער, אַ ייִדן, אָדער אַ „פּאָליטישעסקע״, צי גאָר מאַכן אַ פּאָגראָם, אָדער אַ בילבול אויף ייִדן. מיר, וועסטו, מיט דעם פּריסטאַוו מוזן אויספאָלגן. מיר דעם גבור!...

יהודית טראַכט וועגן דער מאַמען.

די מאַמע איז אַן איבערגעגעבענע פרוי און אַן אידעאַלע מוטער, פּונקט ווי דער שרייבער פון דעם ראָמאַן, וואָס זי לייענט, זאָגט אויף דער „העלדן״.

זי דערמאָנט זיך, ווי די „העלדן״ לודמילאַ לויפט אַריין אין גאַסט־זאַל, מיט נאַקעטע אָרעמס און פלייצע און דערלאַנגט אירע ווייסע הענטלעך צו די געסט, צום פּריסטאַוו און אָפּיציר זיי צו קושן.

יהודיתן ווילט זיך לאַכן פון איר פאַרגלייך. די מאַמע שטייט ביים אויוון, מיט אַ פאַטשיילע ביז די אויגן. זי איז פאַרעלטערט, זעט אויס ווי אַ זקנה. אין

דער וואָכן טראָגט זי אַ פאַטשיילע און שבת אַ זיידן טיכל, וואָס זי האָט ש׳ין זינט זי איז אַלט געוואָרן 26 יאָר.

זי האָט דאָס אַליין דערציילט, אַז ווען זי איז אַלט געוואָרן 26 יאָר, איז דער טאַטע, ווי זיין טבע איז, מסוכן קראַנק געוואָרן און זי איז ווי שטענדיק אַרומ־געגאַנגען אַרום אים מיט מסירת־נפש און וואָכן־לאַנג האָט זי נישט באַוויזן זיך „אויסצושלייערן״ אַפילו אויף שבת. האָט איר די באָבע דבורה געזאָגט מוסר: — וואָס הייסט אַזאַ יונג ווייבל, גייט אַרום מיט אַ פאַטשיילע ווי אַן אַלטע יידענע? האָט זיך דעמאָלט די מאַמע אַרויסגעכאַפּט מיט אַ וואָרט, אַז זי איז „מנדר״ איר גאַנץ לעבן אַזוי אַרומצוגיין, אַבי דער מאַן אירער זאָל ווערן געזונט. שפּעטער, ווען דער טאַטע איז אויפגעשטאַנען פון דער קרענק און איר געוואָלט מתיר־נדר זיין, האָט זי זיך פאַרעקשנט, אַז זי וויל נישט און האָט מורא צו ברעכן אַ נדר און דערפאַר גייט זי אַזוי אַרום, זינט איר יוגנט אָן. זי האָט אויף זיך אַרויפגע־שלעפּט די עלטער פאַר דער צייט.

די אַמאָליקע יידישע פרויען האָבן אַפּנים קיין שום אַכט נישט געלייגט אויף קיין שיינקייט — באַשליסט ביי זיך יהודית.

פלוצלינג שטעלט זיך דער טאַטע אויף דער שוועל פון דער טיר און זאָגט צו דער מאַמען מיט אַ ווייך, צערטלעך קול:

— פייגל!

— וואָס שמאי? — דרייט זיך די מאַמע אויס צו אים געשווינד.

דער טאַטע טראַכט אַ ווילע און זאָגט:

— ווייסט, פייגל, עס קלעמט מיר דאָס האַרץ.

— וואָס רעדסטו? — זאָגט די מאַמע דערשראָקן — זע נאָר, פאַרוואָס האָסטו מיר דאָס פריער נישט געזאָגט?

— גיכער טאָכטער! — נעמט די מאַמע יאָגן יהודיתן — גרייט צום טיש, דער טאַטע איז הונגעריק.

יהודית וואַרפט אַן איראָנישן בליק אויף דער מאַמען, וואָס האָט זיך גענומען יאָגן, פונקט ווי צו לעשן אַ שרפה...

איך לויף אונטער מיט גרייטקייט צו העלפן. איך כאַפּ אַרויס פון דער קיך־שאַפע דאָס זעלצערל, נאָר פון גרויס איילעניש, פאַלט עס מיר אַרויס פון די הענט און עס צעשיט זיך די זאַלץ. די מאַמע ווערט מוראַדיק בייז, זי כאַפּט מיר אַן פאַרן הענטל און גיט מיר אַ פאַר לייכטע פעטשלעך, וואָס טוען מיר נישט וויי, נאָר איך דערפיל מיר זייער באַליידיקט און אומגליקלעך.

מיט אַ מינוט פריער בין איך געווען צופרידן, וואָס די מאַמע האָט פאַרגעסן

צו געבן מיר פיש־טראָן צו טרינקען און איצט איז מײן שטימונג טרויעריק ביז פאַרצווייפלונג.

דער טאַטע באַווייזט זיך ווידער אויף דער טיר און פרעגט:

— פאַרוואָס, פייגל? זי האָט דאָך גאָרנישט צעבראָכן.

— טאָקע דערפאַר — ענטפערט די מאַמע — פאַר מאַכן אַ שאָדן, שלאָג איך נישט קיין קינד. ווייל מסתמא איז דאָס באַשערט. איר אָבער איז דאָס זעל־צערל אַראָפּגעפאַלן, ווייל זי איז ווילד. זי פאַרשטייט נישט פון דאַנען אַהין. זי שפּרינגט און טאַנצט ווי אַ ווילדע ציג. אַלע צייטן זענען ביי איר גלייך. זי וויל פון גאָרנישט וויסן און פאַרשטייט גאָרנישט; זי איז הפקר און שוין.

אַזאַ אומרעכט, ווי די אַרויסגעזאָגטע מיינונג איבער מיר, איז דער טראָפּן וואָס פּילט איבער די מאָס פון דאָזיקן טאָג מיט אַזוי פיל לײדן. איך בלייב שטיל און וויין נישט, פשוט דערפאַר ווייל עס טוט מיר צופיל וויי.

דער טאַטע לאַכט:

— נאַדיר גאָר אַזאַ ראיה!

און יהודית כאַפּט אונטער:

— אַזאַ „טעאָריע" — מאַכט זי חוזק פון דער מאַמעס מיינונגען.

איך פיל אָבער, אַז זיי גייט נישט אָן מײנע „לײדן". זיי לאַכן גלאַט אָפּ פון דער מאַמען. צום אומגליק בין איך הונגעריק, פון מיטיק אָן האָב איך גאָרנישט געגעסן, פון דעסטוועגן באַשליס איך אויף צו להכעיס נישט צו עסן.

די מאַמע האָט פאַרבונדן אויף אונטן די עקן פון דער פאַטשיילע, ווייל איר האָט פּלוצלינג באַשלאָגן אַ היץ. זי זיצט ביים טיש און עסט קאַרטאָפל מיט שמאַלץ, מיט געזויערטע אוגערקעס און דערציילט עפּעס יהודיתן. זי „מאַלט" איר אויס, ווי דעם בעל־טאַקסעס זאַל איז פאַרפּוצט, מיט שיינע טולענע פאַר־האַנגען אויף די פענצטער. אויף די טירן גרינע פּליושענע פאַרהאַנגען, פּונקט אַזאַ גרינער טישטוך און אויך די סאָפקע מיט די שטילן, זענען באַשלאָגן מיט גרינעם פּליוש. אַ גרינער טעפּיך ביים טיש, מיט גרינע סטעזשקעס איבערן גאַנצן צימער און אין די ווינקלען, וואַזאַנען מיט לאַנגע, שמאָלע בלעטער.

— פּיקוסן? — פרעגט יהודית.

— זאָג איך דאָך „פּיקוסן" — ענטפערט די מאַמע, כאָטש זי האָט אַפילו נישט דערמאָנט דאָס וואָרט „פּיקוסן".

דער טאַטע שלאָגט איבער די רייד:

— דו ווייסט פייגל? — זאָגט ער — איך האָב היינט אַריינגעקוקט אין קע־מערל און האָב געזען, אַז עס „טאָגט שוין" דאָרטן דאָס האָלץ? — ער גיט אַ ביטערן זיפץ און הייבט אויף די האַנט אין דער הייך — די גרויסע וואַנט מיט

האַלץ, הע, הע, זי איז שוין פיפטער און מיר האַלטן ערשט אין אָנהייב ווינטער.

— ווייס איך וואָס — ענטפערט די מאַמע — אויף מיין וואָרט, מיין מאַן, אַז דו זינדיקסט מיט די רייד. דו טראַכסט נאָר פון זיך. ווען דו ווייסט, באַהיט גאָט, וואָס אָרעמע לייט נעבעך ליידן היינט צו טאָג פון קעלט, וואָלסטו זיך גע־דאַרפט שעמען, האָבנדיק קיין עין־הרע אַ פולע קאַמער מיט האָלץ, קלאָגסטו זיך נאָך.

דער טאַטע פאַרשעמט זיך טאַקע אַביסל, ער ווערט אָבער בייז און זוכט אין געדאַנק אַ גאַר שאַרף וואָרט צו ענטפערן דער „יידענע" וואָס פאַרגעסט זיך, ווו זי איז אין דער וועלט און רעדט צו אים חוצפהדיק.

אָבער אין דעם מאָמענט עפנט זיך די טיר און עס קומען אַריין חיים דער שוחט, אין זיין אַלטן פוטערנעם טיליפּ, דער קאַזיאָנער רב טעפּליצקי, אין אַ בייעם טכוירענעם טיליפּ און ניסל גייסינסקי, אַ יונגערמאַן אַ שניט־קרעמער, מיט אַ וואַכעדיקן מאַנטל אויף שמויסן מיט אַן אויפגעשטעלטן קאַלנער.

— אַ גוטן אָוונט! — זאָגן אַלע דריי מיטאַמאָל.

— אַ גוטן אָוונט — ענטפערן דער טאַטע מיט דער מאַמען און יהודית שפּרינגט אויף און דערלאַנגט זיי בענקלעך צו זיצן.

דער טאַטע קוקט אויף זיי פאַרוווּנדערט:

— ווי קומט איר זיך צונויף אין דרייען?

— מיט ר' חיימען האָבן מיר זיך געטראָפן ביי דער טיר — זאָגט טעפּליצקי — און מיר ביידע האָבן זיך אָפּגעשמועסט ביי מנחה, אַז מיר קומען היינט.

— מיר האָבן געהערט, אַז איר האָט היינט געהאַט „געהויבענע געסט" — ווּיצלט זיך דער קאַזיאָנער ראַבינער.

עס אַנטוויקלט זיך אַ געשפּרעך און דער טאַטע חזרט איבער נאָכאַמאָל, ווי אַזוי ביים אַרויסנעמען דעם געבורט־שיין פון די פאַרשטאָרבענע קינדער בעני און ליאָווע, איז ער אַליין געגאַנגען צו דעם דעמאָלטיקן קאַזיאָנעם ראַבינער (ימח שמו), האָט אים יענער געזאָגט, אַז ער זאָל שרייבן בן־ציון שאַמאָוויטש, האָט ער אַזוי געשריבן. אָבער ווען עס האָט געטראָפן דער אומגליק, האָט ער זיך געפילט זייער שלעכט און דערהרגעט פון פיין, האָט ער געשיקט דעם שמש מיט אַ קוויטעלע און אָנגעשריבן זיין נאָמען אויף לשון־קודש שמאי. אים איז אַפילו אין קאָפּ נישט אַדורך, אַז אַ קאַזיאָנער רב, קאָן במחילה נישט אויסלייגן קיין העב־רעיִשן נאָמען און גיי ריכט זיך אַז דער גראָבער יונג, דער עם־הארץ, וועט לייע־נען שמאי פאַר שמאַיע.

— אויב ער קאָן נישט לייענען און שרייבן קיין ייִדיש — היצט זיך דער טאַטע — טאָ צו וואָס פאַר אַ צרות באַדאַרפן מיר, אַז אַ ייִד זאָל אונדז פירן די

ביכער? מיר וואָלטן דאָך אַליין געקאָנט אָנקומען אין „וואָלאָסט". „נאַטשאַלס־טוואָ" שיקט אַ ייִדן, כדי ער זאָל זיך בעסער פאַנאַנדערקלייבן אין די נעמען, נעמט ער — אַ רוח אין זיין טאַטנס טאַטן אַריין — און מאַכט אָן אַ בויך מיט צרות.

דער טאַטע בלייבט שטיל אָן אויפגערעגטער און דעמאָלט זאָגט טעפּליצקי:

— ער וואָלט באַדאַרפט אַ קוק טאָן אין דעם בוך פון די געבורטן און פון דאָרטן איבערשרייבן פּינקטלעך דעם נאָמען, איידער ער האָט אים אַריינגעשריבן אין טויטן־בוך. איך טו שטענדיק אַזוי.

— פרעגט, צי ער האָט געהאַט צייט — שרייט דער טאַטע — אַז טאָג און נאַכט האָט ער נאָר געשפּילט מיט נאַטשאַלסטוואָ אין קאָרטן. דאָס איז ביי אים געווען וויכטיקער, דעם הונט!

— אוי! — קרעכצט די מאַמע — מען האָט שוין היינט גערעדט צופיל פון אים. איך מיין אַז ער האָט דאָס נישט פאַרדינט.

דער טאַטע ענטפערט:

— ווען ווערט אַ הונט מפורסם, אויב נישט ווען ער ווערט משוגע? ווייל ווען ער ווערט משוגע, איז דאָ אַ געפאַר, דעמאָלט רעדט מען וועגן אים.

— איז וואָס זשע איז געוואָרן? — פרעגט ניסל.

דער טאַטע נעמט זיך שפּאַנען נערוועז איבערן צימער און טעפּליצקי ענט־פערט ניסלען:

— דאָ קאָן מען גאָרנישט מאַכן. פאַרריכטן אַ פעלער פון בוך לאָזט זיך נישט.

דער טאַטע כאַפּט אים אונטער:

— קומט אויס, אַז ווען דעם פּריסטאַוו וועט זיך פאַרגלוסטן צו טרינקען בראָנפן אויף מיין חשבון, וועט אים דער סטאַראָסטאַ, דער סוואָלאָטש, פירן צו מיר און מיין ווייב וועט לויפן איבערן שטאָט צו קריגן צענערלעך פאַר זיינעט־וועגן.

דער טאַטע זיפצט און די מאַמע קרעכצט:

— מען וועקט — זאָגט זי — אויף אַלטע ווייטיקן מיט אַלטע צרות.

— דעם פּריסטאַוו — זאָגט דער קאַזיאָנער רב — וואָלט מען באַדאַרפט איבערבייטן.

— וועט קומען אַן אַנדער שיכור, אפשר נאָך אַן ערגערער ווי דער איצטיקער — זאָגט דער טאַטע.

— וואָס דען, מען דאַרף שווייגן? — פרעגט ניסל.

— עס וועט דען דיר העלפן אַז דו וועסט שרייען? — פרעגט חיים דער שוחט.

— יידן דאַרפן שווייגן — שאָקלט טעפּליצקי מיטן קאָפּ — ווערליק מען הערט, וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט, איז נאָך ביי אונדז אַ גן־עדן.

— אַוודאי — כאַפּט אונטער חיים — אַ ייד טאָר זיך נישט מישן אין פּאָליטיק. נאָר גיי רעד מיט די אויסוואורפן, זיי מאַכן אומגליקלעך דאָס פאָלק.

דער טאַטע פאַלט אָן אויף אים:

— זאָג מיר נאָר, ווען איז דאָס פאָלק נישט געווען אומגליקלעך?

— וואָס דען? — טענהט חיים אַן אויפגערעגטער — יידן דאַרפן וואַרפן באָמבעס אויף מיניסטאָרן? אַזוי פאַרשטייט איר? איבער אָט די משומדים, מאַכט מען פּאָגראָמען אויף יידן.

דער טאַטע, ווי זיין שטייגער איז, טענהט פּונקט קאַפּויער.

איך הער זיך צו מיט שטוינונג. ערשט נעכטן האָט דער טאַטע געזאָגט צו יהודיתן, דאָס וואָס עס זאָגט אים איצט חיים און היינט טענהט ער פּונקט פאַרקערט.

— אפשר — זאָגט ער — איז גלייכער אַזוי, אַז מען לייגט אַוועק איין הונט פון זיי, ציטערט שוין דאָס פעלעכל אויף די איבעריקע און זיי פאַרלירן די חוצפּה און האָבן מורא צו בייסן און וואָס שייך פּאָגראָמען, זעסטו דאָך, אַז ווען די „שוואַרצע מאהניקעס" ווילן מאַכן אַ פּאָגראָם, איז ביי זיי רעכט צו הרגענען אַ קריסטלעך קינד, דאָס צעשניידן אויף שטיקער און עס אונטערוואַרפן אַ יידן און מאַכן אויף אים אַ בלוט־בילבול, אַז יידן נוצן צו די ווייסע מצות, רויט קריסטלעך בלוט. איי, עס איז שוין טויזנט מאָל דערוויזן געוואָרן אַז פאַרקערט, אַז ביי יידן איז גאָר בלוט טריף; אַז זיי ציִען אָפּ דאָס בלוט פון פלייש דורך ווייקן און זאַלצן דאָס, אַז אַפילו אַן איי מיט אַ בלוט־טראָפּן איז טריף, איז גיי זוך יושר ביי זיי.

— פון דעסטוועגן, גלייב איך — זאָגט ניסל — אַז מען וועט באַפרייען מענדל בייליסן. זייערע פאַלשע עדות האָבן זיך אַזוי פאַרפּלאָנטערט, אַז דאָס געריכט האָט זיך געמאַכט צו שאַנד און צו שפּאָט. די גאַנצע וועלט הערט זיך צו צו דער פאַרטיידיקונג. עס איז שוין אַרויס דער אמת ווי בוימל אויפן וואַסער.

טעפּליצקי גיט זיך אַ כאַפּ.

— איר האָט געהערט די נייעסן, וואָס מיכל דער אַדוואָקאַט האָט געבראַכט פון קיעוו? — ער האָט אַליין געזען בייליסן און אויך גערעדט מיט זיין פרוי. ווערליק ער דערציילט, קומט אויס, אַז דער נאַטשאַלניק פון טורמע היט אים כמעט נישט און וויל אים אַפילו געבן אַ געלעגנהייט צו אַנטלויפן. דאָס וואָלט פאַר זיי געווען דער בעסטער באַוויז, אַז ער איז שולדיק, ווייל זיי האָבן זיך גאָר פאַסקודנע פאַרפּלאָנטערט אין דעם פּראָצעס. די פאַמיליע האָט זיך תחילת אַנ־

געכאַפּט אין דעם פּלאַן. ווייל סיי־ווי־סיי וועט ער דאָך מוזן אַוועק פון רוסלאַנד; וועט מען אים באַפרייען, וועט זיך די שוואַרצע באַנדע אין אים נוקם זיין און אויב חלילה נישט, איז דאָך אַפּגערעדט, היינט, ווער ווייסט, וויפל ער וועט נאָך זיצן ביז דעם משפּט. לוינט זיך דעריבער, אַז ער זאָל אַנטלויפן. ער, אָבער — מענדל ביילים — וויל אָבער נישט אַנטלויפן און לאָזן אַ פלעק אויף די ייִדן.

בשעת טעפּליצקי דערציילט, קוקן אַלע אים אין מויל אַריין מיט זשעדנע בליקן און ווען ער ענדיקט, שרייען אויס, סיי דער טאַטע און סיי חיים מיטאַמאָל:

— אַוודאי איז ער גערעכט! אַ ייִד בלייבט שטענדיק אַ ייִד!

חיים גיט צו:

— מיר איז אַ חידוש אויף אים, מען זאָגט דאָך אַז ער איז אַ פּראָסט־פּשוטער ייִד און אַפילו נישט קיין פרומער. טאָ ווי קומט דאָס צו אים?

דער טאַטע ענטפערט אויף דעם מיט היץ:

— אדרבא, עס איז נישט דאָס ערשטע מאָל, ווען אַ פאָלקסמענטש, וויַזט אַרויס מער גבורה. דער קערפּער איז ביי אים שטאַרקער און ער קאָן גרינגער איבערטראָגן די יסורים, איז שוין במילא דער גייסט אויך פעסטער ביי אים. איר האָט געלייענט וועגן דעם סלאָוויטער פּראָצעס? דאָרטן איז דאָס פּאָראָן אַ היפּש ביסל מסירת־נפש! — שאָקלט זיך דער טאַטע — אַ קלייניקייט, ווען מען רירט אָן „דאָס פּינטעלע ייִד"! גאָט זאָל זיך מרחם זיין, מען זאָל אויפהערן פאַרציִען די „דיעלאָ", מען זאָל משפּטן און באַפרייען.

— עס איז אַ זיכערע זאַך, אַז מען וועט אים באַפרייען — זאָגט טעפּליצקי — דערפאַר ציִען זיי אָפּ וויפל זיי קאָנען.

— מיט פאָניע גנב איז מען גאָרנישט זיכער — קרעכצט דער טאַטע.

— „זאַגראַניצע" וועט נישט דערלאָזן. סוף־כל־סוף זענען זיי דאָרטן געבילדעטע, ציוויליזירטע מענטשן — טענהט טעפּליצקי.

דער טאַטע ענפערט אים אויף דעם:

— „זאַגראַניצע" איז צופרידן דערפון. זיי גלעטן זיך דאָס בייכל, ווייל וואָס פינצטערער „ראָסיי" איז, אַלץ בעסערע געשעפטן מאַכן זיי מיט איר.

איך טראַכט, אַז מיין טאַטע מוז האָבן אַ טעות. איך זע דאָס אין אַלעמענס פּנימער און איך אַליין בין אויך גענייגט צו גלייבן, אַז „זאַגראַניטשנע" איז אַן איידעלער מענטש, נישט קיין דיקער, מיט אַ פעט בייכל וועלכעס ער גלעט זיך נאָך דערצו. איך ווייס אָבער, אַז דער טאַטע האָט זיך ליב צו שפּאַרן, זאָגן אַנדערש ווי אַלע.

## ניינטער קאַפּיטל

# חלומות...

פלוצלינג דערפּיל איך אַ שטאַרקע קעלט און דערזע מיר גאָר אין קעמערל אין ווינקל, לעבן דעם צונויפגעלייגטן האַלץ. עס איז זייער פרי. עס טאָגט ערשט. אין קעמערל איז האַלב־פינצטער. די מאַמע עפנט די טיר און לייגט אַן אַ ברעם האָלץ אויף דער האַנט.

— מאַמע, — צעוויין איך מיר פאַר איר, — פאַרוואָס האָסטו מיר דאָ פאַר־שלאָסן? איך האָב מורא דאָ צו זיין אַליין און דערצו איז מיר קאַלט.

— גיי דיר אין דיין רו אַריין! — מאַכט די מאַמע אַוועק מיט דער האַנט זייער דערשראָקן.

איך רייס איר ביי דעם קליידל און שריי:

— לאָז מיר נישט אַליין! פאַרוואָס האָסטו מיר דאָ פאַרשלאָסן?

— גיי דיר אין דיין רו אַריין! — שרייט די מאַמע.

— מאַמע — שטויס איך זיך אָן און גיב איר אַ פרעג — איך בין געשטאָרבן? זי גיט מיר אַ שאָקל מיטן קאָפּ אויף יאָ.

אַ שוידער גייט מיר דורך איבערן לייב און איך בין פאַרצווייפלט.

— פאַרוואָס האָסטו מיר נישט געזאָגט, אַז איך בין געשטאָרבן? און ווען האָט דאָס פּאַסירט? און ווי קאָן געמאָלט זיין אַז איך זאָל אַפילו נישט וויסן פון אַזאַ זאַך? אויב עס איז אַפילו אמת, בין איך דאָך נישט שולדיק אין דעם, טאָ פאַרוואָס קומט מיר צו האַלטן דאָ אין קעמערל דאָס גאַנצע לעבן? איך וועל דאָך דאָ פאַרפרוירן ווערן. און ווי וועט זיין, אַז איך וועל ווערן הונגעריק?

— איך וויין ביטער און מאַך זיך אונטערטעניק און בעט זיך ביי דער מאַמע:

— לאָז מיר אַריין אין שטוב, וועסט זען, ווי גוט איך וועל מיר אויפפירן, איך וועל דיר פאָלגן אַלצדינג. איך וועל טרינקען פיש־טראָן, וויפל נאָר דו וועסט וועלן. איך וועל עסן אַלצדינג וואָס דו וועסט מיר געבן. איך וועל דיר קיינמאָל נישט פאַרשאַפן קיין צרות.

אין גרויס שרעק זע איך, ווי זי פאַרשליסט די טיר פון יענער זייט. שריי איך פאַרצווייפלט און רוף דעם טאַטן — ער האָט מיר נישט פיינט! דו, מאַמע,

ווייס איך האָסט מיר שטענדיק פיינט און האָט אויסגעטראַכט, אַז איך בין גע־שטאָרבן. מסתמא איז זי אַליין געשטאָרבן און האָט מיר דאָ פאַרשפּאַרט.

פּלוצלינג גיב איך אַ טראַכט: אפשר איז דאָס גאָר אינגאַנצן אַ חלום? איך טאַפּ אָן די סאָפּקע, אַוודאי ליג איך גאָר אויף דער סאָפּקע. אין צימער איז פינצ־טער, דאָס לעמפּל ברענט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קנויט. איך דערשרעק מיר אויף דאָס ניי. ווייל איך ווייס, אַז ווען מען שטאַרבט באַגראָבט מען אין אַ גרוב און מען פאַרשיט מיט ערד.

די האָר האָבן זיך מיר אויפגעשטעלט. דאָס האַרץ קלאַפּט מיר האַסטיק. איך בין אינגאַנצן פאַרפרוירן און פאַר קעלט קלאַפּן מיר די ציין, און איך האָב מורא זיך אַ ריר צו טאָן.

צום גליק האָט זיך מיין ברודערל זייער שטאַרק פאַרהוסט. די מאַמע דער־הערט דאָס און קומט באַלד צו צו אים, קרעכצט און בעט זיך ביי אים:

— אַביסעלע וואַרעמע מילך, ווּעסטו טרינקען זונעניו?

— ניין! — ענטפערט ער פאַרשלאָפן.

— וואָס דען ווילסטו?

— גאָרנישט! איך וויל שלאָפן — וויינט ער.

— נו, שלאָף געזונטערהייט, מיין קינד.

די מאַמע איז אַריין צו אונדז אין צימער. זי גייט צו צום טיש און נעמט זיך טרינקען קאַלטע וואַסער פון דער קוואָרט.

— מאַמע — צעשרייט זיך יהודית — טרינקסט קאַלטע וואַסער אין אַזאַ קעלט? באָרוועס און נאַקעט ביסטו אַראָפּ. ווילסט קראַנק ווערן?

די מאַמע גיט אַ מאַך צו יהודיתן אומגעדולדיק מיט דער האַנט:

— לאָז מיך צורו! איך טרינק נישט קיין קאַלט וואַסער.

איך קום צו ביסלעך צו זיך. די שרעק טרעט אָפּ און איך הייב אָן צו קרעכצן. די מאַמע קומט צו צו מיר און נעמט מיר איינדעקן מיט מיין קאָלדרעלע און פון אויבן מיט דעם טאַטנס בורקע. זי טאַפּט מיר דעם קאָפּ און האָט גאַנצע טענהס צו מיר:

— זאָג מיר, פאַרוואָס האָסטו פון זיך אַראָפּגעוואָרפן דעם צודעק? — פרעגט זי מיר שוין צום דריטן מאָל.

— מאַמע! — זאָג איך מיט אַ פאַרשטיקט געוויין — מאַמע!

— וואָס טוט דיר וויי? — פרעגט זי מיר דערשראָקן.

— מאַמע! — ענטפער איך — מאַמע!

— וואָס מאַמקעסטו מיר? — ציטערט זי פאַר קעלט — לאָז מיר שוין הערן, וואָס עס איז דיר?

— מאַמע! — זאָג איך ערשט אויף דאָס ניי — מאַמע! עס האָט זיך מיר געחלומט — צעוויין איך מיר. איך קאָן אָבער בשום־אופן נישט אַרויסרעדן אַזאַ שרעקלעך וואָרט. די מאַמע האָט זיך אָבער צום גליק אַנגעשטויסן און זאָגט מיר:

— עס איז אַ סימן, אַז דו וועסט מירטשעשעם לעבן 120 יאָר.

אַ שטיין איז מיר אַראָפּ פון האַרצן. איך דערפיל זיך איבערגליקלעך צוליב דעם, וואָס איך האָב נאָך אַזוי פיל יאָרן. איך טראַכט, אַז איך וועל גאָר קיינמאָל נישט שטאַרבן. דערצו איז אין בעט אַזוי וואַרעם און איך בין אין שטוב אַזוי זיכער און ווי עס זעט אויס האָט די מאַמע מיר גאָר ליב.

— פייגל! — שרייט בייז דער טאַטע — וואָס האָסטו זיך אָוועקגעשטעלט אין אַזאַ קעלט אויסהערן אירע מעשיות? דו קענסט איר נאָך נישט? זי, אַפילו ווען זי כאַפּט זיך אויף אין מיטן דער נאַכט, האָט זי וואָס צו רעדן און דערציילן. דו ווילסט זיך פאַרקילן און אָנמאַכן אַ חתונה? האָסט נאָך ווייניק צרות?

— נאָר דאָס פעלט נאָך איצט! — כאַפּט אונטער יהודית פון איר געלעגער.

די מאַמע לויפט גיך אין אַלקער און כאַפּט זיך אַרונטער אונטערן איבער־בעט. דעם טאַטן באַפאַלט אַ מאָדנער מין הוסט, וואָס באַווייזט אַז ער האָט חרטה דערפאַר וואָס ער האָט זיך געבייזערט.

ווען ער ענדיקט הוסטן, גיט ער אַ פרעג דער מאַמען:

— איך פרעג דיר נישט מערער. טוט דאָס אַזוי אַ מענטש?

די מאַמע ענטפערט אַ פאַרשולדיקטע:

— דו קענסט דאָך מיין נאַטור, דו ווייסט דאָך אַז ביי מיר איז נישט פאַראַן קיין עפּעס ערגערס אין דער וועלט, ווי ווען אַ קינד נעמט זיך מיר הוסטן מיט יע־נעם הינטישן הוסט, מיט אַ כריפּ. דו מיינסט, איך בין אַראָפּ פון בעט מיט מיין ווילן? ניין, עס האָט מיר ממש אַראָפּגעטראָגן. איך אַליין האָב מיר קיין חשבון נישט געגעבן, ווען איך בין שוין געשטאַנען לעבן זיין בעטל.

— ווער האָט געהוסט? — פרעגט דער טאַטע.

— וואָס הייסט ווער? בצלאל־משה הוסט מיט סכנות־נפשות.

דער טאַטע זעצט זיך אויף און פאַרברעכט פאַרצווייפלט די הענט.

— דאַנקען גאָט, ער איז אַנטשלאָפן געוואָרן. ער האָט חלילה נישט קיין וואַרעמקייט. ער איז אַזוי „נאָרמאַלנע" — באַרויִקט אים באַלד די מאַמע.

— נו, — זעצט ווייטער פאָר די מאַמע — אַז איך בין שוין אַראָפּ, האָט זיך מיר פאַרוואָלט אַ טרונק וואַסער. עס ברענט מיר אין האַרצן אַ פייער — קלאָגט זי זיך — דוכט זיך, געגנוג אָנגעטופּעט זיך היינטיקן טאָג און קיין שלאָף נעמט מיך נישט. שוין לאַנג נישט געוועזן קיין בריוו פון מאָטלען.

— װײס איך װאָס דו רעדסט — ענטפערט איר דער טאַטע — ער איז דאָך נישט קײן נביא אַז ער זאָל װיסן, אַז איך בין געװען קראַנק, װאַרט ער אױף מײ־נעם אַן ענטפער.

די מאַמע איז מסכים מיט אַ זיפץ.

— דער ערגסטער שונא, איז דער מענטש זיך אַלײן, מיט זײַן איבערקלערן. הײנטיקע נאַכט קאָן איך מיר קײן אָרט נישט געפינען, הענט און פיס װאַרפן זיך מיר. איך פיל אַ נודנאַסט הינטערן האַרצן, בין איך געגאַנגען געבן אַ טרונק װאַ־סער, האָט מיר דאָס האַרץ געזאָגט, אַז איך דאַרף כאַפּן אַ קוק צו דער קלײנער.

— װאָס איז געשען?

— װאָס רעדסטו? איך בין דערצײטערט געװאָרן. איך קום צו, עס ליגט נישט קײן קינד, נאָר אַ שטיק אײז. זי האָט פון זיך אַראָפּגעװאָרפן דעם גאַנצן צודעק און ליגט און צאַפּלט זיך אַזש פאַר שרעק.

— פאַרװאָס?

די מאַמע זאָגט שטיל:

— איר האָט זיך געחלומט אַ שלעכטער חלום.

— װײס איך װאָס, שטותערײען! — הוסט דער טאַטע נישט צופרידן — נאַרישע פאַנטאַזיעס, — שפּײט דער טאַטע אין שפּײ־קעסטל און טרעפט נישט, פון װאָס ער װערט נאָך נערװעזער.

— אַ קינד, — פאַרענטפערט מיר די מאַמע — האָב איך איר געדאַרפט באַ־רויִקן און פּותר־חלום זײַן, צי נײן? נו, איז זי אױף מיר אָנגעפאַלן, גלײך װי איך זאָל נישט זײַן איר מאַמע, נאָר אַ דינסט בײַ איר.

— װער? פרעגט דער טאַטע דערשראָקן — די גרױסע שלאָפט נאָך נישט אַזױ שפּעט?

— װײַזט אױס אַז נײן — ענטפערט די מאַמע פאַרזאָרגט — זי קוקט אױף מיר מיט אירע גרױסע קוקערס. זײ גלאַנצן אַז אַ שרעק!

דער טאַטע װערט פון די װערטער שרעקלעך צעקאָכט. ער זעצט זיך אױף אױפן בעט און נעמט אױפגערעגט שרײַען און שעלטן און װי עס איז זײַן טבע, טרײַבט ער אַ סך איבער:

— אַז אַכציק שװאַרץ־יאָר אױף זײ! אַז פאַרסמט זאָלן זײ װערן! אַ מגיפה זאָל אױף זײ קומען! זײ האָבן מיר אומגליקלעך געמאַכט, חרוב געמאַכט מײַן שטוב! — פאַרברעכט ער פאַרצװײפלט מיט די הענט און קנאַקט נערװעז מיט די פינגער — אײן קינד פאַרקילט, קראַנק געמאַכט, גאָט װײסט װאָס עס װעט דערפון װערן. די צװײטע איבערגעשראָקן, צערודערט אַז זי „זשאַרעט" זיך אַזש

פון שלאָף. די גרויסע אינגאַנצן צערודערט, זי קאָן נעבעך מיט קיין אויג נישט צומאַכן און מאַטערט זיך אַ גאַנצע נאַכט אָן שלאָף.

און וואָס איז דען פאַר אַ חידוש? אַז אינמיטן העלן טאָג באַפאַלט מען דעם טאַטנס שטוב, גלייך ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן אַ פערד־גנב. זיי שרייען, טופּען מיט די פיס, באַליידיקן און איזדיעקעווען זיך, שלעפּן אַוועק חפיצים פון שטוב, צעפּראַלן טיר און טויער און לאָזן אָן אַ קעלט, ווי אין אַ „פּסאַרניע״. דעם זייגער האָט ער אַראָפּגעשלעפּט, צוזאַמען מיט אַ שטיק וואַנט. דער מאַמעס לייכטער האָט דער חזיר צוגענומען — שרייט אויס דער טאַטע מיט אַ וויינענדיק קול — פייגל, פאַרוואָס קומט דאָס מיר? פאַרוואָס דאַרף מען זיך אַזוי נוקם זיין אין מיר? וואָס פאַר אַ שלעכטס האָב איך דער שטאָט געטאָן? מיט וואָס בין איך ערגער פון אַן אַנדער אַרבעטער? האָב איך דען געזינדיקט דערמיט וואָס איך בין אַ כלי־קודש? דאָס זאָג איך דיר פייגל, קאָן געמאָלט זיין נאָר אין טאַלנע. איך פאַרזיכער דיר פייגל, אַז אין אַן אַנדער שטאָט וואָלט אַזוינס נישט פּאַסירט. ווי באַליידיקט מען דאָס אַזוי אַ „דוכאָוונע ליצא״? — שרייט דער טאַטע אַן אויפגערעגטער דערפון וואָס די מאַמע ענטפערט אים נישט. — דאָס אַלץ איז דערפאַר, וואָס די שיינע באַלעבאַטים, די רעדל־פירער, זענען כל־בו, וואָס אין דער קאָרט. זיי און נאַטשאַלסטוואָ זענען איין־און־דער זעלבער גנב, עמי־הארצים, גראָבע יונגען, הולטאַיעס און פּראָצענטניקעס. דאָס זענען אונדזערע באַלעבאַטים. מיר האָבן זיי פיינט, ווייל איך חבר זיך נישט מיט זיי, חנפע זיי נישט. איך קאָן נישטליידן זייערע שמד־שטיק. אָבער האָרעווען, האָרעווע איך. מיין אַרבעט טו איך. טאָ וואָס האָבן זיי צו מיר?

יהודית הערט זיך צו פון איר געלעגער צו דעם טאַטנס רייד און שמייכלט איראָניש: — ווי ווייט איז דער טאַטע פון דער אמתער סיבה, פון איר וואָך זיין אין דער שפּעטער נאַכט־שעה. ער האָט אַ טעות, מיינענדיק אַז זי איז נאָך נישט איינגעשלאָפן. די נאַכט, פונקט ווי אַלע נעכט, איז זי איינגעשלאָפן באַלד, זי האָט זיך אָבער אויפגעכאַפּט פון משהלעס הוסטן; זי האָט זיך אויפגעכאַפּט אַ דערשראָקענע און נערוועזע פון דעם חלום, וואָס זי האָט געהאַט. ווען זי האָט דערהערט דעם קליינעם הוסטן, האָט זי געטראַכט, אַז דער קליינער איז שטאַרק קראַנק און אַ צעטומלטע, נאָך אונטערן איינדרוק פון חלום, דערזעט זי, ווי די מאַמע שטייט אַ באָרוועסע און טרינקט קאַלט וואַסער. האָט זי זיך נישט געקאָנט באַהערשן און גענומען שרייען חוצפהדיק אויף דער מאַמען. — וואָס קאָן זי טאָן? אַז זי איז אַ כעסנטע, געראָטן אין טאַטן. עס איז נישט דאָס ערשטע מאָל וואָס זי זידלט אָפּ דער מאַמען און האָט באַלד חרטה. קיינער ווייסט אָבער נישט פון איר חרטה. דעריבער האָט זי אין שטוב אַ שם אַלס אַ שלעכטע. זי ווייסט

בישט צי די „גוטע" וואָלטן געוועזן פעיִק אַזוי פיל זיך „זשערטעווען" (מקריב זיין) פאַר דער פאַמיליע, ווי זי מיט איר טאַלאַנט.

זי ליגט פאַרטראַכט מיט גלאַנציקע אויגן און לייגט נישט קיין אַכט אויף דעם טאַטנס טענהס. איר איז גוט באַקאַנט דאָס גאַנצע לידל, ווען ער הייבט אָן מיט זיינע פּראָטעסטן און פּעסימיזם, קאָן אים קיינער נישט איבערשפּאַרן. זי ווייסט, אַז ער איז פאַרביטערט און קראַנק און ווי יהודית מיינט, איז ער אַ „שטאַרקע פּערזענלעכקייט". אַ שאָד וואָס איר פּאַסט נישט צו דערציילן אים איר היינטיקן חלום.

זי ווייסט, אַז ער האָט אַ גאַנצע טעאָריע פון „באַוווסטזיין און הינטערבאַ־ווּסטזיין". זי שמייכלט נישט ווילנדיק, ווען זי טראַכט, ווי אירע חברטעס וועט געפעלן ווערן איינער אַ וווּנדערבאַרער חלום אירער.

איר האָט זיך געחלומט, אַז זי זעט פאַר זיך דעם ריזיקן זאַל, מיט די לאָ־זשעס און גאַליאָרקע פון דעם קיעווער „אָפּערע־טעאַטער", פּונקט ווי זי האָט אים געזען, ווען זי איז דאָרטן געווען מיט דעם פעטער מאיר און מיט סאָניען דעם פעטערס טאָכטער. אין חלום איז זי דאָרטן געווען, אַליין און נישט אין זאַל, נאָר אויף דער סצענע. זי האָט געטראָגן אַ ווייס אַטלאַסן קלייד, מיט אַ לאַנגער שלעפּ. דער האַלדז און די אָרעמס זענען געווען אַנטבלויזט. אויפן האַלדז האָט זי געטראָגן פּערל און אויפן האַרצן גרויסע פינקלענדיקע ברילליאַנטן, די אָרעמס מיט בראַסליעטן און פינגערלעך מיט גלאַנצנדיקע איידלשטיינער אויף די פינגער. אויפן קאָפּ אַ קרוין פון בלומען און פון די שיכלעך האָבן אַראָפּגעגלאַנצט ברי־ליאַנטן.

זי האָט געזונגען און מאָדנע לייכט האָבן זיך די קלאַנגען אַרויסגעריסן פון איר האַלדז און זיך צעטראָגן איבער די ווייטקייטן. ווען זי האָט געענדיקט זינ־גען, האָט דער גרויסער עולם געשטורעמט, געפּאַטשט מיט די הענט, געטופּעט מיט די פיס און געשריגן פאַר באַגייסטערונג: זי, אַ שטאַרק בלאַסע, מיט גרויסע גלאַנצנדיקע אויגן האָט געהאַלטן איין האַנט ביים האַרצן און מיט דער צווייטער דעם שלעפּ פון דער קלייד און זיך טיף געבויגן און גענייגט.

נאָך דעם האָט זי זיך אויסגעדרייט מיט דעם פּנים צו דער בינע און מאָדנע, זי האָט זיך גאָר געפינען אין דעם טאַלנער פאָלקס־טעאַטער פון דער „טשיינע". זי האָט פאַר זיך געזען די גוט באַקאַנטע „סצענע" מיט דער פּיאַנע, מיט דעם סופליאָרס בודקע. די ביבליאָטעקאַרשע מיט דעם שיטערן קובליק, זיצט ביי דער פּיאַנע און שפּילט און לעבן דער פּיאַנע אויפן דיל, שטייט איינער פון דער מאַמעס לייכטער און אין אים ברענט אַ דיק, ווייס ליכט.

— נאַסטאַסיאַ מאַטווייעוונאַ — שרייט זי אויס אַ דערשראָקענע — ווער האָט דאָס אַנידערגעשטעלט דאָס ליכט אויף דער ערד? מען טאָר דאָס נישט. עס איז אַ שלעכטער סימן.

— פאַרוואָס? — פרעגט יענע אַ פאַרוואונדערטע.

— ביי ייִדן שטעלט מען ליכט צו קאָפּנס פון אַ מת — ענטפערט יהודית.

זי, יהודית, וויל אויף גיך אויפהייבן דעם לייכטער. איז ער אָבער אַזוי שווער, אַז זי קאָן אים אַפילו נישט רירן פון פלאַץ. בעט זי דער ביבליאָטעקאַרשע, אַז זי זאָל איר העלפן אים אויפהייבן, לאַכט יענע זיך אויס. — ווייזט אויס — טראַכט יהודית — אַז מען קלינגט איז חגא, מען זאָגט אַז זי איז אַ שונא פון ייִדן, איז דאָס אַפּנים אמת.

וויל זי שוין אַליין, אויף גיך, כאָטש אויסלעשן דאָס ליכט, אָבער אַנשטאָט זיך פאַרלעשן, צעפלאַקערט זיך דאָס פייער, פון איר בלאָזן, אַלץ העלער און העלער. די אַלטע מויד, מיט דעם שיטערן קובליקל לאַכט און זאָגט דערביי: „קיינמאָל וועט זיך דיר נישט איינגעבן צו פאַרלעשן דעם פאַקל פון קונסט"...

יהודית וויל זיך פאַרטראַכטן וועגן חלום, אָבער דער טאַטע מיט זיין קרעכצן און קלאָגן זיך שטערט איר.

די מאַמע האָט זיך פאַרעקשנט. זי האָט זיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער וואַנט, זיך איבערגעדעקט מיט דער פערענע איבערן קאָפּ און פעסט באַשלאָסן נישט צו ענטפערן דעם טאַטן קיין איין וואָרט אויף אַלע זיינע אָנפאַלן. איר איז באַפאַלן אַ חשק צו שלאָפן (עס איז שוין דוכט זיך צייט. עס טאָגט שוין) און אין דעם מאָמענט פילט זי זיך נישט בכוח אים איבערצושפאַרן. זי טראַכט אָבער מיט חוזק, אַז דער רבונו של עולם האָט באַשאַפן דעם מאַנסביל אַזוי, אַז ער איז געגליכן צו אַ קליין קינד. דוכט זיך אַז שמאי איז אַ חכם, אַ בן־תורה און רעדט פון דעסטוועגן אַזעלכע נאַרישקייטן.

דאָס אַלץ וואָס זי זאָגט אים, ווייסט ער, פאַרשטייט זיך, אַליין. אים איז אָבער גרינגער, אַז זי שפּאַרט זיך מיט אים. ער קלאָגט זיך, אַז עס איז אים שלעכט און איר איז דען גרינגער? אַוודאי איז אַ ווייטיק צו צאָלן שטראָף. און באַזונדער, איז מען היינט אָפּגעקומען מיט אַ צענערל, אָבער ווער ווייסט וואָס עס וועט זיין מאָרגן? כאָטש צוריק גערעדט, ווער קאָן זיך דאָס באַוואָרענען פאַר דעם וואָס דער רוח דאַרף צונעמען? זי האָט היינט גענוג אַוועקגעלייגט דאָס האַרץ. זי פילט דאָס גוט. דאָס האַרץ איז נישט פון קיין שטיין. נאָר אויב עס איז חלילה באַשערט געוועזן אַז עס זאָל איינער ווערן שלאַף, אָדער עס האָט געדאַרפט עפּעס געשען מיט איר מאַן, אָדער מיט אַ קינד פון דאַ, צי מיט אַ קינד פון דער פרעמד, צי מיט אַן אייניקל — זאָל דאָס זיין אַן אָפּקומעניש.

עס ווילט זיך פּשוט לאַכן פון זיינע רייד. טענות האָט ער. דער בעל־טאָקסע שפּילט אין קאָרטן. וואָס דען זאָל אַזאַ געגאָלטע מאָרדע טאָן? — לערנען משניות? דער פּריסטאַוו שיכורט — זאָל ער אפשר זאָגן תהילים? אַז שמאַין פאַרגלוסט זיך עפּעס — טראַכט זי שוין אַ האַלב־שלאָפנדיקע — האָט ער אַפילו טענות צו רב משה ישעיהס, כאָטש ער אַליין אָנערקענט אַז ער איז אַ ייִד אַ למדן, אַ געזונ־טער קאָפּ, געפעלט אָבער נישט שמאַין, הלמאַי ער לייט געלט אויף פּראָצענט. אַזאַ איינפאַל! וואָס דען זאָל ער טאָן, אויב דאָס איז זיין פּרנסה? — אַ טשודנער מענטש מיין מאַן. דאָס ערגסטע פון אַלץ האָט ער פיינט אַ פּראָצענטניק.

מיר געפעלט גראָד יאָ, וואָס דער טאַטע רעדט. עס טומלט זיך אין שטוב אין מיטן דער נאַכט און איך בין וואַך. איך האָב פאַר קיינעם קיין מורא נישט. מיט זיינע רייד צעטרייבט דער טאַטע אַלע בייזע, ביינאַכטיקע גייסטער, וועלכע קומען מיר שרעקן. איצט איז מיר אנגענעם און וואַרעם און איך בין צופרידן, וואָס איך וועל לעבן ביז 120 יאָר.

יהודית שלאָפט שוין. איך זע פון מיין געלעגער, ווי זי שלאָפט רויִק און איי־נע פון אירע פאַרפּלאָנטערטע צעפּ הענגט זיך אַראָפּ.

דער טאַטע שרייט פּלוצלינג אויס:

— פייגל! פייגל! דו האָסט באַמערקט דער קליינער דעם היינטיקן טאָג, ווי זי איז אַרומגעגאַנגען אַ צערודערטע? איך בין דיר ערוב, אַז עס האָט זיך איר איינגעקריצט אין מוח און עס וועט איר פאַרבלייבן אין זכרון אויפן גאַנצן לעבן, די מעשה מיט די לייכטער — גיט צו דער טאַטע מיט אַ קרעכצנדיק קול.

און די מאַמע ענטפערט אויף דעם אַ האַלב־פאַרשלאָפענע:

— נו, איז וואָס? ווו שטייט דאָס געשריבן, אַז זי מוז דווקא פאַרגעסן איר מאַמעס לייכטער?...

